# קאפיטלען געשיכטע

ח. ש. קאפעלאוויטש

## צו דער געשיכטע פון ווילייקע

אויף די שליאַכן פון ווייסרוסלאנד, אויף דער רעכטער זייט פון דעם טייך ווילִיע, אין א מרחק פון 140 קילאמעטער פון ווילנע, ליגט די קרייז־שטאָט ווילייקע.

מעגלעך, אז דער נאָמען פון דער שטאָט שטאמט פון דעם טייך ווילִיע, אָדער נאָך א ביי־טייך פון ווילִיע מיטן נאָמען – ווילענקא. די שטאָט האָט מען אויך גערופן: גרויס־ווילייקע, אלט־ווילייקע, כדי אונטערצושיידן פון ניי־ווילייקע, וועלכע ליגט 9 ק"מ פון ווילנע און אין געווען באוווסט אין רוסלאנד מיט איר שפיטאל פאַר גייסטיק־קראנקע.

ווילייקע איז, לויט די אלטע רוסישע ענציקלאָפעדיעס, נאָך דער צווייטער צעטיילונג פון פוילן, אריבער אין 1793 צו דער הערשאפט פון רוסלאנד און איז אנערקענט געוואָרן אין 1795 אלס קרייז־שטאָט פון מינסקער גובערניע, כאָטש איר באפעל־קערונג איז געווען א סך קלענער פון די ארומיקע שטעטלעך. אין 1842־טן יאָר גייט זי אריבער צו ווילנער גובערניע. די באפעלקערונג איז אין 1797 באשטאנען פון 1239 איינוווינער, פון זיי: 926 יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין 187 הילצערנע הייזער. ווי עס האָבן דערציילט די זקנים פון שטאָט, איז די קייסערינע יעקאטערינא די גרויסע דורכגעפאָרן אין יענע יאָרן דורך ווילייקע. די פרעכטיקע לאנדשאפט, פון וועלדער און דעם טייך זענען איר זייער געפעלן געוואָרן, און זי האָט באשטימט ווילייקע אלס קרייז־שטאָט. לויט איר אָנווייזונג איז געמאכט געוואָרן דער אלגעמיינער פלאן פון שטאָט, לויטן מוסטער פון די גרעסערע, נייע, מאָדערנע רוסישע שטעט, מיט פיר־קאנטיקע, גלייכע, ברייטע פאראלעלע גאסן און א שטאָט־גאָרטן אין צענטער, מיט א קלוב פאר די צארישע באאמטע.

אלס קרייז־שטאָט האָבן צו איר געהערט 29 גמינעס, און די ארומיקע שטעטלעך ווי: מאלאדעטשנע, לעבעדאווע, קראס־נע, הארַאדאָק, ראדאשקאוויטש, קורעניץ, דאלהינאוו, רעטש־קע, איליע, וויאזן, דונילאוויטש און מיאדל. ווילייקע איז געווען פאַרבונדן מיט ווילנע—קאָוונע דורך דעם טייך ווילִיע, און מיט גאנץ רוסלאנד דורך דער באן־ליניע, וועלכע האָט געהייסן: ליבאווא־ראָמני, און איז דורכגעגאנגען דורך מאָ־לאדעטשנע, 21 קילאמעטער פון ווילייקע. קיין שאָסייען זענען ניט געווען, און מען איז געפארן מיט א וואגן דורך זאמדיקע וועגן – זומער, אין בלאָטעס בעת רעגנס. אין די יארן 1904–5 איז אויסגעבויט געוואָרן, די נייע באן־ליניע שעדלעץ־באלא־גאיע, וועלכע איז געגאנגען דורך ווילייקע, און פארבונדן פעטערבורג מיט ווארשע. אין די לעצטע יאָרן, פאר דער צוויי־טער וועלט־מלחמה, האָט קורסירט אן אויטאָבוס איין מאָל אין טאָג קיין ווילנע און צוריק, און צוויי מאָל א וואָך א לאסט־אויטאָ, מיט וועלכן די סוחרים פלעגן פירן זייערע סחורות.

קיין ווילייקע זענען געקומען זיך באזעצן אויך יידן פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן אין זייער צייט פון דאָרט, ווי עס ווייזן זייערע צונעמען. די ברידער יעקב און יהודה פון פיעצעשטשע (קאפעלאוויטש), נח דער ראהאטקער, דוד דער פאדוואלטשיק (קאפעלאוויטש), דער אילישטשעוויצער, דער פאניאטשיטשער, באלאשיער, כאלא־פיער.

### דער יידישער יישוב אין ווילייקע

יידן האָבן זיך באזעצט אין ווילייקע מיט א צוויי הונדערט יאָר צוריק. די זקנים האָבן דערציילט, אז דער גרויסער קאָידאנאווער בית־מדרש, איז געווען פון די עלטסטע בנינים אין שטאָט, און איז געשטאנען איבער הונדערט יאָר. ער איז געבויט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן פון 1700, ד.ה. אז דער יידישער יישוב ציילט קרוב צו צוויי הונדערט יאָר.

אין די לעצטע יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט, און די

ערשטע פון 20־טן יאָרהונדערט, זענען די קאַפּעלאָוויטשעס געווען די גרעסטע טייל פון די איינוווינער. די אַלטע לייט האָבן דערציילט, אַז ווען די רוסישע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ – אין דער צייט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן – אַז יעדער זאָל זיך אויסקלייבן אַ פאַמיליע־נאָמען, האָבן קאַפּל׳ס דריי זין זיך גענומען די פאַמיליע קאַפּעלאָוויטש, מעגלעך אַז די פאַמיליע קאַפּעלאָוויטש האָט עקזיסטירט אַסך פריער אויך אין אַנדערע שטעט פון פּוילן.

אין 1914 האָט ווילייקע געציילט ביי 3000 נפשות. אין דער צייט פון דער פּוילישער הערשאַפט, 1920–1939, איז פאַרגרעסערט געוואָרן די באַפעלקערונג ביז 4000 נפשות, פון זיי 1500 יידן. בעת דער סאָוויעטישער מאַכט אין 1940, איז ווילייקע באַשטימט געוואָרן אַלס "אָבלאַסט", און די באַפעלקערונג איז דערגאַנגען ביז 10.000 איינוווינער, צוליב דעם צופלוס פון אַנטלאָפענע פון ווילנער געגנט, און אַ סך באַאַמטע פון רוסלאַנד.

איידער די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילייקע, דעם 25.6.41, איז אַ גרויסער טייל, פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַנטלאָפן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, און אין די וועלדער, צו די פּאַרטיזאַנער. אַ דאַנק דעם האָבן זיך געראַטעוועט ביי 50 משפּחות. די איבעריקע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים, און זייערע מיטהעלפער: ווייסרוסן, ליטווינער, פּאָליאַקן א. א.. די גרעסטע מערהייט לעבנגעבליבענע, האָבן עולה געווען קיין ישראל, נאָר געציילטע האָבן עמיגרירט אין אַנדערע לענדער.

די ווירטשאַפטלעכע לאַגע

אין אַ געוויסן זין, איז די ווירטשאַפטלעכע לאַגע אין ווילייקע, געווען אַנדערש ווי אין די דערבייאיקע שטעטלעך. דאָרט האָט די באַפעלקערונג געלעבט פון מסחר, מערק, ירידים, און האַנדל מיט פּויערן. דאַקעגן אין ווילייקע, זענען קיין ירידים בכלל ניט געווען, בלויז דער וועכנטלעכער מאַרק, וועלכער פלעגט פאָרקומען יעדן דאָנערשטאָג. 2 צווייגן פון פּרנסה האָט ווילייקע פאַרמאָגט: דאָס זיינען געווען די רעגירונגס באַאַמטע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די מלוכהשע אינסטיטוציעס, ווי דאָס שטאָטישע געריכט, קרייז־געריכט, וועלכער איז געקומען פון ווילנע, שטייערן־אַמט, אַקציז, פּאָסט, פּאָליציי, די טורמע, די פּראָ־גימנאַזיע, דער גלחים־סעמינאַר א. אַ. טאָג־טעגלעך פלעגן קומען פון דער סביבה, בירגער אין די אַלע מלוכה׳שע אַנשטאַלטן, צו דערליידיקן זייערע אַנגעלעגנהייטן. דאָס איז געווען אַ מקור פון פּרנסה אין שטאָט. אַ צווייטער צווייג איז געווען דער וואַלד־האַנדל; עס זענען געווען עטלעכע גרויסע וואַלד־סוחרים, פון זיי האָבן געצויגן חיונה, אַ סך יידישע, און נישט יידישע פאַמיליעס.

איינמאָל אין יאָר פלעגט פאָרקומען דער "פּריזיוו". ער האָט זיך געצויגן אַ גאַנצן מאָנאַט. די פּריזיוואָניקעס, האָבן אַרויסגערופן אַ שרעק ביי דער יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן אַפילו אַריינגעטראָגן אַ ביסל פּרנסה אין שטאָט, אָבער אויך פּחד. זיי פלעגן זיך אָנשיכור׳ן, און זיך "מאַכן פריילעך" אויפן חשבון פון די יידן. אָבער ווילייקער בחורים פלעגן געבן דעם געהעריקן ענטפער. אגב, די אָרטיקע פּאָליציי איז געשטאַנען שטענדיק אויף דער וואַך.

די איינציקע מיל און טאַרטאַק אין שטאָט, איז אויסגעבויט געוואָרן, געציילטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַזוי ווי אין אַנדערע שטעטלעך, זענען אויך אין ווילייקע געווען: קרעמער און בעלי־מלאכות, ווי שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, שמידן, טשעסלער׳ס, און אַנדערע.

די אָרעמע קרעמער און בעלי מלאכות האָבן זייער שווער געאַרבעט, און קוים געמאַכט אַ לעבן. בלויז די צוויי שמידן האָבן ניט שלעכט פאַרדינט. דאָס רוב פלעגן זוכן סוף וואָך אַ גמילות חסד אויף באַצאָלן אַ וועקסל און מאַכן שבת.

די סיבה איז געווען אַ פּשוט״ע — די אָרעמקייט פון דער היגער דאָרפישער באַפעלקערונג, דער פּויער האָט שווער געאַרבעט, און ווייניק אַרויסגעצויגן פון זיין ערד, ווייל דער באָדן אָרום, איז געווען אַ זאַמדיקער, און האָט ווייניק תבואות אַרויסגעגעבן.

די פּראָדוקטן וועלכע דער אָרעמער פּויער פלעגט ברענגען אויפן מאַרק, זענען געווען: אַביסל קאַרטאָפל, אַ האָן, אַביסל גרינס. דער רייכערער האָט געבראַכט צום פאַרקויפן אַ מאָגערע בהמה, אַ קעלבל. פאַר דעם, האָט ער געקויפט בלויז דאָס נויטיקסטע, ווי זאַלץ, גאַזע, טאַבאַק און בוימל, און אַנדערע נויטיקע אַרטיקלען.

דער שווערער מאַטעריעלער צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט גורם געווען, אַז די יינגערע ענערגישע איינוווינער האָבן שוין אין די 70־ער און 80־ער יאָרן, פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, געזוכט וועגן, ווי אַזוי אַריבערפאָרן אין גרעסערע שטעט, איינאָרדענען זיך ביי אַרבעט, אָדער ביי מסחר. אַ טייל זענען דערגאַנגען ביז באַקו און קרים, אין דרום רוסלאַנד, און שפּעטער, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די עמיגראַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, זענען זיי אויך אַהין דערגאַנגען.

די יוגנט, וועלכע האָט געהאַט צוטאָן מיטן פּריזיוו, אָדער איז געווען פאַרמישט מיט די לינקע אָרגאַניזאַציעס, מורא האָבנדיק פאַר אַרעסטן, האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

נאָענט צו דער ערשטער וועלט מלחמה, האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע אָנגעהויבן פאַרבעסערן, אַדאַנק די שטיצע וועלכע עס האָבן אָנגעהויבן שיקן קרובים פון אַמריקע.

בענק

מיט דער הילף פון "ייקא", האָבן די קלענערע סוחרים, קליינהענדלער, קרעמער און האַנט־ווערקער, געגרינדעט אַ "פאָלקס־באַנק" אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, וווּ זיי האָבן באַקומען הלוואות. דאַקעגן די וואַלד־סוחרים, צוזאַמען מיט די קריסטלעכע גוט־באַזיצערס, האָבן געגרינדעט אַ באַנק,



אויפן מאַרק־פּלאַץ

פאר קעגנזייטיקער הילף. די דאָזיקע באנק, פלעגט לייען גרעסערע סומעס, און אויך מאכן אנדערע פינאנץ־אָפּעראַציעס, ווי דיסקאָנטירן וועקסלען א. אַ. וו.. דער ערשטער בוכהאַלטער איז געווען, דער באוווסטער פירער פון „בונד" און גלייכצייטיק א ווארימער חבד'ניק, ברוך ווירגילי כהן. (דער פעטער פון דעם געוועזענעם רמטכ"ל, יצחק רבין).

### געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַלע חברות

אין שטאָט איז געווען א חברה־קדישא, וועלכע האָט געפירט איר ארבעט פרייוויליק. צו איר האָבן אָנגעהערט, די קברנים און חברה־לוויה, וועלכע פלעגן זיך פארנעמען מיט תהילים־זאָגן ביי א נפטר, און מיט דער קבורה. איינמאָל אין יאָר, האָבן זיי געפראוועט די באוווסטע חברה־קדישא סעודה. זייערע הוצאות זענען געווען: האלטן דעם בית־הקברות אין אָרדענונג מיט א שומר און פארריכטן דעם פארקאַן.

פאַר פסח פלעגט דער רב מיט אייניקע חשובע בעלי־בתים, אַרומגיין זאַמלען מעות־חיטים, צו באַזאָרגן אָרעמע משפחות מיט מצה. דאָס רוב בעלי־בתים, האָבן געבראכט זייער צושטייער, צום רב אין שטוב. די זעלביקע האָבן פאַנאנדערגעטיילט, אויך צווישן אנשטענדיקע אָרעמע פאמיליעס כּאַרשידענע געלט־סומעס (מתן בסתר) אויף יום־טוב.

די חברים פון ביקור־חולים, און לינת־הצדק, האָבן זיך פארנומען מיט באזאָרגן אָרעמע קראנקע, מיט רפואות, אָפּטמאָל נעכטיקן ביי זיי, און באדינען זיי, אפילו ביי אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. די חברה האט געהאַט אייגענע כלים, וועלכע זי פלעגט פארלייען, קעגן א משכון, ווי א טערמאָמעטער, באַנקעס, אַ גומענעם פענכער אויף אייז און אנדערע הייל־מיטלען.

אין יאָר 1911 האָבן הרב יהודה מאשיץ און די פרוי מערל סווירסקי, געגרינדעט א חברה, מיטן נאָמען „צדקה גדולה". איר ציל איז געווען: צו פארטיילן שטיצע פאר נויטבאדערפטיקע, – באזונדערס פרייטאג, – כדי זיי זאָלן קענען מאכן אן אנשטענדיקן שבת. יעדן דאָנערשטאג, האָבן זיי געשיקט צוויי פרויען, אָדער יוגנטלעכע, איבער דער שטאָט קלייבן געלט.

די חברה „הכנסת כלה" פלעגט באזאָרגן אָרעמע מיידלעך, מיט חתונה־זאַכן: באַלעבאָסטעס פלעגן פאַר זיי פליקן פעדערן אויף קישנס. די חברה האָט אויך איינגעאָרדנט די חתונות אויף איר חשבון. אין זיי האָבן זיך באטייליקט די אנגעזעענסטע בעלי־בתים, ראשי־הקהל, מיטן רב און כלי־



מעריל סווירסקי
גבאי׳טע פון צדקה גדולה

קודש בראש. די חתונה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטאָטי־שע שמחה, מיט דרשה־געשאַנקען, כלי־זמר און אַ בדחן.

אַ ספּעציעלע חברה האָט געהאָלפן חשובע משפחות, וואָס זייער לאַגע איז געווען אַ געדריקטע. זיי האָבן באַקומען שטיצע, ביז זי האָט זיך פאַרבעסערט. אין באַזונדערע פאַלן, ווען עס איז ביי עמיצן געפאַלן אַ פערד, טריף געוואָרן אַ בהמה ביי אַן אָרעמען קצב, אָדער אַ שריפה, און אַמאָל, ווען אַ ייד איז אַריינגעפאַלן אין אַ צרה, אין גויישע הענט, האָט די חברה געגעבן די מעגלעכקייט, אַרויסצוהעלפן זיי אין די אַלע פאַלן.

### בתי־מדרשים

די עלטסטע שול, פון די דריי בתי־מדרשים אין ווילייקע, איז געווען דער גרויסער קאַידאַנאַווער בית־מדרש, וועלכער איז געשטאַנען איבער הונדערט יאָר. אין דער ער־שטער וועלט־מלחמה, איז ער אָפּגעברענט געוואָרן צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע הייזער. אויף דעם זעלביקן אָרט, איז ער צוריק, אויפגעבויט געוואָרן, נאָך דער מלחמה. דער נייער גרויסער בית־מדרש איז געוואָרן די צענטראַלע שטאָטישע שול.

אין די 60־ער יאָרן, פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, איז אויפגעבויט געוואָרן די קאַידאַנאַווער שטיבל. עס האָבן אין איר געדאַווענט בלויז קאַידאַנאַווער הייסע חסידים, לויט זייער נוסח און מנהג. אין 1915, איז די שטיבל אָפּגע־ברענט געוואָרן, צוזאַמען מיטן בית־מדרש.

אין די 70־ער יאָרן, פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָבן די ליובאַוויטשער חסידים, אויסגעבויט נעבן טייכל פלעסניאַנקע, זייער שטיבל. זי איז געשטאַנען, ביזן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט האָבן זיי דאָרט אויסגעבויט, אויך אַ געמויערטע באָד, אַ צווייטע צו דער הילצערנער באָד, וועלכע די קאַידאַנאַווער חסידים האָבן אויסגעבויט. אין 1944 — האָבן די נאַציס זי פאַר־ברענט, בעתן אָפּטרעטן פון דער שטאָט.

ביי ר׳ אשר קאַפּעלאָוויטשן דעם בירער אין הויז, אַריינגיי־ענדיק פון הויף, איז געווען אַ צימער, וואָס האָט געדינט פאַר די סלאָנימער חסידים אַלס מנין. דער מנין האָט עקזיס־טירט ביזן יאָר 1915.

אויפן זעלבן אָרט, וואו עס איז געשטאַנען פאַר דער מלחמה, די קאַידאַנאַווער שטיבל, האָבן די מתנגדים אויסגעבויט זייער שול. דער חנוכת־הבית פון דער שיינער שול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָטישן יום־טוב. עס האָט זיך אין אים באַטייליקט הרב יצחק רובינשטיין פון ווילנע, (מיטגליד פון פּוילישן סענאַט).

### רבנים

ווי עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן לויט אַלטע מקורות, איז אין ווילייקע געווען אַ רב, וועלכער האָט געהייסן ר׳ שלום אב״ד (אב בית דין) דק״ק ווילייקה. ער איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ מרדכי, דער ערשטער לעכעוויטשער רבי (אין די יאָרן 1742-1810).

שפּעטער, אין די זעכציקער יאָרן פון נייַנצנטן יאָרהונדערט, איז אָנגענומען געוואָרן ר׳ איצעלע פּערלאָוו אַלס רב, אַ קרוב פון דער קאַידאַנאַווער רביישער דינאַסטיע. ער איז געווען זייער באַליבט אין שטאָט, צוליב זיינע גוטע מידות און זיין קלוגשאַפט. מען איז צו אים געפאָרן נעמען ברכות. די הכנסה פון רב איז געווען פון פאַרקויפן הייוון.

נאָך זיין פּטירה האָט די קהילה, אין 1902, אָנגענומען דעם הרב יהודה מאַשיץ, זיין איידעם, אַלס רב אין שטאָט. הרב מאַשיץ האָט זיך גערעכנט פון די חשובע רבנים אין פּוילן. ער איז געווען דער מחבר פון ספר "מחנה יהודה" אויף מסכת גיטין. ער האָט נאָך זוכה געווען צו שטאַרבן מיט אַ נאַטיר־לעכן טויט אין יאָר 1940 ביי די סאָוויעטן און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה, אין ווילייקע.

זיין איידעם, הרב משה קליין (חנה׳ס מאַן), האָט ממשיך געווען פּסק׳ענען שאלות, און אַכטונג געבן אויף יידישקייט, אין די מעגלעכקייטן, וואָס ער האָט געקענט טאָן, ביי די סאָוויעטן. ער איז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אין זיין שטוב.

### הרב מטעם

דער געזעץ פון די 60־ער יאָרן, פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט פארפליכטעט יעדער יידישער געמיינדע, אָננעמען א רב, אָדער ווי דער עולם האָט אים גערופן – דער קאַזיאָנער רב. מיט רבנות האָט דאָס ניט געהאט צו טאָן. ער האָט ניט געדארפט האָבן קיין סמיכות אויף רבנות, און אפילו קענען לערנען. דאָך, האָבן דעם פאָסטן, אין מערסטן טייל, פארנומען חשובע מענטשן. אזוי ווי קיין געווײלטע יידישע קהילות, זענען ניט געווען, איז דער קאַזיאָנער רב, געווען דער יידישער פארטרעטער פאר דער מאכט. נאטירלעך, אז ער האָט געדארפט קענען גוט רוסיש. פאר דער מלחמה, געדענק איך, איז געווען דער קאזיאנער רב, ר׳ לייב קאפעלאוויטש. אויסער א 2 יאָר, ווען צוליב א מסירה, האָט די מאכט אים אָפּגעשטעלט אין זיין ארבעט, ביזן געריכט, וועלכעס האָט אים געפונען אומשולדיק. די 2 יאָר, איז געווען דער קאזיאנער רב, ר׳ זוסיע, דער זון פון ר׳ יצחק (גלאסנער) קאפעלאוויטש, אָבער זיין געהאלט האָט ער די 2 יאָר אָפּגעגעבן ר׳ לייבן.

די אויפגאבע פון קאזיאנעם רב איז געווען, צו רעגיסטרירן די חתונות, גט׳ן, געבורטן און פטירות פון די יידן, און איבערשיקן זיי דערנאָך אין דער שטאָט־אופראווע (מאגיסטראט). ער פלעגט אויך געבן די שבועה, די מאָביליזירטע יידן אין מיליטער יעדעס יאָר. ר׳ לייב, וועלכער האָט אויך געהאט א שיינעם קול, פלעגט מאכן יעדן שבת און יום־טוב, דעם "הנותן תשועה", פאר דעם קייסער, און זיין משפחה. ביי געוויסע צארישע פייערלעכקייטן, ווי די פייערונג פון 300 יאָר פון דער דינאסטיע ראָמאנאָוו, אין יאר 1913, איז אין שול געקומען דער איספראווניק ד.ה. קרייז־שעף, דער שעף פון דער פּאָליציי, ווי ער האָט געהייסן "נאדזיראטעל", מיט די איבעריקע "פּני", פון דער מאַכט, און דער קאַזיאָנער רב האָט זיי אויפגענומען, ווייל דער רב האָט ניט געקענט רעדן רוסיש.

אינטערעסאנט איז צו באצייכענען, אז די פּני פון ווילייקע, די קאפעלאוויטשעס, די געבאָרענע, אומגעפער אין די יאָרן 1860–1830, האָבן אלע געקענט רוסיש, זיי האָבן אלע געלערנט אין די רוסישע שטאטישע שולע. דאָס איז געווען א זעלטנהייט לגבי אנדערע יידישע שטעטלעך.

אויסערן קאזיאנעם רב, זענען ניט געווען קיין אנדערע פארשטייער פאַר דער מאכט. ער האָט באקומען א גוטן געהאלט פון דער רעגירונג, די געלטער זענען געקומען פון "קאראבאטשני סבאר". איך געדענק, אז ער האָט געהאט א שיין הויז, מיט געפארבטע דילן, געווען שטענדיק ציכטיק און שיין אָנגעטאָן, אין אַ שווארצן ראָק, אויך אין דער וואָכן. ער איז געווען א רעפרעזענטאטיווער הויכער מאן, מיט א שיינער באָרד. ער האָט אויך געלייגט אכט אויף זיין אויסערליכקייט.

### שוחטים

פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אין ווילייקע געווען איין שוחט, ר׳ יצחק קאצאוויטש. אין יאָר 1912, האָט די יוגנט פון גרויסן בית־מדרש געפאָדערט א חזן, ווי אין אנדערע ערטער. עס איז באַשלאָסן געוואָרן איינצולאדן אַ חזן־שוחט. נאָכן אָנקומען פון חזן־שוחט אין שטאָט, איז אויסגעבראָכן א מחלוקת צווישן צוויי צדדים. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז די קעגנער האָבן געבראכט א צווייטן רב פון מיאדל, הרב ענטין, דער שפּעטערדיקער מיכאלישקער רב. די קריגערייען האָבן זיך געצויגן ביז 1915 און פארשאפט אין שטאָט א סך בייז בלוט. ניט איין אנשטאלט און חברה, האָבן געליטן פון דעם.

נאָך דער מלחמה איז אָנגענומען געוואָרן אלס שוחט ר׳ שמואל לעווין, א ווילייקער זון. ער האָט געזאָגט פארן עולם א בלאט גמרא, עין־יעקב, און געווען א סך יאָרן, ביזן חורבן, דער בעל־קורא אין גרויסן בית־מדרש. ווי מען גיט איבער, האָט ער געמוטיקט די לעצטע ווילייקער יידן פארן אומקום.

אין דער זעלבער צייט, האָבן די ליובאוויטשער חסידים אויסגעהאלטן אן אייגענעם שוחט, ר׳ יונה.

### חדרים און מלמדים

ווי דער מנהג איז געווען אין יענע יאָרן, זענען אין שטאָט געווען עטלעכע חדרים מיט מלמדים. צווישן זיי – לומדים, בעלי־הסברה, מיט פעדאגאָגישע פעיקייטן, און אויך אנדערע, אָן די פעיקייטן.

יעדעס יינגל האָט געלערנט אין חדר, לפחות ביז בר־מצוה. ווער עס האָט ניט געהאט קיין מעגלעכקייט צו צאָלן דעם מלמד, האָט געלערנט אין תלמוד־תורה, וועלכע איז אויסגעהאלטן געוואָרן פון קהל, און איז געשטאנען אונטער דעם רב׳ס השגחה. יעדעס יינגל האָט געלערנט דאווענען, חומש, נ״ך און אויך גמרא. אין חדר האָט דער מלמד געלערנט שרייבן לשון־קודש. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, איז אין געוויסע חדרים אריינגעבראכט געוואָרן א לערער, וועלכער האָט געלערנט רוסיש, עטלעכע שעה אין דער וואָך. נאָך בר־מצוה, האָבן בלויז יחידים געלערנט ווייטער אין ישיבות.

אין ווילייקע, איז אויך געווען עטלעכע יאָר אין פאָריקן יארהונדערט, א ישיבה קטנה, מיט צוויי שיעורים. דער ראש־ישיבה איז געווען, ר׳ אָרע פון קורעניץ. שפּעטער, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, האָט עקזיסטירט א ישיבה קטנה, אין משך פון צוויי יאָר. דאָס רוב תלמידים, אפילו פון חסידישע פאמיליעס, האָבן נאָך בר־מצוה געלערנט אין דער "גאראדסקאיע אוטשילישטשע". דאָס איז געווען א 4־קלאָסיקע שטאָטישע שולע. די געענדיקטע, האָבן געקענט ווייטער לערנען אין 5־טן קלאס גימנאזיע. געציילטע קינדער, פון רייכע פאמיליעס, האָבן געלערנט אין גימנאזיע און אויך אין אוניווערסיטעט.

חדר מתוקן

די לערער, שמואל רודניצקי און אברהם נארמאן, האָבן אין יאָר 1908 געעפנט א חדר מתוקן, ווו זיי האָבן געלערנט עברית בעברית. דער חדר האָט עקזיסטירט נאָר איין זמן. צוליב דער קעגנערשאפט פון די עקסטרעמע חסידים, און צוליב דער קליינער צאָל תלמידים, האָט ער זיך געמוזט צומאכן.

מיידל־שולע

ווינטער 1914–1915, האָט ברוך צוקערמאן, געעפנט א העב־רעאישע מיידל־שולע, ווו ער אליין, איז געווען א לערער אויף העברעאיש, צוזאמען מיט ח. ש. קאפעלאוויטש. יהושע דימענטשטיין פון כאלאָפּי, האָט אונטעררעכט רוסיש. די שולע האָט געהאט דערפאָלג אזוי ווייט, אז הרב מאשיץ האָט גע־שיקט זיין טאָכטער לערנען אין איר. זי האָט עקזיסטירט ביז הערבסט 1915, ווען די דייטשן האָבן פארנומען ווילייקע.

שטאָט־פאַרוואַלטונג

דער שטאָט־ראט האָט געהייסן "גאראדסקאיא דומא", און איר אויספיר־אָרגאַן "גאראדסקאיא־אופראווא". לויט יענע געזעצן, האָבן יידן קיין רעכט געהאט ניט צו באטייליקן זיך אין די וואלן, און ניט אויסגעקליבן צו ווערן. בלויז דער סעקרעטאר פון דער "אופראווא" איז צופעליק געווען א ייד, מענדל פיאסטונאוויטש, א דאנק זיין שיינער האנטשריפט און באגאבטקייט אין דער ארבעט. די "אופראווא", האָט זיך פארנומען מיט די אלע אויפגאבן וואָס שפעטער האָט זיך פארנומען מיט דעם דער מאגיסטראט, ווי: ערלויבענישן צו בויען, פארדינגען די שטאטישע פעלדער, צושטעלן צו דער מיליטערישער מאַכט, יעדעס יאָר, די רשימות פון די יונגע־לייט וועלכע דארפן גיין אין מיליטער, ארויסגעבן פאספאָרטן, אָנפירן מיט דער שטאטישער ווירטשאפט און מאָנען שטאַ־טישע שטייערן, ארויסהאלטן די פייערלעשער קאָמאנדע א.א.וו..

די ערשטע וועלט־מלחמה

דעם 1־טן אויגוסט 1914 איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. עס זענען מאָביליזירט געוואָרן אויך יידישע בחורים אין דער אַרמיי. דער האַלץ־האַנדל קיין דייטשלאַנד, פון וועלכן א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג האָט געצויגן חיונה, איז גלייך אָפּגעשטעלט געוואָרן. די עקאָנאָמישע לאגע איז פארערגערט געוואָרן, איינצעלנע האָבן זיך צוגעפאסט צו דער צייט און גענומען צושטעלן פארשידענע ארטיקלען דער מיליטערישער מאכט. די יידישע באפעלקערונג האָט גלייך דערפילט די נויט פון דער מלחמה, כאָטש זי איז פאָרגעקומען ווייט פון ווילייקע.

אָנהויב זומער 1915, האָט זיך די עקאָנאָמישע לאגע שטארק פארבעסערט, אדאנק די גרויסע קניות פון דער מיליטערישער מאכט פארן מיליטער.

דער פראָנט איז געווען ווייט פון ווילייקע, און פרנסה איז געווען. דער לעבן אין שטאָט איז געגאנגען נאָרמאל. דער שטאָט גאָרטן איז געווען פול מיט שפאצירנדע יוגנט אין די אָוונטן.

ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן אז אין צוויי חדשים ארום וועלן זיין קאמפן אין ווילייקע, און די שטאָט וועט איבערגיין פון האנט צו האנט.

סוף זומער 1915 האָבן די רוסן געליטן גרויסע מפלות. די דייטשן זענען דערגאנגען ביז ווילייקע. אין סעפטעמבער האָבן זיי פארנומען די שטאָט. די אָקופּאציע האָט געדויערט א וואָך צייט. א שטארקע מיליטערישע רוסישע אָפענסיווע האָט אָפּגעטריבן די דייטשן פון שטאָט. זיי זענען געבליבן שטיין ביי סמארגאן ביז פעברואר 1917. א טייל פון דער פארמעגלע־כער יידישער באפעלקערונג איז אנטלאָפן קיין רוסלאנד. אין שטאָט זענען פארבליבן בלויז די אָרעמע שיכטן. פיל הייזער זענען פארברענט געוואָרן דורך די רוסן און פון די שלאכטן. דער איבערגעבליבענער טייל באפעלקערונג האָט געלעבט די ערשטע צייט אין שרעק צוליב די קאָזאקן.

ווען איך בין געקומען אויף א באזוך אין דער היים, אין חודש מאי 1917, אלס זעלנער פון פענזע נאָך אן אָפּוועזנהייט פון צוויי יאָר, האָב איך די שטאָט ניט דערקענט. זי איז כמעט געווען חרוב, גאנצע גאסן אָפּגעברענט. בלויז די ליובאוויטשער שטיבל איז געבליבן. ניטאָ קיין הייזער, ניטאָ קיין מענטשן, ניטאָ די פריילעכע יוגנט.

אין די יאָרן 1915—1917, האָט בכלל ניט עקזיסטירט אין ווילייקע קיין יידיש געזעלשאפטלעך לעבן. אין שטאָט זענען געבליבן א קליינע צאָל משפחות, עס האָט ניט עקזיסטירט אפילו קיין חדר, ווייל עס זענען כמעט ניט געווען קיינע קינ־דער. אין אָנהויב 1917, האָט זיך די עקאָנאָמישע לאגע אין ווילייקע פארבעסערט. דער יידישער ישוב האָט זיך פארגרע־סערט, עס זענען געווען א סך מיליטער־לייט, וועלכע פלעגן אלץ אויסקויפן. ווער עס האָט נאָר געקענט עפעס באקן, אדער פארקויפן פון האנט צו האנט, האָט פארדינט.

די פעברואר־רעוואָלוציע

די רעוואָלוציע, וועלכע איז אויסגעבראָכן אין פעברואר, 1917 האט פארשאפט א שמחה פון פרייהייט די ביסל ווילייקער יידן, ווי אלע יידן אין רוסלאנד. מען האָט אויסגעקלי־בן א פאָלקס־מיליץ, צווישן זיי עטלעכע יידן. די פרייד איז געווען גרויס, מיטן אָפּשאפן די צארישע באגרענעצונגען. עס זענען פראָקלאמירט געוואָרן וואלן צום אלרוסישן יידישן צוזאמענ־פאָר און צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג. א פארביסענער קאמף



שמחת־תורה פייערונג
פון לינקס שטייען: ש. י. נארמאן, י. סווירסקי, ד. דובין, ש. ח. דובין, ג. קאפעלאוויטש, א. קאפעלאוויטש, ד. טילעוויטש, ז. נארמאן, ה. לעווינסאן. פון לינקס זיצן: ב. נארמאן, י. טשארנע, ש. ח. לעווינסאן, ל. ד. דובין, י. לעווינסאן, משה איצ׳ע דער שמש, ס. קאליר, ש. ח. קאפעלאוויטש, ה. טראסט, ח. שאץ.

האָט זיך געפירט צווישן די פארשידענע רוסישע פארטייען: מענשעוויקעס, באָלשעוויקעס און סאָציאל־רעוואָלוציאָנערן ווי אויך צווישן די יידישע.

אין ווילייקע האָבן זיך אָרגאניזירט 2 פארטייען: די ציוניס־טישע אָרגאניזאציע מיט "צעירי ציון" בראש, און די אָרטאָ־דאָקסן, וועלכע האָבן זיך גערופן "אחדות".

איך בין דאן געווען א זעלנער און געדינט נעבן נאראטש. מיינע ווילייקער חברים האָבן מיר איינגעלאדן האלטן א רעפע־ראט אין ווילייקע, און אויפקלערן די צילן פון דעם אלרוסישן יידישן צוזאמענפאָר.

איך בין געווען א דעלעגאט פון דער ציוניסטישער אָרגאני־זאציע, צום אלרוסישן יידישן צוזאמענפאָר, געוויילט פון דער 3־טער ארמיי (זעלנער). מיינע חברים האָבן געזאָרגט, איך זאָל קענען ריידן אין דער ליובאוויטשער שטיבל. דער ערשטער מאָל, וואָס מען זאָל ערלויבן אַ ציוני ריידן אין שטיבל נעבן ארון הקודש. דער רעפעראט איז דורך אָן שטערונגען, אפשר צוליב מיינע מיליטערישע קליידער.

מיטן אויסברוך פון דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, דעם 25־טן אָקטאָבער 1917, האָט זיך גלייך פארערגערט די מאטעריעלע לאגע. די נייע מאכט האָט אָנגעהויבן קאָנפיסקירן אלץ, וואָס איז געווען אין די איבערגעבליבענע קרעמלאך. די סחורות זענען פארבאהאלטן געוואָרן, און שפעטער פארקויפט אין געהיים, פאר הויכע פרייזן. עס איז געגרינדעט געוואָרן די טרויעריק באַוווסטע "טשעקאַ", וועלכע האָט אָנגעהויבן רודפ׳ן, כלומרשט, ספעקולאַ־טן און קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן דראָהענדיק אפילו מיט טויט־שטראָף.

מיין ווילייקער שול־חבר, ברוך איזאקסאָן, סטודענט פון דער קיעווער אוניווערסיטעט, איז באשטימט געוואָרן אלס סעק־רעטאר פון ווילייקער רעוואָלוציאָנערן טריבונאל. דעם 20־טן פעברואר 1918, האָבן די דייטשן פארנומען די שטאָט אָן א קאמף. די באָלשעוויסטישע מאכט איז אנטלאָפן, די באציונג פון די דייטשן איז געווען א קאָרעקטע. זיי האָבן זיך ניט גע־מישט אין די אינערלעכע ענינים. זומער 1918, האָבן זיי בא־שטימט וואלן צום מאגיסטראט. א דאנק דער אויפקלערונג פון "צעירי ציון" וועלכע איז געווען די איינציקע פאָליטישע פארטיי אין ווילייקע, האָבן די יידן געמאכט א בלאָק, מיט די ווייסרוסן, און ניט מיט די פאָליאקן. אדאנק דעם איז אויסגעקליבן געוואָרן וואלינעץ אלס בירגערמייסטער, און אברהם סווירסקי אלס מיטגליד אין מאגיסטראט, דער ערשטער ייד, פאר די לעצטע צענדליקער יאָרן, אין דער געשיכטע פון ווילייקע, וועלכער האָט פארנומען אָט דעם אַמט.

דעם זומער האָבן זיך אומגעקערט א טייל יידישע פאמיליעס פון רוסלאַנד, און פון די אַרומיקע שטעטלעך, וועלכע זענען געווען אונטער די דייטשן פון 1915־טן יאָר. די עקאָנאָמישע לאגע האָט זיך פארערגערט, קיין סחורה פאר די קראָמען איז ניט געווען פון וואנען צו ברענגען, אויך האָבן די דייטשן ניט געזאָרגט צו ברענגען די נויטווענדיקסטע פראָדוקטן פאר דער שטאָט. א טייל פלעגט אויפקויפן פראָדוקטן, ווי צוקער און



די ברידער בערל (בושקעס) און יהודה קאצאוויטש

אנדערע לעבנס ארטיקלען, און אויך סחורות ביי די דייטשן, אָדער ביי די פויערן, וועלכע האָבן מיטן אָנקומען פון די דייטשן, באוויזן צו צערויבן די רוסישע מיליטערישע באזעס, און געפירט עס קיין רוסלאנד. א טייל האָט געהאנדלט צוביסלעך מיט די פויערן, אָדער דייטשן, אָבער די מערהייט האָט שטארק געליטן מאטעריעל.

## די ערשטע יידישע שולע

צווישן די צוריקגעקומענע, זענען געווען קינדער, אוי אביסל יוגנט. "צעירי ציון" האָט באשלאָסן צו עפענען א שולע, וועלכע איז געווען א סינטעז, פון א וועלטלעכער דערציונג, און אויך איינגעפירט לימודי־קודש. אויף עברית האָבן מיר געבראכט א לערער פון מינסק, לימודי־קודש האָט געלערנט ר׳ אברהם־זלמן לאנדא, און רוסיש – יעקב פריידוס. די שולע איז שפעטער געווען דער יסוד צו דער "תרבות" שולע. אויך איז געעפנט געוואָרן א ביבליאָטעק. די ביכער זענען אויפגעקליבן געוואָרן אין שטאָט, פון די רעשטלעך, פון דער אמאָליקער ביבליאָטעק. שטארק אקטיוו ביים גרינדן די אויבנדערמאנטע, זענען געווען: ח. ש. קאָפּעלאָוויטש, אברהם קאָפּעלאָוויטש, א. סאָלאָווייטשיק, עקיבא קאפעלאוויטש א. א.

## די סאָוויעטן אין ווילייקע 1918

אין נאָוועמבער 1918, ווען אין דייטשלאנד איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, האָבן זיי, לויט אן אָפּמאַך, מיט דער סאָוויעטישער מאכט, אָנגעהויבן אָפּטרעטן. עס האָבן זיך אומגעקערט קיין ווילייקע די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן מאכן "ארדענונג". די עקאָנאָמישע לאגע איז געוואָרן זייער א שווערע. דאָס געלט האָט אָנגעווירן זיין ווערט. עס האָט זיך אָנגעהויבן א האנדל פון בייטן בגדים, און גאלד אויף עסנווארג. אין די יידישע אינערלעכע ענינים האָבן זיך די באָלשעוויקעס דעמאלט ניט ארייגעמישט, אויך די ציוניסטישע טעטיקייט, איז ניט געשטערט געוואָרן. די יוגנט האָט אויפגעפירט עטלעכע יידישע פאָרשטעלונגען. די ביבליאָטעק האָט זיך פארגרעסערט. עס איז געווען א פרווו פון דער מאכט צו קאָנפיסקירן זי, כדי זי זאָל ווערן אן אָפּטיילונג אין דער אלגעמיינער שטאטישער ביבליאטעק, אבער זייער פארלאנג איז שארף אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דעם פארוואלטער, ח. ש. ק. א טייל פון דער יידישער יוגנט האָט געארבעט אויף שטעלעס ביי די סאָוויעטן, און אייניקע זענען אריין אין דער קאָמוניסטישער פארטיי. איינער האָט אויך געדינט אין "טשעקאַ". דער חבר ברוך איזאקסאָן איז באשטימט געוואָרן אלס יוסטיץ־קאָמיסאר פון ווייס־רוסלאנד אין מינסק. אין יענע טעג איז ארעסטירט געוואָרן אלס קאָנטר רעוואָלוציאָנער דער איליער לערער, יודל דארדאק, א חבר פון "צעירי־ציון". ווען איזאקסאָן האָט באזוכט ווילייקע אלס קאָמיסאר, האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און אים געבעטן, אז ער זאָל באפרייען מיין חבר, וועלכער איז געווען אין גרויס סכנה. אויף מאָרגן איז דארדאק באפרייט געוואָרן, צוזאמען מיט נאָך עטלעכע ארעסטירטע קריסטן. די סאָוויעטן האָבן געהערשט אין ווילייקע ביז סוף יוני 1919.

## די פוילישע מאַכט אין ווילייקע

דעם 1־טן יולי 1919 איז ווילייקע פארנומען געוואָרן דורכן פוילישן מיליטער, וועלכער איז דערגאנגען ביז קיעוו. די ערשטע שעהן, ווען די שלאַכט איז נאָך פאָרגעקומען אין שטאָט, זענען געווען געפערלעכע פאַר דער יידישער באפעלקערונג. פאר יעדן חשד פון קאָמוניזם, איז מען גלייך דערשאָסן געוואָרן. דורך א מסירה פון דעם אָרטיקן ווייסרוס קאסטיא קאליאצאוו, איז ח. ש. ק. געשטאנען אין געפאר דערשאָסן צו ווערן. איין קויל, וועלכע איז געשאָסן געוואָרן אין אים, האָט ניט געטראָפן, דערנאָך איז ער געשלאָגן געוואָרן. אָבער א דאנק א פאָליאק, פעליקס יאשצעמסקי, וועלכער איז נאָכדעם געווען סטאַראָסטאַ אין ווילייקע, איז ער געראַטעוועט געוואָרן פון א זיכערן טויט.

עס איז אריבער א שטיקל צייט. עס האָט זיך געשאפן א נאָרמאל לעבן מיט א פרייען האנדל. די עקאָנאָמישע לאגע האָט זיך פארבעסערט. עס האָט זיך איינגעשטעלט א פארבינדונג מיט אמעריקע, און די קרובים האָבן אָנגעהויבן שיקן געלט. די באציונגען מיט דער פוילישער מאכט זענען געווען קאָרעקטע. די יידישע געזעלשאפט "יעקאפא" פון ווילנע איז געקומען צו הילף דער יידישער באפעלקערונג, געשטיצט די שולע, עס האָט זיך אויך אנטוויקלט דאָס געזעלשאפטלעכע לעבן, ווי אויך די ציוניסטישע טעטיקייט.

די יוגנט וועלכע איז געווען צושפרייט אין משך פון פינף יאָר איבער גאנץ רוסלאנד, און אויף די פראָנטן, דורכמאכנדיק שווערע יאָרן, האָבן אויך גלייכצייטיק פארזוכט דעם טעם פון פרייהייט און פרייליכקייט אין די האָניג חדשים פון דער פעברואר רעוואָלוציע.

די צעירי ציון אָרגאַניזאַציע האָט געשאַפן אַ קלוב ביי קאָס־קען אין דירה, דאָרט פלעגט מען איינאָרדענען פאָרלעזונגען, פרייע שמועסן, טרינקען אַ גלאָז טיי און אַמאָל אויך טענץ. עס פלעגט אָנטייל נעמען די גאַנצע יוגנט, אָן אונטערשייד. דעם ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון ווילייקע, האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ חנוכה אָוונט מיט לאַטקעס, מיט אַ רעפעראַט מעניני דיומא. דער קלוב האָט אריינגעטראָגן פרייד און ליכט אין יוגנט, נאָך די שווערע מלחמה־יאָרן.

די אקטיוויטעט פון דער ציוניסטישער יוגנט האָט זיך אָפּגע־רופן ערשט אין 20־טן יאָר, ווען עס איז באַשטעטיקט געוואָרן אין סאַן רעמא דער מאַנדאַט אויף ארץ־ישראל.

מיר האָבן דאַן איינגעאָרדנט אַ פייערלעכער פאַרזאַמלונג אין לאָקאַל פון תרבות שול ביי קוגלען אין הויז.

מיט וואַרעמע רעדעס און אָפּשאַצונג פון דער וויכטיקייט פון די געשעענישן, איז ארויסגעטראָטן אברהם סאָלאָווייטשיק און דער שרייבער פון די שורות. מיר האָבן גערופן צו שאַפן דעם ״קרן הזהב״ לויטן באַשלוס פון דירעקטאָריום פון קק״ל. דער ערפאָלג איז געווען איבעראַשענד. דער עולם – פרויען און מענער – האָבן אראָפּגענומען פון זיך גאָלדענע פינגערלאַך, זייגערלאַך, און ווערטפולע חפצים און אָפּגעגעבן ביים פּרעזי־דיום טיש. איך געדענק דעם רושם וואָס האָט געמאַכט, ווען טעמע דינערשטיין־מאַזאָוועצקי האָט אָפּגעגעבן גאָלדערנע זייגערלאַך פאַר דעם ״קרן הזהב״. אין יאָרן שפּעטער פלעגט דער אינסטרוקטאָר פון קרן היסוד ה׳ גערבאַווסקי, זיך ווענדן צו די ווילייקער עסקנים, העלפן אים דורכפירן זאַמל־אַקציעס פאַרן קרן היסוד, אין די דערבייאיקע שטעטלאַך, ווי דאָלהינאָוו, א.א. און אפילו אין לידע.

״יעקאפא״

אין סעפּטעמבער 1919 איז פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון יעקאפא. 83 דעלעגאַטן פון ווילנער געגנט האָבן זיך באַטייליקט אין איר, צווישן זיי ח. ש. קאָפּעלאָוויטש אַלס דעלעגאַט פון ווילייקע, וועלכער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד אין ראַט פון געגנט קאָמיטעט. אין דער זעלבער צייט האָט ״יעקא־פּא״ באַשטימט פאַר קינדער באַשפּייזונג פּראָדוקטן, וועלכע מען האָט יאָרן ניט אָנגעזען, ווי קאַקאַאָ, קאָנדענסירטע מילך, רייז און ווייסע מעל. היות די באַנען זענען ניט געגאַנגען רעגו־לער, האָב איך געמוזט פירן די פּראָדוקטן מיטן פור, אין משך פון 2 מעת־לעת פון ווילנע.

אין ווילייקע איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט, פון פאָלגענדע מיטגלידער: ר׳ יהודה פריידוס – פאָרזיצער, ר׳ אליהו לייב זאַגאַרמיסטער – קאַסיר, ח. ש. קאָפּעלאָוויטש אַלס סעקרעטאַר, און ר׳ שלמה גורוויטש און אברהם קאָפּעלאָוויטש אַלס מיטגלידער.

דער קאָמיטעט האָט געעפנט אַ קיך פאַר די קינדער, ווו זיי פלעגן באַקומען 2 מאָל אין טאָג עסן, אַלס פאַרוואַלטער האָבן מיר איינגעלאַדן יהודה קאַצאָוויטש, מיין מאַמע האָט אָפּגעגעבן אַ צימער אָן באַלוינונג.

עס זענען געווען געציילטע בכבוד׳יקע משפחות, וועלכע האָבן פשוט געליטן הונגער. איך מיט ר׳ אליהו לייב׳ן האָבן באַשלאָסן אויסצוהעלפן די משפחות מיט פּראָדוקטן אַלס ״מתן בסתר״.

די הילפס ארבעט פון ״יעקאפא״ איז אָנגעגאַנגען ביז יוני 1920, ווען די סאָוויעטן האָבן פאַרנומען די שטאָט, גייענדיק פאַרנעמען וואַרשע, און האָט זיך צוריק באַנייט מיטן פאַרנעמען פון ווילייקע צום צווייטן מאָל דורך די פּאָליאַקן.

ה׳ חיים קאָפּעלאָוויטש באַשטעטיקט אַלס דעלעגאַט פון ״יעקאפא״ קאָמיטעט


KOMITET
Krajowy Żydowski
Pomocy Ofiarom Wojny
„EKOPO"
m. WILNO.
1. X. 1919 r.
№ 557/2.

Poświadczenie

Niniejszym zaświadcza się że p. Chaim Kopeliowicz w m. Wilejka faktycznie jest współpracownikiem Komitetu Krajowego Żydowskiego Pomocy Ofiarom Wojny w Wilnie jako Członek Komitetu

Komitet prosi wszystkie Władze i Instytucje okazywać wszelką pomóc i opiekę p. Ch. Kopeliowiczowi przy spełnianiu przez niego swych obowiązków.

W-2.

שבועות 1920, איז געווען זייער א שיינער טאָג. פלוצלונג, האָט דאָס פוילישער מיליטער גענומען זיך צוריקציהען. דאָס גיכע אָפּטרעטן איז געקומען, ווייל גענעראל טוכאטשעווסקי האָט דורכגעריסן דעם פוילישן פראָנט און איז געגאַנגען פאָראויס פארנעמען ווארשע. אָבער, דער שנעלער צוריקמארש האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פּאָליאקן זענען פארבליבן נאָך 3 וואָכן אין ווילייקע. עס זענען פארבליבן נאָר די מיליטערישע מאכט און די זשאנדארמעריע. מען האָט מורא געהאט פארן אָפּטרעטנדיקן מיליטער. צום גליק זענען די דריי וואָכן אריבער רויק. די לעצטע נאכט פאר זייער אוועקגיין, האָבן אלע יידן זיך באהאלטן אין די קעלערס.

נאָך האלבן טאָג איז אריין פון קורעניצער זייט א שטארקע סאָוויעטישע ארמיי, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אין ווילייקע, האָבן זיי מארשירט דורכן טייך (דער בריק האָט געברענט) ווייטער קיין מאלאדעטשנע. אין שטאָט האָט זיך געגרינדעט אן ארטיקע ציווילע סאָוויעטישע מאַכט, אייניקע יידישע בחורים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער פארטיי. ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע טעג פון הונגער און נויט. די פּויערן האָבן ניט געוואָלט פארקויפן זייערע פּראָדוקטן פאר געלט, נאָר בייטן קעגן אנדערע זאכן, ווי: זאלץ, בגדים, וועש, שוכווארג. די סאָוויעטישע מאכט האָט לאנג ניט אָנגעהאלטן, און אין אָקטאָבער 1920 האָבן די פּאָליאקן ווידער פארנומען די שטאָט. נאָכן ריגער שלום־אָפּמאך מיט די סאָוויעטן, האָט זיך איינגעשטעלט דער רוסיש־פוילישער גרעניץ, בערך 30 קילאָמעטער פון ווילייקע. דאָס איז געווען דער 7־טער מאָל, וואָס די מאכט האָט זיך געביטן אין ווילייקע, אין משך פון די מלחמה יאָרן, פון ענדע יאָר 1915 ביזן ענדע יאָר 1920. יעדעס מאָל האָט די יידישע באפעלקערונג איבערגעלעבט שרעק און צרות.



ש. ח. דובין

# די שטאָט אין איר גלאַנץ און חורבן

### די יידישע באַפעלקערונג

עס איז גאַנץ ווייניק באַוווסט וועגן דער אַנטוויקלונג פון ווילייקע אין פאַרלויף פון גאַנצן 19־טן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען אַ רויקע, שטילע פראָווינציעלע שטאָט מיט אַ קליינער יידישער באַפעלקערונג. די גאַנצע שטאָט האָט געציילט ניט מער ווי אַ פאָר טויזנט נפשות, מערסטן ווייסרוסן און אַ קליינער טייל פאָליאַקן. האָט פאַרמאָגט אַ קליינער צאָל נאַפט לאָמפן, וועלכע האָבן באַלויכטן אַ טייל פון אירע גאַסן.

אין ווילייקע האָט געהאַט זיין שטענדיקן זיץ אָרט דער צאַרישער לייטער פון קרייז – דער איספראַווניק. איך געדענק גוט דעם לעצטן איספראַווניק, מען האָט אים גערופן ווישניעווסקי. איך דערמאָן זיך ווי ער פלעגט שפאַצירן אין די נאָכמיטאָג־שעה׳ן אין די הויפט גאַסן פון שטאָט אין זיינע אָפיציעלע קליידער מיט אַ שטעקן אין האַנט און מיט אַ גרויסן הונט ביי דער זייט.

איך געדיינק דעם בלינדן שטייער אינספעקטאָר פון קרייז. זיין גאַנצער שטאַב איז באַשטאַנען פון 2 נידעריקע אָנגעשטעלטע. איינער פון די חשוב׳סטע פאָרשטייער פון דער צאַרישער מאַכט איז געווען דער פרעדוואַדיטעל דוואָריאַנסטוואָ – דאָס הייסט דער הויפט־פירער פון די אַדעליקע. זיין נאָמען איז געווען באַראַזדין. ער איז שטענדיק געווען דער פאָרזיצער פון דער מאָביליזאַציע קאָמיסיע צום מיליטער. אין שטאָט געריכט איז געווען איין ריכטער מיט אַ סעקרעטאַר, אויף דער באַן סטאַנציע פלעגט חוץ דעם נאַטשאַלניק דערשיינען דער צאַרישער זשאַנדאַרם, אין זיין אָפיציעלן מונדיר באַ יעדן דורכפאָר פון פאַסאַזשיר־צוג. די פאָסט און טעלעגראַף לייטונג פלעגט באַדינען די שטאָט און אַרומיקע געגנט.

עס איז אויך געווען אַ קליינע טעלעפאָן סטאַנציע וועלכע האָט געהערט צום קאַטאָלישן קלויסטער. זי איז געווען פאַרבונדן מיט איינעקע שטעטלאַך.

אויפן באַרגיקן באָדן סוף נאַראָטשער גאַס איז געשטאַנען די 3 שטאָקיקע געביידע, די באַוווסטע ווילייקער טורמע, וועלכע האָט זיך געזען פון דערווייטנס.

תשעה־באב 1914 איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. פיל יידן זענען מאָביליזירט געוואָרן. די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך מיט אַמאָל פאַרערגערט. אַלע גרעסערע און קלענערע סוחרים, וועלכע האָבן געהאַט צו טאָן מיטן מסחר פון וואַלד, האָבן מיטאַמאָל פאַרלאָרן זייער פרנסה. הערבסט 1915, נאָך די גרויסע רוסישע מפלה אויפן מזרח־פראָנט, האָט זיך דער פראָנט דערנענטערט צו אונדזער שטאָט. דער פחד פאַר די קאָזאַקן, וועלכע האָבן געבושעוועט אין די אַרומיקע שטעטלעך, איז געווען זייער גרויס און כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזן די שטאָט. דער גרעסטער טייל איז אַוועק דורך קורעניץ אין די דערפער. ערב יום כפור 1915 אין מיטן דער נאַכט איז אַריין די דייטשע קאַוואַלעריע קיין ווילייקע. ווען מען האָט זיך אומגעקערט, האָט מען געפונען די שטאָט פאַרברענט. עס זענען געבליבן נאָר איינצעלנע הייזער אין די עקן פון דער שטאָט. די דייטשן זענען אָפגעטראָטן און דער פראָנט האָט זיך אָפגעשטעלט ביי סמאָרגאָן. אַ טייל פון די ווילייקער היימלאָזע זענען פאַרבליבן ביי די דייטשן. די מערהייט אָבער איז אַוועק קיין מינסק, פאָלטאַווע, חאַרקאָוו און אַנדערע. אונדזער משפחה און נאָך איינעקע געציילטע פאַמיליעס, זענען פאַרבליבן אין שטאָט, און אַזוי אַרום אָפגעוועזן פולע 2 יאָר, אַ 25 – 30 קילאָמעטער פון דעם הויפט־פראָנט.

דורך ווילייקע פלעגן דורכפאָרן טויזנטער סאָלדאַטן אין דער ריכטונג צו דעם פראָנט, ווי אויך ציווילע בירגער פון פאַרשידענע פעלקער: קאַזאַכן, טאַטאַרן און אוזבעקן, וועלכע מען האָט געשיקט צו דעם פראָנט, גראָבן אָקאָפעס. ביינאַכט פלעגט מען זען די דייטשישע אַעראָפלאַנען מיט די ראַקעטן, וועלכע האָבן באַלויכטן דעם הימל. טאָג־טעגלעך פלעגן דערגיין פון דעם פראָנט די דונערן פון דער אַרטילעריע. אין שטאָט איז ניט געווען קיין ציווילע מאַכט, נאָר אַ מיליטערישער קאָמענדאַנט. עס איז אויך געווען טעטיק אַ גרויסער פעלד־שפיטאָל פאַרן גאַנצן סמאַרגאָנער פראָנט.

### ווילייקע אין די טעג פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע 1917

אַזוי ווי די שטאָט איז געווען נאָענט צו דעם מערב־פראָנט און אין פאַרלויף פון 30 מאָנאַטן אין רשות פון דער מיליטערישער מאַכט, זענען די וויכטיקע היסטאָרישע נייעס וועגן דער אַבדיקאַציע פון צאַר ניקאָלאַי דערגאַנגען צו דעם פראָנט מיט אַ פאַרשפעטיקונג פון איינעקע טעג. די צאַרישע מיניסטאָרן האָבן נאָך געהאָפט, אַז אַלץ וועט זיך פאַרענדיקן פונקט ווי אין 1905. די צייטונגען "רוסקאיע סלאָוואָ" פון מאָסקווע און "פעטערבורגסקי ויעסטניק", וועלכע מיר פלעגן באַקומען רעגולער יעדן טאָג, האָבן מיר פלוצלונג אויפגעהערט צו דערהאַלטן. עס זענען אַדורך איינעקע טעג און אין ווילייקע זענען אָנגעקומען די ערשטע צייטונגען וועגן דער אַבדיקאַציע, מיטן מאַניפעסט פון דעם נייעם מיניסטער־פרעזידענט פירשט לוואָוו. עס איז שווער צו באַשרייבן די גרויסע שמחה, וועלכע האָט באַהערשט די גאַנצע באַפעלקערונג אָן אויסנאַם. אין שטאָט

זענען אַריין אייניקע טיילן פון מיליטער, וועלכע האָבן דערקלערט זייער טרייקייט צו דער צייטווייליקער רעגירונג. די צאַרישע זשאַנדאַרמען זענען געוואָרן באַזייטיקט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס־מיליציע, צווישן זיי אויך פיל יידן.

אַ ביסל שפּעטער, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלעקסאַנדער קערענסקי אַלס פּרעמיער־מיניסטער. איך געדענק דעם טאָג, ווען ער איז אָנגעקומען קיין ווילייקע און איז אַרויסגעטראָטן אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען פון אָפיצירן און סאָלדאַטן. ער האָט געפּרעדיקט צו פירן די מלחמה ביז אַן אַנטגילטיקן נצחון. עס זענען פּראָקלאַמירט געוואָרן וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער אויפרוף פון דער צייטווייליקער רעגירונג, וועלכע האָט אָנערקענט די גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע רוסישע בירגער אָן אונטערשייד פון ראַסע און גלויבן. גרויס איז געווען די שמחה פון די יידן. די תקופה פון קערענסקיס רעגירונג איז געווען אין אַלגעמיין אַ פרייע, אָבער ניט קיין רויקע. עס האָט זיך צעפלאַקערט דער וואַל־קאַמף איבער גאַנץ רוסלאַנד ווי אויך צווישן די סאָלדאַטן אויף די פראָנטן. דער עיקר מחלוקת איז געווען צווישן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען: מענשעוויקעס, באָלשעוויקעס און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. פאָרשטייער פון די צענטראַל־קאָמיטעטן פון אַלע פאַרטייען האָבן געפירט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע. אויף דער יידישער גאַס איז געפירט געוואָרן דער וואַל־קאַמף צווישן דער ציוניסטישער פאַרטיי און "בונד". אַזוי האָט געדויערט ביז אָקטאָבער 1917. איך געדענק די פאַרזאַמלונג פון די פראָנט־סאָלדאַטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין קלוב פון שטאַטישן פּאַרק, אין וועלכער איך בין אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע און פאַרטיידיקט די קערענסקי־רעגירונג. איך בין דעמאָלסט דערשינען אַלס אַ ציוניסט.

### אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע

די ווילייקער יידן האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט שווערע טעג. פון סמאַרגאָנער און נאַראָטשער פראָנט, האָבן גרופּעס זעלנער פאַרלאָזט זייערע פּאָלקן נאָכן נוקם זיין זיך אין די צאַרישע אָפיצירן, און געקומען אין די נאָענטע שטעט, געשפּרייזט איבער די גאַסן און אָן פּחד גערויבט, וואָס זיי האָבן געקענט.

דאָס האָט געדויערט אייניקע מאָנאַטן. די באָלשעוויסטישע מאַכט אין מינסק האָט אָנגענומען מיטלען קעגן דעם. קיין ווילייקע פלעגט אָנקומען יעדן טאָג די סאָוויעטישע צייטונג "קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ" – ("רויטער שטערן") אין ווייסרוסיש; פון דער יידישער יוגנט געדענק איך מיין חבר גוטמאַן לעוויטאַן, נפתלי דעם שערערס זון, וועלכער איז געוואָרן אַ באַוווסטער קאָמוניסט און געדינט אין גענעראַל־שטאַב פון דער רויטער אַרמיי. אין מיין זכרון איז אויך פאַרבליבן ברוך איזאַקסאָן, אַ בעקערס אַ זון, ווי אויך יוסף בעזפּראָזוואַני, אַ זון פון איטשע־מאיר דעם שוסטער. אין די געציילטע מאָנאַטן פון די ערשטע באָלשעוויקעס אין ווילייקע זענען אַרעסטירט געוואָרן אייניקע סוחרים. צווישן זיי מיין מוטער, לאה־דוואָשע ז"ל, ווי אויך ר' מרדכי עפּשטיין ז"ל, אַ גאַלאַנטעריי־קרעמער און אַנדערע. אַלע זענען צום גליק נאָך אייניקע טעג באַפרייט געוואָרן. ר' מרדכי עפּשטיינ'ען האָט מען אין טורמע אָפּגעשאָרן זיין פּאַטריאַרכאַלישע באָרד.

### 1918 — די דייטשן אין ווילייקע

נאָכן דורכפאַל פון די שלום־אונטערהאַנדלונגען אין בריסק־דליטא האָט טראָצקי פּראָקלאַמירט דעם סוף פון די שלאַכטן: "ניט מלחמה און ניט שלום". אַ קורצע צייט נאָכדעם, אין אָנפאַנג 1918, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן זייער מאַרש אויף רוסלאַנד. דער נאָענטסטער פראָנט אין פאַרלויף פון קאַרגע 3 יאָר איז געווען סמאַרגאָן. די דייטשן זענען אַריין קיין ווילייקע אין אייניקע שעה אַרום, אָן אַ שלאַכט. פאַרלאָזנדיק ווילייקע, האָבן די באָלשעוויקעס זיך באַרימט, זעגענענדיק זיך מיט אונדז: "מיר וועלן נאָך צוריקקומען". זיי זענען אַוועק פון ווילייקע, אָדער, בעסער געזאָגט, אַנטלאָפן דורך דעם הילצערנעם בריק איבער דער ווילִיע אין דער ריכטונג פון וויאַזין־איליע־באָריסאָוו. צוזאַמען מיט זיי זענען אויך אַוועק די אויבנדערמאָנטע ברוך איזאַקסאָן, יוסף בעזפּראָזוואַני און אַנדערע.

די דייטשישע אַרמיי האָט אין אייניקע טעג באַזעצט גאַנץ ווייסרוסלאַנד ביז פּאָלאָצק־אָרשע און כמעט גאַנץ אוקראַינע. שנעל איז געקומען אַן ענדערונג אויף אַלע געביטן. ערשטנס אין די ענינים פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי אויך אין עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. עס זענען באַנייט געוואָרן די פרייע סוחרישע טעטיקייט און עס איז פאַרבעסערט געוואָרן די לאַגע פון די יידן אין אַלע הינזיכטן. פּרנסה איז געווען. שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי די דייטשן, וועלכע האָבן אין 1918 געראַטעוועט די יידן אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע פון די פּאָגראָמען, זענען אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן אַליין שרעקלעכע מערדער פון מיליאָנען יידן.

די דייטשן האָבן זיך געניויטיקט אין שפּייז־פּראָדוקטן, אויסגעהונגערטע אין פאַרלויף פון די 4 מלחמה־יאָרן. זיי האָבן דורך די יידישע סוחרים איינגעקויפט און עקספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד: תבואה, פלייש א. א. וו. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט פאַרבעסערט דיווירטשאַפטלעכע לאַגע פון די יידן. קיין ווילייקע האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן צענדליקער משפּחות פון דער דייטשישער זאָנע, ווי אויך פון מינסק און אוקראַינע פון דער רוסישער זייט. אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

### די באָלשעוויקעס ווידער אין ווילייקע

נאָך דער גרויסער מפּלה פון דער דייטשישער אַרמיי אויף דעם פראַנצויזישן פראָנט אין סוף פון 1918 און נאָך דער רעוואָלוציע אין בערלין, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן פאַר־

לאָזן די געביטן פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד. ווילייקע איז געבליבן אין פאַרלויף פון מער ווי אַ וואָך אָן אַ מאַכט. די יידן און ווייסרוסן האָבן געגרינדעט אַ פאַלקס־מיליציע. אין שטאָט איז אַריין די סאָוויעטישע אַרמיי און גענומען איינפירן די קאָמוניסטישע אָרדענונג. דער עקאָנאָמישער מצב האָט זיך פיל פאַרערגערט. דאָס געלט האָט פאַרלאָרן זיין ווערט. די פויערן פון די אַרומיקע דערפער האָבן פשוט "פאַרשטריקט" און פלעגן ניט קומען אויפן מאַרק מיט זייערע סחורות. קאָרן האָט מען געקאָנט באַקומען נאָר פאַר בגדים, אָדער פאַר גאָלדענע מטבעות. אַזוי אויך אַנדערע דאָרפישע פּראָדוקטן.

ניט לאַנג האָט געדויערט די באָלשעוויסטישע מאַכט אין ווילייקע. עס איז אויסגעבראָכן די פויליש־סאָוויעטישע מלחמה.

### די פוילישע הערשאַפט

זומער 1919 איז ווילייקע צום ערשטן מאָל פאַרנומען געוואָרן דורך דער פוילישער אַרמיי פון יוזעף פּילסודסקי, וועלכע האָט פאַרטריבן די רוסן אין ווייס־רוסלאַנד ביז נאָך מינסק און אין אוקראַינע ביז קיעוו. די פוילישע נצחונות זענען אָבער ניט איינגעהאַלטן געוואָרן. אין אַ צייט שפּעטער, בערך נאָך אַ יאָר הערשאַפט פון די פּאָליאַקן, האָט די רויטע אַרמיי זיך ווידער פאַרשטאַרקט און בראש מיט מאַרשאַל טוכאַטשעווסקי אָפּגעטריבן די פּאָליאַקן ביז דער ווייסל. אַזוי אַרום האָט זיך די מאַכט יעדעס מאָל געביטן, אַזוי אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין שרעק און פיל געליטן. עס איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז די באַציונג צו יידן מצד די מיליטער־אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי איז תמיד געווען אַ באַפריידנדיקע. די סאָוויעטישע זעלנער האָבן באַקומען באַפעלן ניט אַנצופאַלן און ניט רויבן די ציווילע באַפעלקערונג בכלל און יידן בפרט. פאַר אַזעלכע פאַרברעכנס איז מען געשטעלט געוואָרן צום געריכט פון רעוואָלוציאָנערען קריגס־טריבונאַל און באַקומען גרויסע שטראָפן. די זיצונגען פון טריבונאַל זענען געווען עפנטליכע.

גאַנץ אַנדערש איז געווען די האַנדלונגען פון די פוילישע "באַפרייער" וועלכע האָבן אָנגעטאָן פיל צרות דער יידישער באַפעלקערונג. באַזונדער מערדעריש איז געווען די טעטיקייט פון די "פּאָזנאַנטשיקעס", די אַרמיי פון גענעראַל האַלער.

אין לעצטן מאָמענט איז געשען דער "נס" אויף דער ווייסל. פּילסודסקיס אַרמיי האָט באַזיגט די באָלשעוויקעס און מיט איר גיכן מאַרש צוריק באַזעצט אַ גרויסן טייל פון מערב־ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע. אין אָקטאָבער 1920 זענען די פוילישע רייטער אַריין אין ווילייקע. די שרעק איז געווען אומבאַשרייבלעך, ווייל מיר האָבן גוט געוווסט וועגן אַלע באַרבאַרישע טאָטן פון די האַלערטשיקעס. אונדזער משפחה איז געווען באַהאַלטן אין אַ קעלער, ביי אַ פוילישער פאַמיליע אויף ראָג פּאָהולאַנקע. אין זעלבן קעלער האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיט 23 יאָר שפּעטער מיין שוועסטער חיה'לה מיט איר טעכטערל לילינקע (לאה), וועלכע זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די פּאָליאַקן אין די הענט פון די דייטשישע רוצחים. די פוילישע "באַפרייער" האָבן געזוכט באָלשעוויקעס אין די יידישע הייזער. אין אַלגעמיין איז די צאָל פון יידן אין ווילייקע אין יענער צייט געווען אַ קליינע. צו אונדזער גליק האָבן די ערשטע טיילן פון די פוילישע רייטער און רויבער פאַרלאָזן באַלד די שטאָט. זיי זענען אַוועק ווייטער צום מזרח. נאָך דער קאַוואַלעריע זענען אָנגעקומען פוסגייער, מער דיסציפּלינירטע און איינגעהאַלטענע זעלנער.

### די הערשאַפט פון פוילן אין די יאָרן 1920—1939

נאָכן אונטערשרייבן דעם וואָפנשטילשטאַנד אין נאָוועמבער 1920 האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה פאַר די פוילישע יידן בכלל און פאַר די יידן אין די מזרח־געביטן בפרט. ווילייקע אַלס קרייז־שטאָט איז געוואָרן דער צענטער פון אַ גרויסן פּאָוויאַט, ווי פריער, וועלכער האָט זיך געצויגן פון ראַדאָשקאָוויטש ביז פּאָסטאַוו: דונילאָוויטש, מאָלאָדעטשנע, לעבעדאָווע, האָראָדאָק, קראַסנע, קורעניץ, רעטשקע, דאָלהינאָוו, קריוויץ, וויאַזן, איליע און די קאָלאָניע בייקע.

נאָך אַ קורצער צייט איז אָנגעקומען קיין ווילייקע דער נייער סטאַראָסטע – ניטאָסלאָווסקי, זייער אַ ליבעראַלער מענטש, וועלכער איז צוגעטראָטן ענערגיש איינצופירן רו און אָרדענונג. אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט איז געווידמעט געוואָרן די זיכערהייטס־ענינים. היות די באַפעלקערונג איז בעיקר באַשטאַנען פון ווייסרוסן, האָט די פוילישע מאַכט אָנגעהויבן באַזעצן באַ די גרענעצן פּאָליאַקן. מען האָט אויך אַראָפּגעבראַכט פון טיף פוילן אַ גאַנצן שטאַב פון באַאַמטע, וועלכע האָבן פאַרנומען די אַמטן אין אַלע מלוכה־אינסטיטוציעס פון פּאָוויאַט: די סטאַראָסטווע, באַן, פּאָסט און פּאָליציי, ווי אויך די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען פון די שטעט און דאָרפישע גמינעס. עס איז אַנטשטאַנען אַ נייע סיטואַציע פאַרן צוריק־אויפבוי פון דער חרוב־געוואָרענער ווילייקע אין אַלע שטחים: עקאָנאָמישן, קולטורעלן און פּאָליטישן. דער מסחר האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען. דער וואַלד־האַנדל האָט אויפגעלעבט. עס האָט זיך געעפנט אַ נייע וועלט און די שטאָט האָט צוריק באַקומען אַ פרייע פאַרבינדונג מיט אַמעריקע. ווילייקע איז ווידער געוואָרן דער צענטער פון אַלע אַרומיקע שטעט און דערפער.

### דער סטאַראָסטע ניטאָסלאָווסקי

עס מוז אונטערגעשטראָכן ווערן די גוטע באַציונג פון סטאַראָסטע ניטאָסלאָווסקי צו דער יידישער באַפעלקערונג. מען קען אים צורעכענען צו די "חסידי אומות העולם", ווייל נאָר צוליב זיין זכות איז דערמעגליכט געוואָרן הונדערטער יידן געראַטעוועט צו ווערן פון טעראָר און פּאָגראָמען אין דער



השומר הלאומי באַגעגנט ה׳ פּילסודסקי׳ן בעת זיין באַזוך אין ווילייקע – 1930.

פינצטערער צייט פון בירגערקריג אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע. יידישע היימלאָזע פלעגן יעדע נאַכט שוואַרצן די גרענעץ פון סאָוויעט־רוסלאַנד און נאָך שרעקלעכע ליידן פלעגן זיי אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער דעפענ־סיווע. פון גרענעץ פלעגן זיי געבראַכט ווערן קיין ווילייקע אין טורמע.

אין ווילנע האָט שוין עקזיסטירט פון 1919 יאָר דער געגנט־קאָמיטעט "יעקאפא", אָנגעפירט דורך דעם באַוווּסטן ווילנער כלל־טוער ד"ר צמח שאבאד און שריפטשטעלער משה שאַליט. דער שרייבער פון די שורות איז נאָכן צווייטן אַריינמאַרש פון די פּאָליאַקן אין 1920 נאָמינירט געוואָרן אַלס פאָרשטייער פון "יעקאפא" אין ווילייקע. אין דער זעלבער צייט בין איך געוואָרן אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער פון דער קהילה. מיר איז געלונגען איינצושטעלן זעהר נאָענטע באַקאַנטשאַפט און גוטע באַציונגען מיטן נייעם סטאַראָסטע. מיט זיין הילף זענען הונדערטער פּליטים באַפרייט געוואָרן פון טורמע. אפילו נאָכדעם ווי פיל פון זיי זענען באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש. עס האָט זיי געדראָט שווערע שטראָפן פאַר די אויסגעטראַכטע בלבולים און אין בעסטן פאַל אַרויסגעשיקט צו ווערן צוריק קיין רוסלאַנד. אונדזערע אינטערווענצן האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג. דער סטאַראָסטע פלעגט זיי באַפרייען פון אַרעסט, געבן צייטווייליקע פאַספּאָרטן און דערמעגליכן זיי צו פאַרבלייבן אין ווילייקע ביז 6 מאָנאַטן. אין אָט דער צייט האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיט זייערע קרובים אין אַמע־ריקע, באַקומען הילף פון "יעקאפא" און "היאַס" און כמעט אַלע האָבן געקענט אָפּפאָרן קיין אַמעריקע, ווי אויך אַ טייל קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אַ ברייטע פלאַנמעסיקע אַרבעט, אין וועלכער עס האָט פיל מיטגעהאָלפן דער וויצע־פאָרזיצער פון דער קהילה ה׳ יהודה פריידוס ז"ל, אַן אָנגע־זעענער וואַלד־סוחר און משכיל. אַלס וויצע בורמישטש איז נאָמינירט געוואָרן דער ווייסרוס נאַסאַדאָוויטש, געוועזענער פּאָליציי־שעף. פון רוסלאַנד האָט זיך אומגעקערט די משפחה פון ה׳ משה סווירסקי. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע יידן אין ליובאַוויטשער שול איז דער לעצטער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. לויט אונדזער בקשה איז ה׳ משה סווירסקי באַשטעטיקט געוואָרן דורכן סטאַראָסטע.

אונדזער וויכטיקע הומאַניטאַרע אַרבעט אויף דעם געביט איז ברייט באַשריבן אין פּנקס פון "יעקאפא", געדרוקט אין 1929 יאָר.

### די שטאָט־פאַרוואַלטונג

איינער פון די ערשטע וויכטיקע אויפטוען פון סטאַראָסטע איז געווען דאָס נאָמינירן אַלס בירגערמייסטער אַן עלטערן פּאָליאַק, קולאַקאַ, וועלכער איז געקומען אַלס קאָמיסאַר אָנ־צופירן מיט דעם אויפבוי פון דער חרוב־געוואָרענער שטאָט. די שטאָטישע ווירטשאַפט איז געווען רואינירט, קיין שולן און קיין אַנטשפּרעכנדיקע געביידעס זענען ניט געווען. דער שיינער 2 שטאָקיקער בנין פון דער אַמאָליקער "גאָראָדסקאַיע



א דעלעגאציע פון ווילייקע צו דער עפענונג פון דעם פארט אין גדיניע. צווישן זיי 2 יידן. דער צווייטער פון רעכטס ש. ח. דובין, דער דריטער י. איידלמאן.

אוטשילישטשע" איז נאָך אין די מלחמה־יאָרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. אויך די געביידע פון דער צווייטער רוסישער שולע איז באַזעצט געוואָרן דורך דער אַדמיניסטראַציע פון סטאַראָסטע. עס איז ניט געווען אפילו איין צימער פאַרן שול־וועזן. אין זייער אַ קורצער צייט איז אויפגעבויט געוואָרן אַ גרויס הילצערן הויז פאַר דער עלעמענטאַר־שולע ווי אויך אַ צוויישטאָקיקע שטוב פאַר דער פוילישער גימנאַזיע. אין יאָר 1925 איז אין צענטער שטאָט אויסגעבויט געוואָרן דער בנין פאַר דעם שטאַב פון דער מיליטערישער בריגאַדע פון דער גרענעץ־וואַך. דער אַלטער בירגערמייסטער האָט פיל געזאָרגט, כדי צו פאַרשענערן די שטאָט. מען האָט ברוקירט גאַסן און איינער פון די וויכטיקע אויפטוען איז געווען דאָס בויען די עלעקטרישע סטאַנציע אין 1926. די אַלטע נאַפט־לאָמפּן אין די גאַסן זענען פאַרביטן געוואָרן מיט אַ מאָדערנער באַלייכטונג. אַלע האָבן באַקומען עלעקטריש ליכט אין די הייזער. עס איז אויפגעעפנט געוואָרן דער קינאָ־טעאַטער אויפן ראָג פון מיצקעוויטש און נאַראָצ'ער גאַסן.

אין 1922 זענען פאָרגעקומען די ערשטע וואַלן צום שטאָט־ראַט און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער דער זעלביקער קולאקאַ, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דעם אַמט 2 יאָר. אַלס זיין געהילף – דער ווייסרוס בריל, אַלס לאַווניק — ה' משה סווירסקי. אין זעלבן יאָר איז ש. ח. דובין אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד אין שטאָט־ראַט און פאָר־זיצער פון דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע. אין נאָמען פון דער שטאָט איז ש. ח. דובין געוויילט געוואָרן אַלס חבר אין פּאָוויאַטאָווען סיימיק, ווי אויך אַלס וויצע־פאָרזיצער פון דער פוילישער מוניציפּאַלער פּאָוויאַטאָווער באַנק. די דאָזיקע אויפגאַבן האָט ער דערפילט ביזן 1־טן סעפּטעמבער 1939 – אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין 1930 זענען ווידער פאָרגעקומען וואַלן צום שטאָט־ראַט. אונטערן דרוק פון דעם נייען סטאַראָסטע (געקומען אויפן אָרט פון ניטאָסלאַווסקי, וועלכער איז באַזייטיקט געוואָרן, ווייל ער איז געווען צופיל ליבעראַל. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר מיט גרויס צער, זיך דערוווּסט, אַז ער איז פּלוצלונג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־ אַטאַק אין א שטעטעלע, באַ פּויזן – ערע זיין אָנדענק!). איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער אַ יונגער פּאָליאַק מיטן נאָמען זובלעוויטש, און אַלס זיין געהילף – דער זעלבער ווייסרוס בריל, אַלס לאַווניק האָט ווייטער פאָרגעזעצט ה' משה סווירסקי, דער בכבודיקער ערשטער גבאי און בויער פון דער מתנגדישער שול. דער נייער בירגערמייסטער האָט זיך פיין באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט זיך פּשוט געגויטיקט אין די יידישע און ווייסרוסישע שטימען, וועלכע האָבן צוזאַמען געשאַפן די מערהייט אין שטאָט־ראַט. ער איז געווען זייער אַן ענערגישער און אָרנטלעכער מענטש. ער האָט געזוכט נאָר די טובה פון דער שטאָט. נאָך 8 יאָר ערלעכער אַרבעט האָט ער מיטאַמאָל פאַרלאָרן דעם חן ביי דעם נייעם, שוין דריטן סטאַראָסטע, וועלכער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט. אין יוני, 1939 יאָר זענען פאָרגעקומען נייע וואַלן צום שטאָט־ראַט. זיי זענען געווען

געהיימע. צוויי מאָנאַטן האָט זיך געפירט אַ העפטיקע אַנטיסעמיטישע פראָפאַגאַנדע. דאָס איז געווען אין די צייט פון נאָך דעם פשיטיקער פאָגראָם און נאָך דער גזירה קעגן דער יידישער שחיטה. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייער שטאָט־ראַט. ביז היינט געדענק איך נאָך די חוצפהדיקע רעדע פון דער פרוי פון אַן אָפיציר פון גרענעץ־קאָרפוס, וועלכע איז געווען אויסגעקליבן אין שטאָט־ראַט פון דער פוילישער פראַקציע. איר רעדע איז געווען פול מיט האַס צו יידן. דער סטאַראָסטע האָט געמאַכט אַ דרוק, אַז מען זאָל ניט קלייבן דעם פריערדיקן בירגערמייסטער זובלעוויטש. איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צום סטאַראָסטע אויף אַ געשפרעך. ער האָט מיך "געבעטן", דאָס הייסט בעסער, געפאָדערט, אַז איך זאָל ניט קלייבן זובלעוויטשן. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך וועל קיינמאָל ניט מסכים זיין צו שטימען פאַר אַ אַנטיסעמיטקע, פריסטאראוועס אַ חברטע, פאַר אַ בירגערמייסטער. ער האָט דאָס געפאָדערט פון מיר אַלס פרעזעס פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט און האָט מיר אויפגעקלערט, אַז זיין ביטע־פאָדערונג איז געבונדן מיט זיכערהייטס־ענינים. איך האָב אים דערקלערט קטעגאָריש, אַז די יידישע פראַקציע גייט צו די וואַלן צוזאַמען מיט די ווייסרוסן און מיר האָבן זעלבספאַרשטענדלעך אויסגעוויילט זובלעוויטש'ן. אין איניקע טעג אַרום בין איך לויט אַ באַפעל פון סטאַראָסטע באַזייטיקט געוואָרן צוליב זיכערהייטס־מאָטיוון פון אַמט אַלס פרעזעס פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט, זייענדיק אויסגעוויילט אויף דעם אַמט קאַרגע 20 יאָר.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך געווענדעט צו מיר דער סטאַראָסטע און געבעטן איך זאָל ווירקן אויף די אַרבעטער אין טאַרטאַק (דובינס) זיי זאָלן אַרויסטרעטן פון דער לינקער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע פ.פ.ס., און אַריינטרעטן אין ב.ב. (רעגירונג'ס פאַרטיי).

איך האָב קאַטעגאָריש ענטזאַגט מאָטיווירנדיק, אַז איך וויל זיך ניט מישן אין די אינערליכע אָנגעלעגנהייט פון די אַרבעטער, בפרט אַז איך אַליין געהער צו אַ יידישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציע. די תשובה איז אים ניט געפעלן געוואָרן. די באַציונג צו מיר איז געוואָרן זייער אָנגעשטריינגט. כדי די יידישע באַפעלקערונג זאָל ניט ליידן צוליב מיר האָב איך זיך ענטזאָגט פון צו זיין פרעזעס פון דער קהילה. דער סטאַראָסטע האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, האָט באַשטעטיקט מיין דעמיסיע, פונאַנדערגעלאָזן דעם קהילה ראַט, און נאָמינירט בצלאל קאַרטשמערן אַלס קאָמיסאַר. דאָס איז געווען אין יוני, 1939, 2 מאָנאַטן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. איך וויל גלויבן, אַז דאָס איז אפשר געווען די סיבה, וואָס אין אַ פאָר חדשים שפעטער האָבן די סאָוויעטן מיך גלייך ניט אַרעסטירט, נאָר ערשט אין אַפריל 1940 אַרויסגעפירט קיין סיביר.

✶

# די קהילה

## די ערשטע קהילה־פאַרוואַלטונג — 1921

די ערשטע קהילה־פאַרוואַלטונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אין אָנהייב 1921 אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, נאָך דעם ווי קיין ווילייקע האָט זיך אומגעקערט דער גרעסטער טייל פון די יידישע איינוווינער. דער שרייבער פון די שורות איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פרעזעס. אַלס וויצע־פרעזעס איז געקליבן געוואָרן דער דערמאָנטער ה' יהודה פריידוס, ר' יעקב קאָפעלאָוויטש (העשל'ס) — אַלס סעקרעטאַר, און אַלס מיטגלידער פון קהילה־ראַט: יעקב לעווין, משה סווירסקי, אברהם קאָפעלאָוויטש, אברהם נאָרמאַן, בנימין גוטמאַן, ברוך גורוויטש, דב בערמאַן, יוסף צעסאַקאָוו און אַנדערע, (ליידער געדענק איך ניט אַלע נעמען). דאָס ביוראָ פון דער קהילה האָט זיך געפונען אין הויז פון חיים־יונה קאַגאַן, אויף אָרלאָווסקי גאַס (פריער "פאָהולאַנקאַ"). נאָכן מאַגיסטראַט איז די קהילה געווען פאַר די יידן די צווייטע אָנגעזעענע אינסטיטוציע אין שטאָט. אין מיין זכרון איז פאַרבליבן די ערשטע פייערלעכע זיצונג פון דעם קהילה־ראַט, בראש מיטן פיל געאַכטעטן מרא־דאַתרא ר' יהודה־לייב מאשיץ, געווידמעט דער פראָקלאַמירטער געלט־זאַמלונג פאַרן "קרן־היסוד". די באַגייסטערונג פון די ווילייקער יידן איז שווער צו באַשרייבן. מענער און פרויען האָבן געשפענדעט געלט, ניט נאָר פוילישע זלאָטעס, נאָר אויך גאָלד און דאָלאַרן. די ערשטע געהיימע וואַלן צו דער קהילה זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1922 און צו איר טעטיקייטס־קרייז האָבן געהערט דאָס שכנישע שטעטל קורעניץ, 7 קילאָמעטער פון ווילייקע, אויך רעטשקע און דער קליינער ישוב פון יידישע לאַנדווירטן, נייקע.

לויט די אָנווייזונגען פון דער מאַכט איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאַרטרעטער פון דער קהילה פאַר די ענינים פון קורעניץ ר' מענדל אלפעראָוויטש. די זיצונגען פלעגן אויך פאָרקומען אין קורעניץ. אַלס קהילה־סעקרעטאַר פאַר קורעניץ איז באַשטימט געוואָרן ישראל גווינט, דער זון פון באַוווסטן ציוניסטישן קורעניצער כלל־טוער זלמן גווינט, וועלכער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם דורך די מערדערישע דייטשן. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט קאָנצענטרירט אין אירע הענט די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין שטאָט און איז געווען די יידישע רעפרעזענטאַנץ פאַר דער מאַכט, ניט נאָר אין די ענינים פון ווילייקע, נאָר אויך פון אַלע שטעט און שטעטלעך פון דעם גאַנצן פאָוויאַט. וועגן אַלע לעבנס־וויכטיקע פראָבלעמען, פראַגן פון שול־וועזן, מלוכה־שטייערן, וואַל־רעכט פאַר ניי־אָנגעקומענע יידן פון רוסלאַנד, אַלס געוועזענע בירגער פון ווילייקע פאַר דער מלחמה.

די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה איז געפירט געוואָרן לויט דער יידישער טראַדיציע. זי האָט געזאָרגט פאַר אַלע רעליגיעזע באַדערפענישן. די שוחטים פון ווילייקע און קורעניץ האָבן באַקומען זייער געהאַלט פון דער קהילה.

### דער היתר פון רב

איך געדענק די צייט פון די דרייסיקער יאָרן, ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך גיך פאַרשפּרייט אויף די מזרח־געביטן פון פּוילן. עס איז דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז עס גרייט זיך דעם נאָענטן זונטאָג אַ פּאָגראָם אויף יידן אין דאָלהינאָוו. פרייטאָג־צו־נאַכט נאָך קבלת־שבת זענען געקומען צו מיר אין שטוב דער אַלטער רב מאַשיק מיט די גבאים פון די בתי־מדרשים און דער רב האָט מיר מתיר געווען, פאָרן אום שבת קיין ווילנע צום וואָיעוואָדע ראַטשקיעוויטש. לויטן באַפעל פון לעצטן איז געשיקט געוואָרן קיין דאָלהינאָוו זונטאָג אַ גרעסערער פּאָליצייאישער כוח און אַלץ איז אַדורך בשלום.

### וואַלן אין דער ווילייקער־קורעניצער קהילה

אין 1928 זענען פאָרגעקומען אָפיציעלע וואַלן פון ווילייקער־קורעניצער קהילה לויטן נייעם געזעץ (פון 1924). וויילן האָבן געקענט נאָר מענער אין עלטער פון 25 יאָר און העכער. געוויילט ווערן האָבן געקענט מענער פון 30 יאָר און העכער. פרויען האָבן ניט געהאַט קיין וואַל־רעכט. די וואַלן זענען געווען געהיימע. דער שרייבער פון די שורות איז איינשטימיק אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאָרזיצער. ר' לייב מאַטוסאָוו פון קורעניץ – אַלס פאַרטרעטער. (אין בלוטיקן טאָג פון אומקום איז ער אַריינגעשפּרונגען אין פייער איינגעוויקלט אין טלית מיטן געשריי "שמע־ישראל", איידער עס האָט אים געטראָפן די קויל פון די רוצחים ימ"ש). די וואַלן האָבן געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן דורך דעם סטאַראָסטע. אין פאַרלויף פון אייניקע וואָכן פאַר די וואַלן האָט זיך אין שטאָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל און עס איז געווען אַ גרויסער פּאָליטישער קאַמף צווישן די אַלגעמיינע ציוניסטן און צעירי־ציון־התאחדות. די עקסטרעמע חסידישע קרייזן פלעגן ניט אַרויסווייזן כמעט קיין אינטערעס צו די וואַלן. אויך דער "בונד" איז געווען שוואַך פאַרטרעטן אין שטאָט. (דער איינציקער שטאַרקער סימפּאַטיקער פון "בונד", ישראל דער פּור־מאַן, האָט זיך קיינמאָל נישט קעגנגעשטעלט די קרנות אָדער אַנדערע ציוניסטישע צוועקן. ער האָט ליב געהאַט אָפּט צו דיסקוטירן אויף דער דאָזיקער טעמע, אָבער איז אַ זייער עלעגאַנטער און רויקער פאָרם. זיינע קינדער האָבן אפילו אַריינגעבראַכט אין שטוב די קק"ל־פּושקע). די בודזשעטן פון דער קהילה פלעגן באַשטעטיקט ווערן דורך דער וואָיעוואָדישער מאַכט אין ווילנע.

### קהילה־עטאַט

די הכנסות פון דער קהילה זענען געווען פון שחיטה־אָפּצאָל; פון דער מעטריקאַלער אָפּטיילונג, דאָס הייסט פון פאַרשרייבן: געבורטן, חתונות, טויט־פאַלן, און גט'ן; און פון שטייערן, אַזוי גערופענעם "קהילה־עטאַט", וועלכער איז געווען באַשטעטיקט דורך דעם מלוכה־געזעץ גלייך ווי אַלע מלוכה־שטייערן. אַ ייִד, וועלכער האָט זיך געפילט באַעוולט פון קהילה־שטייער, האָט געקענט אַפּעלירן צום סטאַראָסטע.

### די הוצאות

די הוצאות זענען באַשטאַנען פון געהאַלט די שוחטים אין ווילייקע און אין קורעניץ, סובסידיעס די רבנים. (זיי האָבן געהאַט אויסער דעם אַ צוגאָב־הכנסה פון פאַרקויפן הייוון). די קהילה האָט אויך געגעבן סובסידיעס די תרבות־שולן אין ווילייקע און אין קורעניץ.

### "יעקאָפּאַ"

די קהילה האָט ענג צוזאַמענגעאַרבעט מיטן געגנט־קאָמיטעט פון "יעקאָפּאַ" אין ווילנע אויף אַלע געביטן פון הילף פאַר די משפחות, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין הלוואות צום אויפבוי פון זייערע אָפּגעברענטע הייזער, קינדער־באַשפּייזונג, פאַרזאָרגונג מיט מלבושים א. א. וו. עס איז געגעבן געוואָרן אַ ברייטע יורידישע הילף צו הונדערטער אַרעסטירטע היימלאָזע, ווי אויך אַ באַדייטנדיקע עקאָנאָמישע שטיצע און געשאַפן צייטווייליקע דירות נאָך זייער באַפרייאונג פון טורמע ביז זייער אָפּפאָר פון ווילייקע. די קהילה האָט אויך געהאַט אַ ספּעציעלן פאָנד פון "מתן־בסתר" פאַר נויטבאַדערפטיקע משפחות, וועלכע האָבן ניט געוואָלט זיך ווענדן צו "לחם עניים", צום אַזוי גערופענעם פרויען־קאָמיטעט פון מערל סווירסקי, די פרוי פון יידישן לאַווניק, משה סווירסקי. דאָס איז געווען אַ וואָך־שטיצע מיט געלט ווי אויך מיט פּראָדוקטן. ניט איינמאָל האָט אויך די קהילה געשטיצט די חלוצים ביים אָוועקפאָרן קיין א"י מיט הונדערטער זלאָטעס און אַנדערע הילף

עס איז מיר שווער צו דערמאָנען זיך די פּרטים פון יאָרלעכן קהילה־בודזשעט. אין 1938/39 איז ער געווען אומגעפער 8000 זלאָטעס. ניט אַלע באַשלוסן פון דער קהילה זענען אָנגענומען געוואָרן מיט דער אַלגעמיינער הסכמה פון אַלע יידישע איינוווינער. אין 1930 האָט די קהילה איינשטימיק באַשלאָסן איינצולאַדן קיין ווילייקע אַלס חזן־שוחט דעם באַוווּסטן ביאַליסטאָקער חזן פלאַטקין. עס איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת. די קצבים און ליובאַוויטשער חסידים האָבן זיך שאַרף קעגנגעשטעלט און געשריבן צו אים אַ בריוו, אַז ער זאָל ניט אָננעמען דעם פּאָסטן קעגן זייער ווילן. איך בין אַליין געפאָרן ברענגען אים און צום סוף האָט ער זיך באַזעצט אין ווילייקע, געווען 2 יאָר שוחט און שטאָט־חזן. ער האָט אָרגאַניזירט אַ גוטן כאָר. ביז היינט איז געבליבן אין אונדזער זכרון זיין הערליכער געזאַנג.




די פאָלקס־שולע הרצליה מיט אירע לערער און עסקנים – 1925.

### דערציִונג און קולטור טעטיקייט

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז איינער פון די גרויסע אויפטוען פון דער קהילה געווען די שטיצע פאַר די "תרבות" שולן אין ווילייקע און קורעניץ. די הילף איז געווען ניט נאָר אַ מאַטעריעלע, נאָר אויך אַ מאָראַלישע און יורידישע. קנאַפּע 25 יאָר האָבן די פּראַגן און זאָרגן פון שולוועזן פאַרנומען דעם אויבן־אָן פון דער גאַנצער ציוניסטישער געזעלשאַפט. אָנהויבנדיק פון 1917, האָט די שולע דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים. צוערשט דער מאָדערנער חדר אין שטוב פון גע־וועזענעם אַרעסט־הויז אין צענטער שטאָט, אין לאַמפּערטס הויז, דערנאָך אין מויער פון קוגעל, ווו מיר האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן צווייטן שטאָק. איין יאָר האָט זיך די "תרבות"־שול געפונען אין הויז פון ה' יהודה פריידוס, אַ הילצערנע געביידע ביי דער ווילִיע. שפּעטער האָבן מיר אָפּגעדונגען דאָס הילצערנע הויז פון ר' בן־ציון קאָפּעלאָוויטש און אַ יאָר שפּעטער אָפּגעקויפט באַ אים דעם גאַנצן שטח מיט דעם הויז פאַר אַ קליינעם פּרייז. אַזוי אַרום זענען מיר געוואָרן בעלי־בתים פון דעם בנין. אין פאַרלויף פון 5–6 יאָר האָט די "תרבות"־שולע ניט געהאַט קיין דאגות פון לאָקאַל־ענינים.

אין 1925 האָבן מיר באַקומען פּלוצלונג אַ מעלדונג פון שול־קוראַטאָריום אין ווילנע, אַז די געביידע איז ניט צוגעפּאַסט פאַר אַ שולע, ווי אויך אַ פאָדערונג, אַז די לערער מוזן ענדיקן אַ סעמינאַר. אָן שוועריקייטן איז די צווייטע פראַגע רעגולירט געוואָרן. די לערער זענען געווען געענדיקטע פון דעם "תרבות"־סעמינאַר אין ווילנע, אָדער פון די לערער־קורסן אין גראָדנע. מיט דער הילף פון מאַגיסטראַט האָבן מיר באַקומען אַ פּלאַץ נעבן דעם טייכל פּליעסניאַנקע און מיר האָבן אָנגעהויבן בויען אַ נייעם 2 שטאָקיקן בנין. גרויס אבער זענען געווען די שטער־רונגען פון דער טעכנישער אָפּטיילונג פון פּאָוויאַט און מיר האָבן אפילו באַקומען אַ באַפעל אָפּצוהאַלטן דאָס בויען, נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין פאַרענדיקט דעם ערשטן שטאָק. די אָרטיקע מאַכט האָט איינגעפונען, אַז דער באָדען ביי דער פּליעסניאַנקע איז אַ זומפּיקער. עס איז אונדז געלונגען מבטל צו מאַכן די גזירה ביי דעם ווילנער וואָיעוואָדע. אַ גרויסע פייערונג איז פאָרגעקומען ביים לייגן, זומער 1937, דעם גרונדשטיין פון בנין מיט דער באַטייליקונג פון באַוווּסטן כלל־טוער, ד"ר יעקב וויגאָדסקי, פאָרזיצער פון דער ווילנער קהילה. אַזוי אַרום האָבן מיר פאָרגעזעצט דאָס בויען ביזן ערשטן סעפּטעמבער 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די

צווייטע וועלט־מלחמה. דעם 17־טן סעפטעמבער גייט ווילייקע אַריבער צו די סאָוויעטן. אין אייניקע טעג אַרום זענען גע־קומען צו מיר די הויכע באַאַמטע פון דער מינסקער שול־מאַכט און צוגענומען אַלע פּלענער פון שול־בנין, כדי צו פאַרענדיקן דאָס הויז. עס איז געגרינדעט געוואָרן די ווייס־רוסישע עלעמענטאַרע שולע, וועלכע עקזיסטירט דאָרט ביזן היינטיקן טאָג. ווי מען גיט איבער, לערנען אין איר איבער 1000 שילער, אָבער ניט קיין איין יידיש קינד.

ווען איך דערמאָן זיך וועגן דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ״תרבות״־שולוועזן אין ווילייקע, שטייט פאַר מיינע אויגן די הערלעכע גרופּע פון די לערער, וועלכע האָבן זיך טאַקע פיל געביטן אין פאַרלויף פון דער צייט. איך קען נישט פאַרגעסן די ליכטיקע געשטאַלט פון חבר יעקב לעווין ז״ל און פון זיין איידעלער פרוי רבקה ז״ל. ער האָט פיל געלייסטעט פאַר דער גאַנצער ״תרבות״־באַוועגונג בפרט און פאַר דער אַלגעמיינע ציוניסטישער טעטיקייט בכלל. די תלמידים פון ״תרבות״־שול האָבן איינגעזאַפּט אין זיך די העברעישע ליטעראַטור, תנ״ך, יידישע געשיכטע און פיל ליבע צו ארץ־ישראל. זיי האָבן געשאַפן דעם רעזערוו פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען, ווי אויך פון דער החלוץ אָרגאַניזאַציע און יוגנט־באַוועגונ־גען: ״השומר הלאומי״, ״השומר הצעיר״, ״בית״ר״. פיל פון זיי זענען געגאַנגען אין די קיבוצים אויף הכשרה און האָבן עולה געווען קיין א״י. אויך די געראַטעוועטע פון גרויסן חורבן זענען כמעט אַלע אין ישראל. אויב מיר פאַרמאָגן ביי היינ־טיקן טאָג אַ 150 משפחות ווילייקער לאַנדסלייט אין מדינת־ישראל, בין איך טיף איבערצייגט, אַז דאָס דאַרפן מיר פאַר־דאַנקען דער תקופה פון 20 יאָר העברעישן שולוועזן און ציוניסטישער טעטיקייט פון די איבערגעגעבענע ״תרבות״־לערער, און אומפאַרגעסלעכע כלל־טוער אין אונדזער חרוב־געוואָרענער שטאָט.

חברים באַגלייטן אַ חבר׳טע קיין ארץ ישראל



# ווילייקע

ווילייקע איז אַ קרייז־שטאָט אין ווילנער גובערניע, ליגט אויפן רעכטן ברעג פון טייך וויליע. ביי 130 וויאָרסט פון אירע קוואַלן, ווו זי פאַראייניקט זיך מיט איר ביי־טייך פלעסניאַנקע, אויפן 54.29 פאַראַלעל און 44.45 מערידיאַן, בערך 141 וויאָרסט פון ווילנע.

אַלס קרייז־שטאָט פאַרנעמט ווילייקע זייער אַ באַשיידענעם אָרט; אירע הייזער זענען פון האָלץ, זייער אָרעם געבויט. אין 1860־טן יאָר האָט זי פאַרמאָגט 1 קירכע פון האָלץ, 3 יידישע שולן (בתי־כנסת), 272 הייזער, 14 קראָמען, אַ שטאָטישן שפּיטאָל, 2931 איינוווינער. אין יאָר 1880 זענען דאָ געווען 3450 איינוווינער — 1828 פּראַוואָסלאַוונע, 369 קאַטאָליקן, 3 פּראָטעסטאַנטן, 1241 יידן און 9 מוסולמענער. אין יאָר 1888 איז געווען 4076 איינוווינער. אין שטאָט זענען ניטאָ קיין ירידים, קיין מערק. די איינוווינער פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבייט און אירע אָפּצווייגן. אַ קליינע קאַטוילישע קירכע, אין הויף פון סטאַראָסטע, איז פאַרברענט געוואָרן אין 1810. (עס זענען דעמאָלט אויך פאַרברענט געוואָרן די דאָקומענטן פון סטאַראָסטעס ביוראָ).

אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון דער פּוילישער רעפובליק איז ווילייקע געווען אַ קליין שטעטעלע, וועלכע האָט געדינט אַלס ראַיאָן־צענטער פון דאָרפישן קרייז. האָט אָנגעהערט צום סוויענציאַנער קרייז.

נאָכן אָנשלוס צו רוסלאַנד, איז ווילייקע איבערגעגעבן געוואָרן דעם הערשער פון מינסקער גובערניע, גענעראַל קאַרנאָוו. שפּעטער אין יאָר 1795 איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן, אויפן גרונט פון דעקרעט פון דער קעניגין קאַטערינע די צווייטע, אין אַ קרייז־שטאָט אין מינסקער גובערניע.

די דאָרפישע איינוווינער פון קרייז האָבן באַקומען שטאָטישע רעכט. די דאָרפישע הייזלעך, דער הויף, און די קרעטשמע, האָבן געדינט אַלס באַזע פאַר דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. די ערשטע זיצונגען פון קרייז־געריכט זענען פאָרגעקומען אין 1797 יאָר אין קאָפּעלאָוויטשעס קרעטשמע.

מיט דער צייט זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן געציילטע דערפער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען קיין ווילייקע איינוווינער פון אַלע קאַנטן, דאָס רוב יידן. אַזוי איז אַנטשטאַנען היינטיקע ווילייקע.

אין 1842 איז ווילייקע מיט איר קרייז אָנגעשלאָסן געוואָרן צו ווילנער גובערניע. דער דאָרפישער צענטער פון ווילייקע האָט פאַרמאָגט 6 דערפער: בילצעוויטש, ביטקובשציזנאַ, אילישטשעוויטש, קאָלאָוויטש, אָסיפּאָוויטש און זשולדקי, און 12 פאָלוואַרקעס. לויט די רעגיסטראַציעס פון מלוכה־אוצר פון 1766 האָט דער ווילייקער דאָרפישער קרייז אַנטהאַלטן ווילייקע, צוזאַמען מיט די דערפער ווי אָסיפּאָוויטש, אילישצעוויטש, זשולדקי, צינצעוויטש, כאַלאַפּי און אָנגעהערט צום



מאַגנאַט פּאַץ׳. אויף דער זיצונג פון פּוילישן סיים אין די יאָרן 75 - 1773 האָט די פּוילישע רעפובליק איבערגעגעבן די אַלע מלוכהשע פאָלוואַרקעס (אחוזות) דעם פּינסקער דעפּוטאַט און ריכטער איגנאַצי קוזיניצקי. אַלס קרייז־שטאָט איז ווילייקע אָנערקענט און באַשטימט געוואָרן אין 1795 יאָר אויף דעם אָרט פון פריערדיקן קרייז (זאַווילייקע) מיט דער צענטראַלער שטאָט פּאָסטאַווי, און אַ טייל פון אָשמענער קרייז, וועלכער געפינט זיך אין מזרח טייל פון דער גובערניע. דער קרייז גרענעצט זיך פון צפון זייט מיט ווילנער גובערניע. פון מזרח־דרום ברעג מיט מינסקער גובערניע און פאַרמאָגט 126.7 קוואַדראַט־וויאָרסט.

דער שטח פון קרייז איז צעטיילט געוואָרן דורך דעם טייך וויליע אויף 2 טיילן: דער דרומדיקער טייל איז אַ נידעריקע פלאַכלאַנד, מיט שוואַרצן באָדן, מיט בלאָטעס און וועלדער; דער צפונדיקער טייל איז אַ ליימיקער, פּרוכטבאַרער באָדן, אַ ניט באַוואַלדיקטער הויכלאַנד.

דער הויפּט טייך אין קרייז איז די וויליע, מיט אירע הויכע זאַמדיקע ברעגן. די ברייט פון טייך דערגייט ביז 15 קלאַפטער (45 אַרשין), דער ברייטסטער אָרט איז 30 קלאַפטער. דער טייך ווערט אויסגענוצט אויף שיקן פליטן מיט האָלץ. עס שווימען אויך שיפלעך, וועלכע פירן סחורה קיין ווילנע. דער קרייז פאַרמאָגט 3 סטאַנציעס אויף אָנלאָדן די שיפלעך מיט סחורה, און שיקן די פליטן האָלץ אין ווילייקע, אין דאָרף סאָסענקע, און פוראָמיצע.

די חשובסטע בייטייכן זענען: סערוועץ און נאַראָטש. פון לינקן זייט די דזווינקע און וויאַזינקע. פון דרום־מערב זייט פון קרייז שטראָמט דער טייך בערעזינאַ. דער קרייז פאַרמאָגט 14 אָזערעס; די חשובסטע זענען: סערוועץ און נאַראָטש.

אין יאָר 1857 האָט דער קרייז געציילט 116.753 איינוווינער, אין דעם (לויט סטולפּיאַנסקי) 48.808 ווייסרוסן, 5.266 גרויסרוסן, 30.746 ליטווינער, 6.848 יידן. אין 1880 האָט ווילייקער קרייז (אויסער דער שטאָט) געציילט 148.585 איינוווינער (די שטאָט האָט געציילט 3.450 איינוווינער); אין דעם - 90.434 פּראַוואָסלאַוונע, 44.482 קאַטאָליקן, 523 ראַסקאָלניקי, 127 עוואַנגעליסטן, 12.744 יידן, 272 מוסולמענער. אויסער דער קרייז־שטאָט, איז געווען אַ באַזונדער שטאָט מיט אַן אומאָפּהענגיקן בודזשעט (ראַדאָשקאָוויטש) מיט 20 שטעטלאך (האָראָדאָק, איליע, קראַסנע, לעבעדאָווע, מאַרקאָוו, מאָלאָדעטשנע, וויאַזין, אין פּאָליציי בעצירק נומער 1: בוצלאַוו, דאָלהינאָוו, קרייסק, קריוויץ, קורעניץ, רעטשקי, בעצירק נומער 2: דאַנילאָוויטש, מאַנקאָוויטש, מיאַדל אַלט און נייע, וואָראָפּאַיעווא, וואלקולאט א. א.). דער קרייז פאַרמאָגט 3 קרייז־געריכטן אין ווילייקע, דאַנילאָוויטש און ראַדאָשקאָוויטש, און 4 פרידנס־געריכטן. אין קרייז געפינט זיך אַ קרייז־שולע פון 2 קלאַסן (אין 1885 יאָר - 28 שילער), און אַ פּאַראַפּיע שולע - 53 שילער, 30 שילערינס. אין מאָלאָדעטשנע - אַ לערער־סעמינאַר מיט 117 שילער, 30 פאָלקסשולן פאַר ביידע געשלעכטן, איין מיידל־שולע אין קניאַהינין.

אין די אַלע שולן האָבן געלערנט אין יאָר 1885 1.335 שילער, 79 שילערינס. 6 שולן האָבן אַנגעהערט צום קלויסטער.

דעם קרייז שניידט דורך די באַן־ליניע ליבאַווע — ראָמני, אויפן ווילייקער מינסקער טראַקט, מיט סטאַנציעס אין מאָלאָ־דעטשנע, אושע און אָלעכנאָוויטש. די פּאָסט־וועגן פירן פון מאָלאָדעטשנע דורך ווילייקע, קאַסטיניעוויטש, דאָלהינאָוו, קריפּולע־דאָקשיץ. דער 2־טער וועג: פון מאָלאָדעטשנע קיין האָראָדאָק; דער 3־טער ווילייקע - איליע. פּאָסט־סטאַנציעס געפינען זיך אין דאָלהינאָוו, דאַנילאָוויטש, האָראָדאָק, איליע, קאַסטיניעוויטש, מיאָדל, מאָלאָדעטשנע, ראַדאָשקאָוויטש, ווי־לייקע. טעלעגראַפישע סטאַנציעס: ווילייקע, מאָלאָדעטשנע, אושע, די באַשעפטיקונג פון די אָרטיקע איינוווינער פון קרייז איז ערד־אַרבעט, פּי־צוכט. קאָרן און גערשטן ווערן אויך פאַרנוצט אויף קאָכן ביר. דאָס רוב וועלדער זענען סאָסנע־ביימער און בעריאָזע.

דאָס געהילץ ווערט געשיקט מיט פּליטן מיט דער ווילייע קיין ווילנע. עס ווערן אין קרייז אויסגעאַרבעט כלים פון אַ סך מינים און מען בויט דאָ דאַמף־שיפן. די אינדוסטריע איז זייער שוואַך אַנטוויקלט.

אין 1860 זענען געווען אין קרייז אַ פאַבריק פון שטאָף אין קראַישטשענקאַ. 2 גלאָז־פאַבריקן אין שאַביני און זאַ־לעסיע. 5 ביר־ברויערייען. 41 ברויזן פון בראָנפן. אין האָראָ־דאָקער קרייז פאַרנעמט זיך אַ טייל פון דער באַפעלקערונג מיט האָדעווען פּיאַווקעס צום פאַרקויפן. עס איז דאָ אין אַ קליינעם פאָרמאַט אַ מסחר פון האָלץ, תבואה און פּי־צוכט. ירידן קומען פאָר אין ראַדאָשקאָוויטש, דאָלהינאָוו, קורעניץ און לעבעדאָווע.

[איבערגעזעצט טיילווייז פון געאָגראַפישן לעקסיקאָן פון דער פּוילישער קעניגרייך און אנדערע סלאַווישע לענדער, באַנד 13–14, – וואַרשע 1893]

אַ גרופּע יוגנטליכע אויף אַ פּליט



# ווילייקע אין דער ליכט פון דער יידישער פרעסע־1930–1937

ווילנער ״צייט״ — סיון תר״ץ — 1930

״אַ פּראָטעסט־מיטינג אין גרויס־ווילייקע״.

דעם 26־טן מאַי, 1930, איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַ פאָלקס־מיטינג אין גרויסן בית־מדרש, כדי אויסדריקן אונדזער צער און צאָרן קעגן דער ענגלישער רעגירונג צוליבן אָפּשטעלן די חלוצישע עליה קיין ארץ־ישראל. עס טרעטן אַרויס ה׳ יעקב לעווין, פאָרזיצער פון דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ש. ח. דובין, פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה.

ווילנער ״צייט״ — כ״ז סיון, תר״ץ — 1930

מוצאי שבועות איז אין לאָקאַל פון דער פאָלקס־שולע ״הרצ־ליה״ פאָרגעקומען אַ פייערלעכע יובליי־אַקאַדעמיע לכבוד דעם 50־טן געבורטסטאָג און 30 יאָריקע טעטיקייט פון דעם פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ווילייקע ה׳ יעקב לעווין. עס איז ספּעציעל געקומען פון ווילנע דער שריפשטעלער ל. רובינאָוו.

עס באַגריסן דעם בעל־היובל די פאָרשטייער פון די ציוניסטישע גרופּירונגען, פון דער קהילה, פאָלקס־שול, האַנט־ווערקער פאַראיין. אַן אומפאַרגעסלעכן רושם מאַכט די רעדע פון ה׳ ל. רובינאָוו, וועלכער האָט דורכגעפירט אַ פּאַראַלעל צווישן דער פוילישער פרייהייט־באַוועגונג מיט דער יידישער.

ווילנער ״צייט״ — י׳ אדר, תרצ״א — 1931

די קרייז־קאָנפערענץ פון קק״ל אין גרויס־ווילייקע.

70 דעלעגאַטן פון ווילייקער, מאָלאָדעטשנער און אָשמענער פאָוויאַטן האָבן זיך באַטייליקט אין דער קרייז־קאָנפערענץ פון די מורשים פון קק״ל אין לאָקאַל פון דער ״תרבות״־שולע אין ווילייקע, מיטן אָנטייל פון דעם ארץ־ישראל דעלעגאַט ה׳ יעקב מלמד, ה׳ א. ל. בלאָך פון וואַרשע, און מ. ביטענסקי פון ווילנע.

די עפענונגס־רעדע האַלט דער פאָרזיצער פון ווילייקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ה׳ יעקב לעווין, וועלכער דער־

ציון

קול קורא!!!

צוליב די טרויעריקע געשעהנישן אין ארץ־ישראל, קומט פאַר היינט דעם 29 אווגוסט 1929 יאָר אין גרויסן בית־המדרש, אַ טרויער און פּראָטעסט מיטינג 4 אַזייגער נ. מ.

אַ הזכרה נאָך דיא געפאַלענע גבורים וועט מאַכן דער שטאָט חזן גאָלדבערג.

אַלע יידן ווערן אויף געפאָדערט אַלס צייכן פון פּראָטעסט און סאָלידאַריטעט מיט אונזערע מערטירער אין ארץ־ישראל צו שליסן דיא געשעפטן און די וואַרשטאַטן פון 4 ביז 7 נ. מ.

ווילייקער יידן!

קומט אויפן פּראָטעסט מיטינג!!

שטיצט אונזערע העלדן אין ארץ־ישראל!
גיכע הילף מוז געשאַפן ווערן פאַר דיא געליטענע!

ועד להגנת ארץ־ישראל
בווילייקה

Druk. Sz. Fleksera, w Wilejce.

קלערט, אַז קיינע ״ווייסע ביכער״ פון דער ענגלישער רעגי־רונג וועלן אונדז ניט אָפּשרעקן אין אונדזער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל. נאָר איין ווייס־בוך איז געפערליך. אַ ווייס־בוך פון קק״ל, אויב די הכנסות וועלן ניט געדעקט ווערן.



קרייז צוזאַמענפאָר פון קרן קיימת לישראל, דער מאַרש אויף פילסודסקי גאַס – תרצ״א.

עס באַגריסן די ח״ח ביטענסקי, י. מלמד, און א. ל. בלאָך, ווי אויך די היגע פאָרשטייער, ה׳ ש. ח. דובין אין דעם נאָמען פון דער יידישער קהילה, ה׳ קריוויצקי – גדוד קק״ל, רוד־ניצקי – ״תרבות״, אברהם קאָפּעלאָוויטש – קרן היסוד, אבר־הם נאָרמאַן – ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע; טורעצקי – התאחדות; פלעקסער – האַנטווערקער פאַראיין; די פאַרוואַלטערין פון דער שולע פריילין האפשטיין; פריילין לעווין – ביבליאָטעק; שייניוק, השומר הלאומי; נחמן לאַנדאָ – השומר הצעיר.

אין דער צווייטער זיצונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פּרע־זידיום אין צוזאַמענשטעל: ה׳ יעקב לעווין (ווילייקע) – פאָר־זיצער; יוסף בערנשטיין (סמאָרגאָן); גווינט (קורעניץ); ה׳ האַלפּער (קראַסנע) – וויצע פאָרזיצער; פריילן ל. גרייס (ראדאָשקאָוויטש) – סעקרעטאַרין.

מ. ב.

ווארשאווער ״היינט״ — 20.8.1930

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן, אַז אירע חברים זאָלן באַזוכן די אַרומיקע קלענערע שטעטלעך, כדי צו פאַר־שטאַרקן די ציוניסטישע אַרבעט. עס איז אַרויסגעפאָרן קיין קורעניץ ה׳ י. לעווין, וועלכער האָט גערעדט אין אַ געפּאַק־טער שול. צומאָרגנס האָט ער באַזוכט דאָס שטעטל קריוויטש, אָרגאַניזירנדיק די קק״ל אַרבעט.

ש. רודניצקי

ווארשאווער ״היינט״ — 8.9.1930

אין לאָקאַל פון דער ״תרבות״־שולע אין ווילייקע איז פאָר־געקומען אַ טרויער־אַקאַדעמיע צום אָנדענק פון די געפאַלענע גיבורים אין ארץ־ישראל. מיט רעדעס זענען אַרויסגעטראָטן דער פּרעזעס ה׳ י. לעווין, י. ח. דינערשטיין, ג. קריוויצקי און דער סטודענט ש. ראַבינאָוויטש.

ווילנער ״צייט״ — 23.4.1931

אַ קק״ל באַזאַר אין דאָלהינאָוו מיט דער באַטייליקונג פון פּרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ה׳ י. לעווין פון ווילייקע.

ווילנער ״צייט״ — 9.4.1933

איינדרוקן פון דעם קק״ל־כינוס אין מאָלאָדעטשנע, ווו עס באַטייליקט זיך דער ווילייקער חזן מיט זיין כאָר. עס רעדט דער שטענדיק ברויזנדער און קאָכיקער דובין פון ווילייקע. עס נעמט אָפּ דעם ראַפּאָרט דער גוטבאַקאַנטער און 200 פּראָ־צענטיקער ציוניסט פון ווילייקע ה׳ יעקב לעווין צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון קק״ל פון ווילנע און וואַרשע. ער זעט אויס ווי אַן אמתער מיליטער־מאַן. מיט זיין שיינעם און קרעפטיקן אויסזען דערמאָנט ער דעם שיפס־קאַפּיטאַן פון די יוגנט יאָרן, ווען ער איז געווען אַ ״מאָריאַק״ (יַם־מענטש).

א. צינצינאטוס

ווילנער ״צייט״ — 13.7.33

די קרייז־קאָנפערענץ אין גרויס־ווילייקע.

דעם 9־טן יולי איז פאָרגעקומען אין ווילייקע אַ קאָנפע־רענץ פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.



אַ זומער קאָלאָניע פון השומר הלאומי

דער פאָרזיצער ה׳ לעווין עפנט די קאָנפערענץ, דערמאָנט דעם טראַגיש אומגעקומענעם ד״ר אַרלאַזאַראָוו און דעם ציוניס־טישן עסקן מ. פעלדשטיין. ה׳ ח. ש. בערנהאָלץ פון לידע דערקלערט אין אַ 2 שעהדיקן רעפעראַט די אויפגאַבן פון דעם 18־טן ציוניסטישן קאָנגרעס.

ש. רודניצקי

וואַרשאווער ״היינט״

פראָטעסט פון ווילייקער ציוניסטן קעגן די פרובן צו ברעכן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אונטערגעשריבן אין נאָמען פון דער אַלגעמיינער ציונ. אָרג. אין ווילייקע יעקב לעווין פרע־זעס, הערמאַן פאַלץ, א. נאָרמאַן, אברהם קאָפּעלאָוויטש, סעק־רעטאַר ש. רודניצקי.

ווילנער ״צייט״

יובילײ פון ווילייקער ״הנוער הציוני״.

13.1.34 איז פאָרגעקומען די פייערלעכקייט פון 4 יאָריקן יובילײ פון ווילייקער קן פון ״הנוער הציוני״, מיט דער באַ־טייליקונג פון אח ההנהגה א. סקידלסקי און י. לעבענבערג. עס ווערט אַנטהילט די פאָן פון קן אין לאָקאַל פון דער ״תרבות״־שול. דער ראש הקן - צביה נאָרמאַן רעדט וועגן דער אַנטוויקלונג פון קן אין די 4 יאָר פון זיין עקזיסטענץ.

מ. ק.

ווילנער ״צייט״ — 6.5.34

אַ קולטור יום־טוב אין גרויס ווילייקע.

צו דעם 15 יאָריקן יובילײ פון דער ״תרבות״־שולע ״הרצ־ליה״. פרייטאָג 12 אַ זייגער נאָכמיטאָג האָט זיך פאָרמירט אַ שילערצוג דורך די גאַסן פון שטאָט. ה׳ צעמעל האָט באַ־גריסט די קינדער צו זייער יום־טוב. מוצאי־שבת איז אין זאַל פון קינאָ פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזע אַקאַדעמיע, וועלכע איז געעפנט געוואָרן דורך ה׳ י. לעווין. עס באַגריסן ה׳ דובין, דער פאַרוואַלטער פון שול ה׳ שעפסנוואָל, ה׳ קריוויצקי - התאחדות.

אין דעם פוילישן ״קוריער״ פון 5.12.34

אין ווילייקע איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון העברעישע לערער פון די ״תרבות״־שולן אונטער דער אָנפירונג פון דירעקטאָר פון ״תרבות״־סעמינאַר ד״ר צווייגעל, און דירעק־טאָר פון ״תרבות״ אין פוילן ה׳ צעמעל.

וואַרשאווער ״היינט״

ציוניסטישער עסקן פון ווילייקע אָפּגעפאָרן קיין א״י.

דער פרעזעס פון דער אַלגעמיין ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ה׳ יעקב לעווין איז אָפּגעפאָרן קיין א״י. לכבוד דעם אָפּפאָר פון ה׳ לעווין איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכער אָפּשייד־באַנקעט. אין די רעדעס איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם הויז פון חשובן עולה, וועלכעס איז געווען אַן אמתע ציוניסטישע אכסניה.



שילער פון פאָלקס־שולע "הרצליה" דעמאָנסטרירן זייערע אויפטוען פון פאָסט־מאַרקעס

ווילנער "צייט" פון ו׳ תמוז, תרצ"ז — 15.6.37

די אימפּאָזאַנטע קולטור־פייערונג אין גרויס־ווילייקע.

בעת דעם לייגן דעם גרונדשטיין צו דעם 2 שטאָקיקן בנין פון בי"ס "תרבות". צו דער פייערונג איז איינגעלאַדן געוואָרן פאָרשטייער פון אַ ריי ווילנער קולטור אינסטיטוציעס און פּרעסע. כמעט אַלע אינסטיטוציעס האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג און די ווילנער דעלעגאַציע אויף דער פייערונג איז געווען צאָלרייך רעפּרעזענטירט, בראש מיטן קהילה־פּאָרזיצער ד"ר יעקב וויגאָדסקי, צ. ק. "תרבות" אין וואַרשע א. איינשטיין, ווילנער "תרבות" ה׳ דאַנישעווסקי.

ביי אַ פול־געפּאַקטן עולם אין בית־המדרש עפנט ה׳ ש. ח. דובין אין העברעיש די אַקאַדעמיע, באַגריסט די געסט, באַזונדערס דעם ד"ר וויגאָדסקי. אין זעהר שווערע צייטן פאַר יידן אין גאָר דער וועלט און אין פּוילן בפרט, בויען מיר אונדזער לעבן דאָ, אָבער פון אונדזער גרויסער פאַרגאַנגענהייט שעפּן מיר כוחות פאַרן היינט. מיר בויען ארץ־ישראל, און אין דער זעלבער צייט היטן מיר אונדזערע פּאָזיציעס דאָ, ניט פאַרלירנדיק דעם מוט און ענערגיע.

ד"ר וויגאָדסקי שטעלט זיך אָפּ אויף דער שווערער לאַגע פון דעם וועלט־יידנטום און דריקט אויס זיין מורא, ס׳זאָל ערגער ניט ווערן... דאָס איז דאָס אַלטע לידעלע, וועלכעס מען זינגט אין משך פון 2000 יאָר. אַמאָל האָט עס געהייסן "גרוש", היינט - עמיגראַציע. ער רעדט וועגן דער לעצטער טרויעריק־באַרימטער "ראַסן טעאָריע".

דער ראַסיזם (פון שנאה) פון היטלער־לאַנד און זיינע מקורבים אין אַנדערע לענדער איז אַ שעדלעכע זאַך. און מיר מוזן קעמפן קעגן אים. אַ פאָלק פון אַ הויכן אידעאַל גיט אים דעם מאָראַלישן עקוויוואַלענט. דאָס איז אונדזער קולטור.

אין נאָמען פון די שילער פון דער "תרבות"־שול באַגריסן די קינדער אברהם צעסאַקאָוו און בריינע רייטשטיין, וועלכע רעדן אין פליסיקן עברית. אין נאָמען פון קרן היסוד, ווילייקע, באַגריסט א. קאָפּעלאָוויטש; פון פאָלקס־באַנק — ש. איידלמאַן; פון גמילות־חסד — יצחק סיראַטקין; פון דער "תרבות"־שול, דער פאַרוואַלטער שעפּסנוואָל. פון קורעניצער קהילה - ה׳ מינקאָוויטש; פון מאָלאָדעטשנע - ה"ה בערמאַן און נאַראָווטשיק.

אין נאָמען פון דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטן־פאַראיין - ה׳ חיים לעווין, וועלכער דריקט אויס זיין ווונטש, אַז אויך אַנדערע ישובים זאָלן נאָכטאָן דעם שיינעם ביישפּיל. דאָס וועט זיין דער בעסטער ענטפער אויף די אַלע גזירות און רדיפות.

אין נאָמען פון "תרבות" — ווילנער גליל — ה׳ דאַנישעווסקי; פון מרכז "תרבות" וואַרשע — ה׳ איינשטיין.

אַרויסגייענדיק פון שול, פאָרמירט זיך אַ הערלעכער מאַניפעסטאַציע־צוג. בראש גייען די שילער און שילערינס מיט זייער שול־פאָן מיט זייערע לערער און פאַרוואַלטער. דאַן גייט ד"ר וויגאָדסקי מיט דעם עלטסטן יידן אין ווילייקע (102 יאָר) נתן קאָפּעלאָוויטש און אַלטן ווילייקער רב הרב



אפשייד באַנקעט פאר ה׳ יעקב לעווין מיט זיין פאַמיליע – צו זייער עולה זיין קיין ארץ ישראל

מאַשיץ. נאָך זיי די דעלעגאַציעס פון ווילנע און פון די אַרומיקע שטעטלעך. צום סוף – ווילייקער יוגנטלעכע און עלטערע מענער און פרויען.

אויף דער טריבונעביים פלאַץ ווו ס׳דאַרף געלייגט ווערן דער גרונטשטיין זענען פאַרזאַמלט הונדערטער מענטשן, יידן און קריסטן. דער אַלטער רב מאַשיץ האַלט אַ רעדע אין יידיש. ה׳ דובין באַגריסט אין פויליש די פאַרשטייער פון דער מאַכט דעם פאַוויאַטאַוון סטאַראָסטע, דעם בורמיסטש, פאָליציי־קאָמענדאַנט, שול־אינספעקטאָר, שעף פון זיכערהייטס־אַמט פון פאַוויאַט ה׳ ראַדזיוואָן.

אויך ד״ר וויגאָדסקי באַגריסט זיי אין פויליש און צווישן אַנדערע זאָגט ער: אין אַזא שווערער צייט, ווען דער יידישער קיום אין פוילן איז באַדראָט, פייערן דאָ יידן אַ יום־טוב פון בויען אַ שול, וועלכע דאַרף געבן אירע תלמידים ניט נאָר בילדונג נאָר דעם טראַדיציאָנעלן אַלטן העברעישן חינוך, וועלכער איז געבויט אויף יושר, שלום, ליבע צום נאָענטסטן. די אַלע, וועלכע באַשולדיקן יידן אין שנאה צו דעם פוילישן פאָלק און פוילישער מלוכה, גייען זיך שטאַרק פונאַנדער מיטן אמת.

דער סטאַראָסטע דאַנקט ד״ר וויגאָדסקי פאַר זיין שיינער רעדע און ווינטשט, אַז דער שטיין, וועלכער איז אַוועקגע־לייגט געוואָרן אונטערן בנין, זאָל צוברעכן די כינעזישע וואַנט, וועלכע טיילט אָפּ דאָס יידיש פאָלק פונם פוילישן.

מיט געזאַנג פון ״התקוה״ צעגייט זיך דער עולם אין אַ געהויבענער שטימונג.

* פאַרצייכנט לויט די דאָקומענטן פון ה׳ יעקב לעווינס אַרכיוו.

ק.פ־ר

# שולן און בתי־מדרשים

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אין ווילייקע געבויט געוואָרן 2 נייע שולן, דער גרויסער בית־מדרש און די מתנגדישע שול, אָנשטאָט די צוויי אָפּגעברענטע אַלטע שולן: דער אַלטער קאָידאַנאָווער בית־מדרש און קאָידאַנאָווער שטיבל.

### דער "גרויסער בית מדרש"

די גרויסע און צענטראַלע שול איז געווען דער אַזוי גערופענער "גרויסער בית־מדרש", וועלכער איז געבויט געוואָרן אויף דעם זעלביקן אָרט, וווּ עס איז געשטאַנען דער אַלטער גרויסער קאָידאַנאָווער בית־מדרש.

אין גרויסן בית־מדרש האָבן געדאַוונט דאָס רוב קאָידאַנאָווער חסידים און סתם בעלי־בתים, סוחרים, קרעמער, בעלי־מלאָכות און "עמך", יידן אָן פּרעטענזיעס, צוזאַמען מיטן רב און ראשי הקהל.

אין בית־מדרש האָט עקזיסטירט אַ חברה ש"ס, וווּ ר׳ שמואל דער שוחט האָט געזאָגט אַלע טאָג אַ בלאַט גמרא בין מנחה למעריב און אויך "עין־יעקב". דאָ האָבן יידן, ביי יעדער געלעגנהייט געזאָגט תהילים.

אַלע געזעלשאַפטלעכע אסיפות, ווי קלייבן אַ פאַרוואַלטונג אין באַנק, גמילות־חסדים־קאַסע, אָדער מיטינגען לטובת קק"ל און קרן היסוד, פּראָטעסט־מיטינגען, פלעגן פאָרקומען אין גרויסן בית־מדרש. דאָ האָבן זיך יידן געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. און ווען שלמה־חיים דער סופר פלעגט אַרויסכאַפּן שמחת־תורה ביי ר׳ מרדכי עפּשטיינען דאָס מוסף־דאַווענען, האָבן אַלע מתפּללים געקוואָלן, אָנהויבנדיק פון די הייסע חסידים ביז די לינקע. ווייזט אויס, אַז די טראַדיציע פון דורות, איז ביי אַלעמען געבליבן געשעצט און טייער.

די גרינדער און שפּעטערדיקע גבאים פון שול, זענען געווען: ר׳ משה־שמעון נאָרמאַן און ר׳ אלי־לייב זאגארמיסטער – אַלס קאַסיר.

אין 1940 האָבן די סאָוויעטן, אונדזערע "באַפרייער", פאַרוואַנדלט די שול אין אַ "אַפּשטשע־זשיציע", בלויז דאָס קליין צימערל אין פּאָליש איז איבערגעבליבן צום דאַווענען.

די ערשטע סעלעקציע, ביי דער ערשטער אַקציע, וועלכע די דייטשן האָבן דורכגעפירט, איז פאָרגעקומען אין גרויסן בית־מדרש. דאָ האָבן אונדזערע בעסטע און טייערסטע זיך געזעגנט מיטן הייליקן אָרט. זייערע תפילות האָבן הימלען געשפּאָלטן, נאָר צום כסא הכבוד ניט דערגאַנגען. פון דאַנען זענען זיי געפירט געוואָרן אין מאַלוניער וועלדל און דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן. די דייטשן האָבן שפּעטער דעם מקום־קדוש פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַל. אין 1944, ביים צוריקציען זיך פון שטאָט, האָבן זיי דעם בית־מדרש פאַרברענט, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידישע הייזער.

### די מתנגדישע שול

אויפן שול־הויף, וווּ עס איז געשטאַנען די אַלטע קאָידאַנאָווער שטיבל, מיטן אַלטן רב׳ס הויז, האָבן די מתנגדים אויסגעבויט זייער שיינע שול. נאָך אין 1917 האָבן זיך אַ פּאָר מנינים מתנגדים געשאַפן אַ מנין אין אַ חדר ביי דער ליובאַוויטשער שטיבל. די פריערדיקע גרינדער און שפּעטערדיקע גבאים, ר׳ משה סווירסקי, ר׳ ליפּע גוטמאַן, ר׳ ישעיהו איידעלמאַן, און ר׳ לייב מאַלאַשקעוויטש, האָבן אַ סך מי, איבערגעגעבנקייט, האַרץ און געלט, אַריינגעלייגט אין דער גרינדונג פון דער שול.

דאָס חנוכת־הבית איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָטישן גרויסן יום־טוב. עס איז איינגעלאַדן געוואָרן דער סענאַטאָר הרב יצחק רובינשטיין פון ווילנע, וועלכער איז געקומען אין באַגלייטונג פון אונדזער חבר ח. ש. קאָפּעלאָוויטש. עס זענען ביי־געווען דער סטאַראָסטע, בירגערמייסטער און העכערע פוילישע באַאַמטע.

אויך דאָ, האָבן יידן געדאַוונט דריי מאָל אַ טאָג. הרב משה קליין, דעם רב׳ס איידעם, האָט געלערנט טעגלעך אַ בלאַט גמרא (דף היומי). די סאָוויעטן האָבן פאַרוואַנדלט די שול אין אַ תבואה־סקלאַד. די דייטשן האָבן זי באַנוצט אַלס ביוראָ פאַר דער געסטאַפּאָ און נאָך אָנהייב ווינטער 1941 זי פאַרברענט.

### די ליובאַוויטשער שטיבל

נעבן דעם טייכל פּלעסניאַנקע, איז געשטאַנען די ליובאַוויטשער שטיבל; זי איז אויפגעבויט געוואָרן, וואַרשיינלעך, אין מיטן פון נייַנצעטן יאָרהונדערט. אַ ספּעציעלן מזל האָט געהאַט די שטיבל. זי איז ניט אָפּגעברענט געוואָרן. אין אַלע מלחמה־יאָרן האָבן יידן געדאַוונט אין איר. דאָ האָבן די ליובאַוויטשער חסידים געפירט זייער אייגענע מלוכה לויט זייער נוסח און שטייגער; זיי האָבן פאַרמאָגט אייגענע אַנשטאַלטן פון תורה און חסד.

ר׳ יהודה לאַנדאָ פלעגט לערנען אַלע טאָג אַ בלאַט גמרא און שבת דעם "תניא". זיי האָבן אויסגעהאָלפן די היימישע אינסטיטוציעס מיט זייער אַ סך איבערגעגעבנקייט. נאָך דער



די מתנגדישע שול

ערשטער וועלט־מלחמה, איז בערטשע גרינהויז געווען דער גבאי אין שטיבל און אין חברה־קדישא און זייער פאָרשטייער אין אַנדערע אינסטיטוציעס.

זייענדיק שטענדיק פאַראייניקט און איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן, פלעגט מען זיך אין ווילייקע שטענדיק רעכענען מיט זייער מיינונג. זייער פאָרשטייערשאַפט אין אַלע אַנ־שטאַלטן איז געווען גרעסער ווי זייער צאָל אין דער יידישער באַפעלקערונג.

די סאָוויעטן האָבן די שטיבל פאַרוואַנדלט אין אַ קאַרטאָפל־סקלאַד. מיטן צוריקציען זיך פון די דייטשן, אין 1944, האָבן זיי זי פאַרברענט.

### די קאַידאַנאָווער אַלטע שטיבל

ווי געזאָגט, האָט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה עקזיס־טירט אַ קאָידאַנאָווער שטיבל, כאָטש דער גרויסער בית־מדרש האָט אויך אָנגעהערט צו די קאָידאַנאָווער חסידים, ווייל זיי זענען געווען די מערהייט אין שטאָט. דאָך, האָט די שטיבל געהאַט אַן אייגענע געשיכטע מיט אַן אייגענעם יחוס.

די שטיבל איז געבויט געוואָרן בערך אין 1850. דאָרט האָבן געדאַוונט משמנה ומסלתה פון די קאָידאַנאָווער חסידים, אַלע יחסנישע משפחות. ווען דער אדמו״ר ר׳ יוסף פערלאָוו ז״ל, פלעגט באַזוכן איינמאָל אין יאָר די שטאָט, האָט ער געדאַוונט אין שטיבל, און דאָרט געפּראַוועט זיינע טישן מיט תורה, חסידות און זמירות.

דאָ האָט מען ניט דערלויבט יעדן דאַוונען ביים עמוד; בעיקר אין ימים טובים. אַלע בעל־תפילות זענען געווען יראים ושלמים און געהאַט שיינע שטימעס, זייערע האַרציקע תפילות און זיסע נגונים האָט מען אין אַ סך יידישע הייזער איבערגעזונגען.

עס האָבן אין איר דורות חסידים זייער יידישער און ספּע־ציעל חסידישער דערציונג באַקומען און זיך אויסגעלעבט אין זייער ריינער, היימישער אַטמאָספערע.

### דער אַלטער בית־מדרש

די זקנים האָבן דערציילט, אַז דער אַלטער בית־מדרש איז געווען פון די עלטסטע בנינים אין שטאָט, און איז געשטאַנען איבער הונדערט יאָר. ד. ה. אַז ער איז געבויט געוואָרן בערך אין יאָר 1800, אין אָנהויב פון דער גרינדונג פון דער שטאָט. ער איז אָפּגעברענט געוואָרן אין 1915.

אין בית־מדרש האָבן געדאַוונט דאָס רוב קאָידאַנאָווער חסידים, – וואַרשיינלעך, אַז קיין אַנדערע חסידים, ביי דער גרינדונג פון דער שטאָט, זענען ניט געווען, – ״עמך״־יידן,



הרב אברהם מאשיץ (דעם רב׳ס זון)
רב אין בערעזשניטשע

מיטן שטאָט־גביר נח־משה עפּראַן און זיין משפּחה. דער בית־מדרש איז געווען אַ סך יאָרן דער ערשטער און איינציקער מקום תפילה אין שטאָט.

ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרגרעסערט און עס זענען אָנגעקומען קיין ווילייקע נאָך יידן, וועלכע האָבן ניט אָנגעהערט צו די קאַידאַנאָווער חסידים, זענען אַנטשטאַנען נייע מנינים – די ליובאַוויטשער שטיבל און דער סלאָנימער מנין. ווייזט אויס, אַז די קאַידאַנאָווער הייסע חסידים האָבן אויך געזוכט אַ ספּעציעלן אָרט, ווו זיי זאָלן קענען זיך אויסלעבן אין זייער ספּעציעלער חסידישער אַטמאָספערע, דערפאַר האָבן זיי אויסגעבויט די שפּעטערדיקע קאַידאַנאָווער שטיבל, וועלכע האָט זיי געדינט פאַר אַ שול צום דאַווענען און לערנען און אַן אָרט פאַר חסידות, נאָר פאַר אנשי שלומנו.

דער סלאָנימער מנין

ווי געזאָגט, האָבן די סלאָנימער חסידים געשאַפן זיך אַן אייגענעם מנין, כדי זיך געפינען אין אַ סביבה פון אייגענע מענטשן, מיטן אייגענעם נוסח און שטייגער. עס האָט זיי דער סלאָנימער חסיד, ר׳ אשר קאַפּעלאָוויטש (דער בירער), אָפּגעגעבן אַ צימער ביי אים אין הויז. שבת האָבן זיי געהאַט אַ שיינעם עולם מתפללים. אין דער וואָכן איז געווען שווער צו שאַפן אַ מנין. דאָס הויז צוזאַמען מיט דער שטיבל האָבן אָפּגעברענט אין יאָר 1920 בערך און מער זיך ניט אָפּגעבויט.

## רבנים אין ווילייקע

אין דער בערך 200 יאָריקער עקזיסטענץ פון אונדזער שטאָט האָבן מיר ניט געקענט געפינען מקורות פון די רבנים־דינאַסטיעס, וועלכע האָבן זיכער פאַרנומען דאָס כסא הרבנות אין ווילייקע. דער איינציקער מקור האָבן מיר געפונען אין ספר ״דברי־שלום״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ווילנע אין 1882 יאָר דורך ר׳ שלום פּערלאָוו פון דער קאַידענאָווער רביישער דינאַסטיע. ער דערמאָנט, אַז דער ערשטער לעכעוויטשער רבי, ר׳ מרדכי (1742 – 1810) האָט געהאַט אַ תלמיד מיטן נאָמען ר׳ שלום אב״ד (אב בית־דין) דווילייקא.

מען דאַרף אָננעמען, אַז דער דערמאָנטער ר׳ שלום איז געווען דער ערשטער רב אין ווילייקע. אגב, די צייט שטימט מיט דער גרינדונג פון אונדזער שטאָט.

עס איז אויך באַקאַנט, אַז ר׳ איטשעלע פּערלאָוו איז אָנגעקומען אַלס רב אין ווילייקע אין די 70־ער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט. קומט אויס, אַז ביי אַ יובל יאָרן בערך פון פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט פעלן אונדז ידיעות וועגן די רבנים, וועלכע האָבן פאַרנומען דעם כסא־רבנות אין ווילייקע.

הרב ר׳ יצחק פּערלאָוו

ווי געזאָגט איז ר׳ יצחק פּערלאָוו אָדער ווי מען פלעגט אים רופן ר׳ איטשעלע, געווען רב אין ווילייקע בערך דרייסיק יאָר. ער איז געווען באַליבט אין שטאָט צוליב זיין קלוגשאַפט, גוטסקייט און זעלטענע מידות. יעדער ליידנדיקער ייד און מענטש פלעגן געפינען ביי אים אַ טרייסט־וואָרט. ער איז געווען אָנגענומען פאַר אַ ״גוטן ייד״; מען פלעגט קומען צו אים נעמען ברכות. ער האָט געשטאַמט פון דער חסידישער קאַידאַנאָווער רביי׳שער משפּחה, האָט זיך גערעכנט פון די חשובע רבנים אין רוסלאַנד. האָט איבערגעלאָזן אַ געדרוקטן ספר ״ארז בלבנון״, צוגעגרייט צום דרוק דעם קאַידאַנאָווער סדור, וועלכן עס האָט אָפּגעדרוקט זיין זון ר׳ אהרן, דער טאַטער פון שרייבער יצחק פּערלאָוו. נאָך זיין פּטירה אין תרס״ב, איז ווילייקע געבליבן געציילטע יאָרן אָן אַ רב. ביז עס איז אָנגענומען געוואָרן אַלס רב אין שטאָט זיין איידעם הרב יהודה מאַשיץ.

הרב ר׳ יהודה מאַשיץ

אַלס יונגערמאַן האָט הרב מאַשיץ אויסגעקלונגען אין די ליטווישע ישיבות אין סלאָבאָדקע־קאָוונע, אַלס בריסקער עילוי. ער האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן טיפן קאָפּ און איז געווען אַ גרויסער בעל־מחדש. נאָך בחורווייז פלעגט ער פאַרצייכענען זיינע חידושים פאַר זיין שפּעטערדיקן באַוווסטן ספר ״מחנה יהודה״ אויף מסכת גיטין, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן אין דער לומדישער וועלט און בעיקר אין די ליטווישע ישיבות.

מען קען זאָגן אַז אַ דאַנק דעם ספר איז ווילייקע באַוווסט געוואָרן אין דער יידיש־רבנישער וועלט אַלס אַ חשובער יידישער ישוב אין די קרעסן געביטן.

הרב מאַשיץ האָט זיך גערעכנט פון די חשובע רבנים אין פּוילן. רבנים, דיינים פלעגן זיך ווענדן צו אים מיט שאלות. ביי הגאון ר׳ חיים־עוזר זצ״ל איז ער געווען איינער פון די



הרב ר׳ שלום אלתר פרלוב
האדמו״ר מקוידנוב־ברנוביץ׳

רבנים וואָס מען האָט זיך גערעכנט מיט זייער מיינונג און פסק־דין.

ער האָט אַ סך צייט אָפּגעגעבן אויף מרביץ תורה זיין, האָט געדאגה׳ט פאַר לומדי־תורה. האָט אַכטונג געגעבן אויף דער תלמוד־תורה. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער גע־פירט די רבנות ביד חזקה, זיך גערעכנט נאָר, לויטן דין, אפילו ווען דאָס האָט אים געשאַט צו דער פרנסה. ער האָט געלעבט אין דחקות און איז געווען צופרידן, וואָס ער קען זיצן לערנען און שרייבן זיינע חידושי תורה אָן שטערונגען. זיינע דרשות זענען געווען פול מיט חכמה און וויסן, געוועבט אין תורה׳דיקע פערלדיקע, גוטע און טיפע געדאַנקען. ער איז געווען אַ הייסער פריידיקער פאַר ארץ־ישראל. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער זיך באַקלאָגן, וואָס ער איז אַלט און שוואַך און קען ניט אַליין עולה זיין מיט דער משפחה קיין ארץ־ישראל. אין די יאָרן 39 - 1938 האָט ער געליטן אויף אַ צוקער־קראַנקהייט. אין די מלחמה־יאָרן האָט אויסגעפּעלט אינסולין. זיין שוואַכער קערפּער האָט מער ניט געקענט אויס־האַלטן און אַכט טעג אין אדר ת״ש — 1940 האָט ער אויסגע־הויכט זיין נשמה. מען האָט נאָך אים, דעם לעצטן ווילייקער רב. מספּיד געווען אין גרויסן בית־המדרש און געבראַכט צו קבר־ישראל טראָגנדיק זיין ארון אויף די אַקסלען פון ווילייקער בחורים־סאָלדאַטן אין דער סאָוויעטישער אַרמיי. ת.נ.צ.ב.ה.

פון דעם רבס משפחה זענען געבילבן ביים לעבן: זיין זון יעקב מאַשיץ מיט זיין פאַמיליע אין ישראל, און דער יינגסטער זון דוד מיט אַ פאַמיליע, אַ רב אין אַמעריקע.

הרב ר׳ משה קליין (דעם רב׳ס איידעם)

הרב ר׳ משה קליין האָט זיך גערעכנט אַלס איינער פון די בעסטע בחורים אין דער קלעצקער ישיבה פון הגאון ר׳ אהרן קאָטלער זצ״ל.

אַלס קינד איז ער אַנטלאָפן פון דעם סאָוויעטישן רעזשים פון סמילעוויטש, מיט דער ישיבה קיין פּוילן. אָן אַ פאַמיליע, אָן קרובים האָט ער זיין גאַנצן יוגנט געווידמעט דעם לערנען תורה ביים וועלט גאון ר׳ אהרן קאָטלער.

ער האָט חתונה געהאַט מיט חנהן, דעם רבס מיטעלע טאָכ־טער און איז געבליבן אין ווילייקע ביים רב אין שטוב. ער האָט זאַגאַר אין די יאָרן 39 - 1938 אַוועקגעפאָרן לערנען אין ר׳ חיים־עוזרס כולל אין ווילנע, האָפנדיק פון דאָרט זיך איינ־צואָרדנען. אין 1939, מיטן אויסברוך פון קריג, קערט ער זיך אום אַהיים אין ווילייקע און איז פאַרבליבן ביז די דייטשן זענען אַריין. ער האָט אויסגעפּילט די פונקציעס פון רב נאָך דעם רב׳ס פטירה. אויף וויפל עס איז געווען מעגלעך אין דער צייט פון די סאָוויעטן.

נאָך אין 1942, אין די לעצטע וואָכן פון זיין לעבן, האָט ער אויפגעהערט צו ריידן דברים בטלים, פלעגט גאַנצע טעג באַהאַלטענערהייט זיצן און לערנען בהתמדה תורה און מוסר.

אַ דייטשישע קויל האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן.

יצחק פערלאָוו

צו דער רבנישער משפחה אין ווילייקע געהערט דער באַוווס־טער יידישער דיכטער יצחק פערלאָוו. געבאָרן אין ווילייקע, זיין פאָטער אהרן איז געווען דעם אַלטן רב׳ס הרב ר׳ יצחק פערלאָווס עלטסטער זון.

די קינדער יאָרן האָט ער פאַרבראַכט מיט דער פאַמיליע אין ווילייקע ביז דער מלחמה. אין 1927 הייבט ער אָן דרוקן זיינע ערשטע יידישע לידער, און ווערט באַקאַנט אַלס אַ יונגער פּאָעט פון אַ רבנישער אָפּשטאַם.

שפּעטער גיט ער אַרויס ראָמאַנען, דערציילונגען אין יידיש און אויך סיפורים אין העברעיש ״אהבה ונדודים״.

פאַר די יידישע דערציילונגען ״מאַטילדאַ לעבט״ באַקומט ער די ״צבי קעסעל״ פּרעמיע אין מעקסיקע.

היינט איז ער אַ מיטאַרבעטער אין אַמעריקאַנער ״פאָר־ווערטס״.

אַלע זיינע פּראָזע ווערק דערשינען יעצט אין אַמעריקע אין ענגליש.

# געזונטהייט־וועזן אין שטאָט

אַלס קרייז־שטאָט, האָט ווילייקע פאַרמאָגט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַ שפּיטאָל מיט 5 בעטן פאַר קראַנקע. דער ערשטער דאָקטער איז געווען ד״ר דילאַן, אַ ייד, נאָך אים איז געווען דאָקטער אָרלאָווסקי, אַ פעלדשער נאָוואַש, אַ צאָן־דאָקטער קאַנטאָראָוויטש און אַן אַקושערין. אויסער דעם זענען געווען ״זנאַכערס״, ״עין־הרע״־אָפּשפּרעכערס. מען איז אויך געפאָרן צו קידרים און זיך באַנוצט זעהר אַ סך מיט אייגענע פּרימיטיווע שטוביקע מיטלען און רעצעפּטן.

צווישן ביידע וועלט־מלחמות, האָט ווילייקע אויסגעבויט אַ נייעם פּאָוויאַטאָוון שפּיטאָל, מיט 80 בעטן. ד״ר קראוזע איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון שפּיטאָל. עס פלעגן קומען יונגע דאָקטוירים פון ווילנער מעדיצינישן פאַקולטעט מאַכן סטאַזש. צווישן זיי זענען אויך געווען יידישע דאָקטוירים, וועלכע האָבן אַריינגעטראָגן אין שטאָט לעבן. זיי פלעגן האַלטן רעפעראַטן און חבר'ן זיך מיט דער יוגנט. שפּעטער, זענען זיי געוואָרן אָנגעזעענע דאָקטוירים, ווי קאָטלער פון דאָלהי־נאָוו, מולע און מאיר ראַבינאָוויטש, מאיר פליסקין, חיענע מאַרקאַן און ד״ר כורג. דער לעצטער איז אין אַמעריקע.

ד״ר קאָמענדאַנטאָוו האָט זיך גערעכנט פאַר דעם ספּעציאַליסט פון שטאָט. דער יידישער דאָקטער איז געווען בליטשטיין; צוויי פעלדשער נאָוואַש און מיקוליטש, דריי צאָן־דאָקטוירים, שימשעלעוויטש (פון דעם פּרעזידענט בן־צבי'ס משפּחה), סאָניע באַלאַשינסקאַ – איוויאַנסקא און קינסקאַיאַ. די אַקושערינס זעלדע רודניצקי און מיכלע קאָפּעלאָוויטש און די שוועסטער רחל קאָגאַן. עס איז געווען איין אַפּטייק בוניעוויטשעס און 2 סקלאַד־אַפּטעטשני פון בערמאַן און רודענסקי, ווו מען האָט געקענט קויפן געוויסע רפואות.

אין די לעצטע יאָרן, זענען געשאַפן געוואָרן אַ מלוכהשע גיכע־הילף (רויטער קרייץ), אַ ״טראָפּן מילך״, און אַ מלוכהשע קראַנקן־קאַסע פאַר אָנגעשטעלטע.



# היגיענישע אַנשטאַלטן

די שטאָט האָט פאַרמאָגט 2 בעדער מיט שוויץ־צימערן, וועלכע זענען געשטאַנען איינע אויפן שול־הויף און די צווייטע נעבן ליובאַוויטשער שטיבל. זיי זענען געהייצט געוואָרן בלויז פרייטאָג. עס פלעגן זיי באַזוכן אויך אַ סך קריסטן. די מקוואות זענען געווען אין דעם זעלביקן בנין און זענען געהייצט גע־וואָרן עטלעכע אָוונטן אין דער וואָך. דער פּאָוויאַטאָווער סאַני־טאַר פלעגט פון צייט־צו־צייט באַזוכן און קאָנטראָלירן די ריינקייט איןביידע בעדער.

### דאָס שעכט־הויז

הינטערן שטאָט, ניט ווייט פון בית־הקברות, איז געשטאַנען דאָס שעכט־הויז, וועלכעס האָט געדינט בלויז פאַר די ווילייַ־קער קצבים. זיי פלעגן קויפן לעבעדיקע בהמות, גרויסע און קליינע, און דאָרטן שעכטן. דער שוחט נאָך דער מלחמה איז געווען ר׳ שמואל לעווין; דער יידישער וועטערינאַר – דאָקטער יאַשטשאָמב, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פון דער מאַכט. ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה אין דער פּאַרטיזאַנקע. ער האָט אַכטונג געגעבן אויף דער היגיענע פון פלייש און שחיטה. עס איז געווען אַ צייט, ווען פון דער ווילייקער שחיטה פלעגן די קצבים פירן פלייש צום פאַר־קויפן אין ווילנע.

### אייז־קעלערס

עס זענען געווען עטלעכע אייז־קעלערס, ווו מען פלעגט ווינטער־צייט אָנגרייטן אייז, פון דער ווילִיע. זומער פלעגן זיי נוצן פאַר די קצבים צו האַלטן דאָרט פלייש, עס זאָל ניט קאַליע ווערן. אויך די פאַבריקלעך פון קוואַס, סאָדע וואַסער און לעמאָנאַד (ביי גרשון קאָפּעלאָוויטש און אשר פלאָרמאַן), האָבן געהאַט אייגענע אייז־קעלערן.

ועד פון קרן קיימת לישראל אין ווילייקע – 1934.
עס זיצן אין מיטן, 4טער פון רעכטס: הערמאן פאלץ – סעקרעטאר און יעקב קאָפּעלאָוויטש – מורשה



# פארטייען און אינסטיטוציעס

ח. ש. קאפעלאוויטש

## ציוניזם

די יוגנטליכע פון לעצטן דור פארן חורבן־ווילייקע, האָבן גע־צויגן זייער ציוניסטישע יניקה, פון דער "תרבות" שולע מיט אירע לערער און עסקנים. זיי זענען געווען די רעזערוו פאר אלע ציוניסטישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס, פארטייען און שאטי־רונגען.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אז בלויז מיט 2 דורות צוריק, זענען די געציילטע ציונים אין שטאָט, גערודפ'ט גע־וואָרן דורך דער איבערוויגנדער מערהייט פון עקסטרעמע חסי־דים.

ווען דער באַוווסטער ציוניסטישער רעדנער צאַדיקאָוו, איז אָנגעקומען אין שטאָט אגיטירן פארן ציוניסטישן געדאַנק, האָט זיך געפונען ווער ס'האָט געמאָלדן ווו מען דאַרף, און צאדיקאָוו איז ארעסטירט געוואָרן אלס רעוואָלוציאָנער, און איבערגעשיקט געוואָרן אין ווילנע. א דאנק די השתדלות פון י״ל גאָלדבערג, א ציוניסטישער עסקן אין ווילנע, איז ער באפרייט געוואָרן.

די ערשטע הרצליאנישע ציוניסטן זענען געווען יעקב לעווין, אליעזר זאב קאָפעלאָוויטש, אליהו יהושע שולמאַן, משה נחמיה קאָפעלאָוויטש, אברהם און בן־ציון נאַרמאַן, שרה רייזל און איר ברודער שמואל רודניצקי, שארלאט און שפעטער מנחם רודניצקי־אדיר. מיטן טויט פון ד״ר הערצל איז די גרופע פונאנדערגעפאלן.

ערשט אין 1913, א דאנק די איניציאטיוו פון די יינגערע חברים ברוך סווידלער און ברוך צוקערמאַן, איז געגרינדעט געוואָרן די "צעירי ציון" אָרגאַניזאַציע. מיט א פייערליכן אויפקלערונגס רעפעראט איז ארויסגעטראטן אויף דער גרינ־דונגס פארזאמלונג יעקב לעווין. דאָס איז געווען די ערשטע שיין געבויטע ציוניסטישע רעדע, וועלכע האָט אונז אלעמען ארויסגעהויבן, פון דאמאלסדיקער ארומבלאָנדזשעניש און זוכע־נישן, און אונז אָנגעשלאָסן צו דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אונז געוואָרן נאָענט צום הארצן.

עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן א סך חברים, די פארזאמלונגען פלעגן פאָרקומען יעדן שבת, זומער־אין וואלד, אין פעלד; מיר האָבן אויך אויפגעשטעלט אומלעגאל א ביבליאָטעק.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה אין 1914, האָט געדראָט גרויסע שטראָף פאר אָנגעהערן צו אן אומלעגא־לער אָרגאַניזאַציע, האָבן מיר זי דאן אויפגעלעזט.

נאָך דער פעברואַר רעוואָלוציע אין 1917, ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די וואלן צום אלרוסישן יידישן צוזאמענפאָר, האָט די איבערגעבליבענע יוגנט אין ווילייקע, באנייט איר


№940059 מספר

Shekel שקל

מר

בעיר

Paid one Shekel שלם שקל אחד

יום לחדש תרפ

Date 192

ISSUED BY THE EXECUTIVE OF THE ZIONIST ORGANIZATION, LONDON.

ציוניסטישע טעטיקייט. עס האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט די אָרטאָדאָקסישע יידן אונטערן נאָמען "אחדות".

מיטן פארנעמען ווילייקע דורך די דייטשן, דעם 20.2.1918, האָבן זיך אומגעקערט א טייל ווילייקער איינוווינער פון די אָקופּירטע רוסישע געביטן. די "צעירי ציון" אָרגאַניזאַציע האָט דאן גענומען אן אקטיוון אנטייל אין לעבן פון שטאָט.

נאָכן צוריקומען פון דער סאָוויעטישער מאַכט אין נאָוועמבער 1918, האָבן מיר פארגעזעצט די ציוניסטישע ארבעט, אָן שטערונגען פון דער מאכט. אין די יאָרן 1919–20, ווען די פּאָלאקן האָבן פארנומען די שטאָט און די אלגעמיינע לאגע האָט זיך סטאבּיליזירט, איז די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פארשטארקט געוואָרן. מיר האָבן אראָפּגעבראכט רעדנער פון מינסק, איינער פון זיי דער באוווסטער דב־בער מאלקין. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, צווישן ביידע וועלט מלחמות, האָט זיך פארצווייגט די ציוניסטישע טעטיקייט, עס זענען געגרינדעט געוואָרן יוגנט אָרגאַניזאַציעס, מיט הכשרה פונקטן, ווי "הנוער הציוני", "השומר הצעיר", און "בית'ר".

בונד אין ווילייקע

א קליינע בונדישע אָרגאַניזאַציע וועלכע האָט זיך רעקרוטירט פון ווילייקער בעלי־מלאכות, האָט עקזיסטירט אין די ערשטע יאָרן פון דעם יאָרהונדערט. דער אָרגאַניזאַטאָר איז געווען א קורעניצער בחור, פון פאך א שניידער. נאָכן אויפשטאַנד אין 1905־טן יאָר, און נאָך די דראסטישע מיטלען וועלכע די צאַרישע מאכט (סטאָליפּין) האָט אָנגענומען, איז די בונדישע אָרגאַניזאַציע פונאנדערגעפאלן. דאָס רוב מיטגלידער האָבן עמיגרירט נאָך אַמעריקע. די איינצלנע איבערגעבליבענע חברים, ווי יוסף צעסאקאָוו, ישראל רודערמאַן, א.א., זענען געבליבן טעטיק בלויז ביי פארשיידענע שטאטישע וואלן. עס זענען אויך געווען געציילטע חברים וועלכע האָבן אָנגעהערט צו ס.ד. זיי האָבן זיך רעקרוטירט פון די עקסטערנער וועלכע האָבן געלערנט אין ווילנע און מינסק און זענען געשטאנען אין קאָנטאקט מיט די בעלאָרוסן, און זייער פּאָעט דעמיאן ביעדני. איינע פון זיי איז געווען מיין שוועסטער תרצה. ריכטנדיק זיך אויף א רעוויזיע האָט זי ארויסגערוימט פון איר צימער ביי אונז אין שטוב אומלעגאלע ליטעראטור. נאָכן 1905־טן יאָר האָבן אויך די אָנגעהעריקע צו ס.ד., צוליב די אויבענדערמאָנטע סיבות, זיך פונאַנדערגעלאָזט.

החלוץ אָרגאַניזאַציע – 1920



חנן סווירסקי

# גמילות־חסד אין ווילייקע 1939–1929

אויף דעם בנין פון פאָלקס־באַנק אין ווילייקע איז אין 1925־טן יאָר געווען אַ שילד: „גמילות חסד אין ווילייקע". דער גרונט־קאַפּיטאַל פון דעם אַנשטאַלט איז באַשטאַנען פון 6000 זלאָטעס, וועלכע 4000 פון זיי זענען געווען אַ הלוואה־סובסידיע פון „יעקאפא" אין ווילנע אויף אַ לענגערן טערמין. דער ועד איז באַשטאַנען פון 3 חברים: ר׳ יעקב (העשלס) קאָפּעלאָוויטש, ר׳ יואל קאָפּעלאָוויטש און ר׳ אלי־לייב זאַגאַרמיסטער. איין ר׳ יעקב העשלס איז געווען טעטיק די לעצטע יאָרן אין גמ"ח. ער פלעגט קומען אין באַנק און זיך בעטן ביי אונדז פון יינגערן דור: נעמט איבער די פאַרוואַלטונג פון דער גמילות־חסד קאַסע. קלייבט אויס אַ יונגן ועד און באַפרייט אונדז פון דער טרחה.

אין סוף 1929 איז פאַרגעקומען די ערשטע אַלגעמיינע אסיפה אין דער גרויסער שול (קאָידענאָווער) און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פון 7 פערזאָן: ה׳ משה סווירסקי אַלס פאָרזיצער, ג. קאָבלענץ אַלס וויצע־פאָרזיצער, יצחק סיראָטקין אַלס בוכהאַלטער, וועלכער האָט געפירט די ביכער אַלע יאָרן אָן געהאַלט. בלויז אין דעם לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה, ווען די אַרבעט האָט ביי אים פאַרנומען אַ סך צייט, האָט ער באַוויליקט צו נעמען האָנאָראַר. ליפע קאָפּעלאָוויטש, בן־ציון נאָרמאַן, חיים גאָרדאָן, יוסף צעסאַקאָוו און חנן סווירסקי אַלס קאַסירער. אין רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען געווען טעטיק ה׳ ש. ח. דובין, ב. סווידלער א. א.

אין פאַרלויף פון דעם ערשטן יאָר האָבן מיר איינגעמאָנט דעם גרעסטן טייל פון די פאַרלעגענע חובות. יעדן זונטאָג פלעגן מיר זיצן אין בנין פון באַנק און איינקאַסירן אַ 700 זלאָטעס. מיר האָבן באַשטייערט אַלע חברים מיט אַן אַפּצאָל. צו דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָבן מיר געבראַכט אַ באַריכט מיט אַ ריוח פון 600 זלאָטעס. די פאַרזאַמלונג האָט באַשטימט די זעלביקע פאַרוואַלטונג זאָל פירן אויך ווייטער איר טעטיקייט. אַלע ווי איינער פלעגן קומען יעדן זונטאָג פון 6 ביז 10 אָוונט צו דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג.

פאַר דער מלחמה אין 1939 האָט דער גמ"ח פאַרמאָגט 24,000 זלאָטעס. יעדער חבר פלעגט קענען באַקומען אַ הלוואה פון 250 זלאָטעס, אַ באַדייטנדיקע סומע אין יענער צייט. פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע פלעגט מען קומען קאָנטראָלירן די חשבונות 2־3 מאָל אַ יאָר. איך געדענק אַ קוריאָז פון יענער צייט:

ה׳ שאַליט פון „יעקאפא" איז געקומען אויף אַ פלוצלונג־דיקן קאָנטראָל. אין אָוונט, קאָנטראָלירנדיק די בוכהאַלטעריע, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אין קאַסע דאַרף זיין 1,400 זלאָטעס. ה׳ שאַליט פרעגט, ווו איז די קאַסע? איך וויל קאָנטראָלירן צי עס שטימט די סאַלדאָ מיט די ביכער? די קאַסע האָט זיך געפונען ביי מיר אין שטוב, און איך בין אַוועק ברענגען זי.

עס איז געווען 11 אַ זייגער ביינאַכט. מיר האָבן זיך געפירט, אַז עס פלעגט בלייבן געלט אין קאַסע, פלעגן מיר פאַרלייען די קרעמער אויף עטלעכע טעג ביז דעם קומענדיקן זונטאָג. צו דעם מאָמענט איז געווען ביי מיר אין קאַסע נאָר 150 זלאָטעס. דאָס איבעריקע געלט איז געווען פאַרליען אונדזערע „קליענטן" ביז זונטאָג, מיט דער ניט־אָפיציעלער איינשטימונג פון דער פאַרוואַלטונג.

איך קלער, ווו קריגט מען 11 ביינאַכט צו לייען 1250 זלאָטעס. איך בין אַריין צו משה ראַבינאָוויטשן פון שניט־געשעפט, אַרויסגענומען אים פון בעט און באַקומען 500 זלאָטעס. איך בין אַריין נאָך צו אַ פאָר סוחרים און צונויפגענומען דאָס געלט. אין 10 מינוט אַרום בין איך געקומען אַ ביסל אַ פאַרשוויצטער און געבראַכט די גאַנצע סאַלדאָ מזומן. שאַליט איז געווען אַ ייד אַ חכם און האָט פאַרשטאַנען, אין וואָס עס גייט, האָט ער געזאָגט: „אויב אַ קאַסירער קען אַרויסגיין 11 אַ זייגער ביינאַכט און שאַפן אַ סומע פון 1400 זלאָטעס, קען מען אים אָנטרויען די קאַסע". אָבער כדי עס זאָל ניט דאַרפן קומען צו דעם, האָט ער אַריינגעשריבן אין פּראָטאָקאָל, אַז די סאַלדאָ, וואָס וועט בלייבן יעדן זונטאָג אין קאַסע פון גמ"ח, זאָל אַריינגעטראָגן ווערן אין באַנק אויף אַ באַזונדערן ביכל ביז דעם קומענדיקן זונטאָג און ניט האַלטן ביי זיך דאָס געלט.

פון דעמאָלט אָן פלעגן מיר מער קיינעם ניט פאַרלייען פון די פאַרבליבענע געלטער.

אין 1939 האָבן מיר איינגעקאַסירט און אַרויסגעגעבן הלוואות אויף אַ סומע פון העכער 80,000 זלאָטעס. מיט אַ גרונט־קאַפּיטאַל פון 20,000 זלאָטעס אייגענע, און 4,000 זלאָטעס פון „יעקאפא".

דער גמ"ח האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין דער פּראָווינץ. מען פלעגט אונדז איינלאַדן אין די אַרומיקע שטעטלעך צו העלפן זיי גרינדן גמ"ח־קאַסעס לויטן מוסטער פון ווילייקע.

ווען די סאָוויעטן זענען אַריין אין 1939, איז געשלאָסן געוואָרן דער גמילות חסד. זיי האָבן געפונען אַלע וועקסלען פון גמ"ח און אַנדערע דאָקומענטן און האָבן איינגעמאָנט פון אַלע לייערס ביזן לעצטן גראָשן. ווייזט אויס, אַז יידיש געלט נוצט אויך די סאָוויעטן.

דער גמ"ח איז חרוב געוואָרן. דער יידישער ישוב איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד דורך די דייטשע האָרדעס מיט זייערע מיטהעלפער, די פּאָליאַקן און ווייסרוסן.

## ק – פּ – ר

# "יעקאָפּאַ"

דער יידישער קאָמיטעט, צו העלפן יידישע מלחמה קרבנות איז געגרינדעט געוואָרן אין פּעטערבורג, אין אויגוסט 1914, גלייך מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה. בראש פון קאָמיטעט זענען געשטאַנען די באַוווּסטע עסקנים, און כלל טוער פון רוסלאַנד: באַראָן גינזבורג, סליאָזבערג, ווינאַווער, קריינין און בראַמסאָן.

די אויפגאַבע פון קאָמיטעט איז באַשטאַנען: געבן דרינגענדע הילף די געליטענע פון דער מלחמה אין די שטעט און פּראָווינץ, איבערהויפּט די אַרויסגעטריבענע יידן (בעזשענצעס) פון די גרעניץ פונקטן.

אויך אין ווילנע איז געגרינדעט געוואָרן אין דער זעלבער צייט אַ געגנט קאָמיטעט "יעקאָפּאָ", וואָס אין זיין שפּיץ איז געשטאַנען דער געאַכטעטער ד"ר צמח שאבאד. דער ווילנער געגנט קאָמיטעט איז געווען זייער אַקטיוו און טעטיק, עס האָט זיך אים איינגעגעבן אַריינטראָגן אַ שטראָם לעבן, אונטערהאַלטן די הונגעריקע באַפעלקערונג, אויפוועקן אייגענע איניציאַטיוו, און מיטהעלפן דורכטראָגן די שווערע מלחמה־יאָרן.

מיט דער דייטשישער אָקופּאַציע אין יאָר 1915 איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די טעטיקייט פון קאָמיטעט.

ערשט אין פעברואַר 1919, נאָך דער מלחמה, איז באַנייט געוואָרן אין ווילנע די אַרבעט פון יעקאפא.

אין זעלבן יאָר איז אויך געגרינדעט געוואָרן אין ווילייקע אַן אָרטיקער קאָמיטעט פון יעקאפא, וועלכער האָט פאַרטיילט שטיצע געלט און פּראָדוקטן וואָס ער האָט באַקומען דורכן ווילנער קרייז קאָמיטעט געשיקטע פון אַמעריקע (דזשאָינט).

דער ווילייקער קאָמיטעט איז געווען זייער טעטיק און אַרויסגעהאָלפן זייער אַ סך פאַמיליעס און בעיקר יידישע קינדער, געראַטעוועט ממש פון הונגער.

די יעקאפא קאָמיטעטן וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרן אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, זענען געווען די ערשטע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר צוזאַמענאַרבעט פון אַלע פאַרטייען און ריכטונגען וועלכע האָבן עקזיסטירט אויף דער יידישער גאַס.

✶

דעם 8, 9 און 10־טן סעפּטעמבער 1919 איז פאָרגעקומען אין ווילנע די ערשטע קאָנפערענץ פון "יעקאָפּאָ", און עס האָבן זיך באַטייליקט 83 דעלעגאַטן פון ווילנער געגנט, די שמנה וסלתה פון ווילנע און פּראָווינץ. אַלס דעלעגאַט פון ווילייקע, האָט זיך באַטייליקט ה' ח. ש. קאָפּעלאָוויטש, אַ יונגער ציוניסטישער עסקן, וועלכער איז גלייכצייטיק אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד אין ראַט פון געגנט קאָמיטעט.

ה' ח. ש. ק., זייענדיק אַ זעלנער אין דער רוסישער אַרמיי, האָט אָנגעפירט מיט אָוונט קורסן צו לערנען עברית אין די שטעט אָריאָל און מינסק. שפּעטער איז ער געווען פון די גרינדער פון "הגנה" אין מינסק פון באַפרייטע יידישע זעלנער.

אין דער דריטער געגנט קאָנפערענץ, דעם 9 און 10־טן מערץ 1924, האָט זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט פון ווילייקע ה' ש. ח. דובין, וועלכער האָט שוין דאַן פאַרנומען דעם אַמט פון פּרעזעס פון דער יידישער קהילה, ווו ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אין 1921. דעם אַמט האָט ער אָנגעהאַלטן ביז 1939, ערב דער צווייטער וועלט מלחמה.

ה' ש. ח. ד. האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטליכער טעטיקייט אין 1917, ווען ער האָט אָנטייל גענומען אין צוזאַמענפאָר פון די רוסישע פראָנט סאָלדאַטן אין ווילייקע און איז אַרויסגעטראָטן אַלס אָפיציעלער ציוניסט. בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, סוף 1919, באַטייליקט ער זיך אַלס דעלעגאַט אויפן ערשטן ציוניסטן צוזאַמענפאָר אין ווילנע.

אין יאָר 1920, אומקערנדיק זיך צוריק קיין ווילייקע, ווערט ער דער שטענדיקער מיטאַרבעטער פון געגנט קאָמיטעט יעקאפא.

ווילייקע איז דאַן געווען אַ פּונקט אויף דער פּוילישער גרעניץ דורך וועלכן ס'זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין די ערשטע 2—3 יאָר נאָך דער מלחמה טויזנטער רע־עמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון רוסלאנד קיין פּוילן, און פיל הונדערטער מגורשים פון פּוילן קיין רוסלאַנד, איבערהויפּט די אַרויסגעשיקטע פון די גרעניץ שטעט פון דער פּוילישער רעפּובליק.

די אַרבעט פאַר די היימלאָזע איז באַשטאַנען אין געבן זיי יורידישע הילף און עמיגראַציע מעגליכקייטן. ער האָט פיל מיטגעהאָלפן אין דער אויפבויאונג פון די חרוב־געוואָרענע הייזער אין דער מלחמה, שטאָטישע בנינים, ווי די בתּי־מדרשים, בתי מרחץ, שולעס; אויך יתומים הילף און קינדער פאַרזאָרגונג, קולטורעלע טעטיקייט, גרינדונג פון גמילות חסדים קאַסע. ער האָט זיך באַטייליקט אין די "יעקאָפּאָ" און קהילות צוזאַמענפאָרן. אין 1927 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון דער ווילייקער שטאָט־ראַט, און דורכן לעצטן, אַלס יידישער מיטגליד אין קרייז סיימיק.

(איבערגעגעבן לויטן פּנקס יעקאפא — ווילנע, 1931)

ח. ש. קאַפּעלאָוויטש-יעקב פריידוס

# דראַמאַטישע קרייזן

די קערנדלעך פון די דראַמאַטישע קרייזן אין ווילייקע האָבן זיך אַנטוויקלט פון די פורים־שפּילערס, וועלכע פלעגן אַרויס־ווייזן זייערע ערשטע טריט פון קונסט אין דעם יום־טוב. קעגן זיי זענען אַפילו די פרומע יידן ניט געווען. אדרבא, עס איז אָנגענומען, אַז פורים איז אַלץ דערלויבט.

אין די ערשטע יאָרן פון דעם 20־טן יאָרהונדערט, האָט זיך געגרינדעט אַ גרופּע אַמאַטאָרן, וועלכע האָבן אויפגעפירט יעדן פורים "מכירת־יוסף". אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָט מען אויסער פורים־שפּילן, אויפגעפירט אויך אַנדע־רע פאָרשטעלונגען, ווי די "מכשפה" א. א. די הויפּט־שפּילער אין יענער צייט זענען געווען: בנימין־אליהו דער שערער און יוסף צעסאַקאָוו. דער ערשטער איז געווען דער רעזשיסאָר און דער קאָמיקער.

נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, האָט אַ גרופּע אַמאַטאָרן, געוואָלט אַרויסווייזן דעם פּאַטריאָ־טיזם צו דער רוסישער מאַכט. זיי האָבן פאַרגעלייגט דער מאַכט אויפפירן אַ פאָרשטעלונג, "דער מטורף", לטובת דעם "רויטן קרייץ". אַ דאַנק דעם, האָט די מאַכט באַוויליקט, אַז די פאָרשטעלונג זאָל פאָרקומען אין דוואָריאַנסקן־קלוב, ווו אַ יידישע פוס האָט קיינמאָל דאָרט ניט באַטראָטן. די גאַנצע "פּני" פון דער ווילייקער מאַכט מיט זייערע פרויען זענען געווען אָנוועזנד אויף דער פאָרשטעלונג, וועלכע איז אַדורך מיט דערפאָלג. עס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פּיעסע: דב בערמאַן, אַלס רעזשיסאָר, רבקה לעווין, די טאָכטער פון נח "דער רבי", ח. ש. קאַפּעלאָוויטש א. א.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, איז געשאַפן געוואָרן אַ שטענ־דיקער קרייז פון "ליבהאָבער פון טעאַטער און קונסט", וועלכע האָבן פאַרגעשטעלט פון צייט־צו־צייט פאַרשידענע פּיעסן. די הכנסות זענען געגאַנגען לטובת קולטורעלע צוועקן, ווי ביבליאָטעקן און שולע.

אין דער צייט פון דער פּוילישער מאַכט פלעגן די פאָר־שטעלונגען פאָרקומען אין דער געביידע פון דער "תרבות"־שול. עס זענען אויפגעפירט געוואָרן: "די שחיטה" פון גאָר־דין, "יאַנקל דער שמיד" פון פּינסקי, "כאַסיע די יתומה", "גאָט, מענטש און טייוול", און אַנדערע. דער לעבעדיקער גייסט און רעזשיסאָר איז געווען דב בערמאַן, די הויפּט־שפּילער – ג. קאַבלענץ, אשר פעסטינאָוויטש, יעקב פריידוס, סאָניע קאַרטש־מער, ח. ש. קאַפּעלאָוויטש, חיה דובין־שאַץ, פּעסיע סאַפּאָזש־ניקאָוו, דאָראַ לאַמפּערט, טראָסטינעצקי א. א. אויסער די אָרטיקע דראַמאַטישע כוחות, פלעגן אָפט באַזוכן שוישפּילער פון ווילנע. אויסער דעם, האָבן ביי פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס עקזיסטירט דראַמאַטישע קרייזן, וועלכע פלעגן געבן אָפטע פאָרשטעלונגען. די שילער האָבן געהאַט זייערע קינ־דער־פאָרשטעלונגען און פון צייט־צו־צייט אויך אין העברעאיש.




רעזשיסאָר – דב בערמאַן

## פּראָגראַם

פון קאָנצערט באַל דעם 29 דעצעמבער 1929

I

אָפיציעלע ערעפענונג פון קאָנצערט און לאָטעריע באַזאַר, דורכ'ן פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע י. לעווין.

II.

1) וואָס ווילסטו מיין טייער קינד — ד. ראָזענבליום י.ווידעצקי
2) חסיד'ל — י. ווידעצקי
3) קום לייבקע טאַנץ מיט מיר — טשאַרלעסטאָן — ד. ראָזענבליום

III.

1) דער עפּלבוים — יידיש מ. דייכעס
2) ברודער חבר — יידיש מ. דייכעס

IV.

1) מאַי קמשמע לן — י. ווידעצקי
2) טיטאַניק — ראָזענבליום ווידעצקי
3) איך האָב כאָד דיר קיין כּורא — ד. ראָזענבליום
4) עזעזל — פאָקסטראָט — ראָזענבליום ווידעצקי
5) זאַשוריאַטשעניע — אויפגעפירט מ. דייכעס

מוזיק, לייטונג און אַקאָמפּאַניאַמענט י. קרימסקי

V.

גראַנדיעזע ערעפענונג פון לאָטעריע באַזאַר

בופעט — טענץ

כלי־פּאָסט



אַ גרופּע חברים־ות פון "השומר־הלאומי"

נחמיה קור

# יוגנט אָרגאַניזאַציע "חרות ותחיה"

דער יונגער דור, וועלכער איז געווען אונטער דער השפּעה פון די ציוניסטישע וועטעראַנען האָט געזוכט אַן אַרבעטס־פעלד אויסצונוצן דעם יוגענטלעכן עקסטאַז אויף שעפערישע אַרבעט.

אין יאָר 1919 האָבן אַ גרופּע יוגנטלעכע בראש מיט די חברים יצחק פּוטערפּאַס, און נחמיה קור, געגרינדעט די "חרות ותחיה" אָרגאַניזאַציע. אין לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיי געגרינדעט אַ ביבליאָטעק און אַ לייען־זאַל אונטער דער פאַרוואַלטונג פון ה׳ יצחק פּוטערפּאַס. יעדן טאָג פלעגן געביטן ווערן ביכער. יעדן שבת זענען פאָרגעקומען רעפעראַטן מיט דיסקוסיעס מיט דער באַטייליקונג פון די חברים פון דער אַלטער גוואַרדיע.

מיט דעם דראַמאַטישן קרייז פון דער אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט דער חבר דב בערמאַן. די מיטגלידער פון קרייז זענען באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע חברים־ות: חיה דובין, בערטאַ אַלפּעראָוויטש, זלאַטע שולמאַן, חעסיע סאַפּאָזשניקאָוו, נחמיה קור, פּרץ שולמאַן, יצחק־מרדכי נאָרמאַן, גרונם קאָבלענץ, יעקב פריידוס און ליגומסקי. דער קרייז האָט אויסגעפירט פאַרשידענע פאָרשטעלונגען. די הכנסות זענען געווען געווידמעט דעם קק״ל. עס פלעגן פאַרקויפט ווערן די בילעטן אין שטאָט פאַר דער פאָרשטעלונג. אין אַלגעמיין האָט דער עולם אין שטאָט זיך אָפּגערופן זייער וואַרים, און פלעגט קומען מאסנווייז צו די פאָרשטעלונגען.

אין טאָג פון כ׳ תמוז פלעגן מיר מיטאַרבעטן מיט דעם קק״ל קאָמיטעט, אַרויסשיקן חברים־ות מיט דער בלוי־ווייסע פּושקע לויט ראַיאָנען און באַשטייערן לטובת קק״ל. יעדע פּאָר איז געווען פאַראינטערעסירט צו מאַכן, וואָס מער געלט. די אַרבעט איז אויסגעפירט געוואָרן מיט ליבשאַפט און איבערגעבנהייט.

חברים פלעגן אַרויספאָרן אין די דערבייאיקע שטעטלעך העלפן אָרגאַניזירן דער יוגנט אין דער "חרות ותחיה" אָרגאַניזאַציע.



פוסבאל מאנשאפט "מכבי" אין ווילייקע

דוד טשאַרנע

# "מכבי"

די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע "מכבי" איז פונדאָסניי געגרינדעט געוואָרן אין 1932, דורך די ברידער מאַקס און דאָדע טשאַרנע, חנן קאַזשדאַן, מולקע לעווינסאָן, איזאַק קאָפּעלאָוויטש און ראובן קוגעל.

דער דערעפענונגס־רעפעראַט אין געהאַלטן געוואָרן דורכן חבר ברוך שייניוק אין זאַל פון דער "תרבות"־שולע.

די אָרגאַניזאַציע איז געווען נאַציאָנאַל אומפּאַרטייאיש געשטימט. די ספּאָרטלער זענען געווען איינגעטיילט אין 3 סעקציעס: 1) אַ פוסבאָל־מאַנשאַפט; 2) פּינג־פּאָנג סעקציע; 3) לייכטע אַטלעטיק. די לעצטע איז באַשטאַנען פון גימנאַזיע־שילער, וועלכע פלעגן מאַכן די איבונגען אין גימנאַזיע־בנין.

כדי אַרויסטרעטן אויף פוסבאָל־מעטשן, האָט מען געדאַרפט אויך דעקן די הוצאות, קויפן ספּאָרט־שיך א.א.וו. מיר האָבן באַשלאָסן איינאָרדענען אָוונטן און דורכדעם שאַפן געלט. די פאַרוואַלטונג פון דער "תרבות"־שולע האָט אונדז אָפּגעזאָגט צו געבן דעם זאַל, צוליב זייערע טעמים. האָבן מיר געדונגען ביי די ברידער בערל און משה טייץ 2 גרויסע צימערן מיט אַ ברייטע טיר, ווו מיר האָבן אַריינגעבראַכט אַ פינג־פּאָנג טיש. יעדן אָוונט פלעגן קומען יוגנטלעכע פון אַלע ריכטונגען שפּילן פינג־פּאָנג, שאַך, דאַמקעס, און מאַכן איבונגען מיט האַנט־ספּרונזשינעס.

כמעט יעדן מוצאי־שבת פלעגן מיר איינאָרדענען טאַנץ־אָוונטן מיט אַ ביליקן בופעט, וועלכער פלעגט אַריינטראָגן ניט קיין צו־גרויסע סומע געלט. שוין אין ערשטן ווינטער האָבן מיר איינגעשאַפן 11 פּאָר שיך, אַ פּילקע, שפּיל־קאָסט־יומען און אַ בלוי־ווייסע פאָן.

פוסבאל־מאַנשאַפט

די פוסבאַל־מאַנשאַפט האָט געציילט עלף מאַן. זעקס שטענדיקע שפּילער, וועלכע פלעגן זיך איבן נאָר אין איין טויער. די איבעריקע פלעגן צוגעקליבן ווערן. די מאַנשאַפט פלעגט אַרויספאָרן אויף מעטשן אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי מאָלאָדעטשנע, גלובאָקע. דעם אָרט צו שפּילן און איבן זיך פלעגן מיר באַנוצן דעם פּויליש מיליטערישן פּלאַץ נעבן דער בריק איבער דער ווילי. דער פלאַץ איז געווען אַרומגעצוימט און איז געהיט געוואָרן דורך פּוילישע סאַפּיאָרן.

די פאַרמעסטונגען מיט די מיליטערישע, אָדער ציווילע מאַנשאַפטן פלעגן טיילמאָל אַרויסרופן געשלעגן. מאַקס טשאַרנע פלעגט ניט קענען פאַרשווייגן קיין עוולה פון די צעבושעוועטע שקצים.

אין דער פוסבאַל־מאַנשאַפט האָבן זיך אויסגעצייכנט חנן קאַדזשאַן, דאַדע טשאַרנע, מולקע לעווינסאָן.

די שטענדיקע אָנטייל־נעמער זענען געווען: יאַנקעלע מיי־

רימס, יאַנקעלע דעם שוחטס, קלמן רייטשטיין, ראובן זעליגס, באַנקע אַלפעראָוויטש, איזאַק קאַפּעלאָוויטש, נאַניע נאַרמאַן און מאַקס טשאַרנע.

אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען אַז כאָטש די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין ווילייקע איז געווען אַסך אַ גרעסערע, דאָך האָט קיין קריסטלעכע מאַנשאַפט ניט עקזיסטירט.

די "מכבי" מאַנשאַפט איז געווען די איינציקע אין שטאָט.

ס'פלעגן באַזוכן די שטאָט שטאַרקע מאַנשאַפטן פון געגנט, ווי ק.פ.וו., "אַגניסקאַ" פון מאָלאָדעטשנע, מכבי פון גלובאָק ווו טאַלערמאַן (קוגלס איידעם) איז אַרומגעלאָפן מיטן פייפל אַלס ריכטער, און נישט איינמאָל זיך טועה געווען, ווי ס'טרעפט ביי אַלע אַנדערע ריכטער.

### קאָשיקובקע (קויש באַל)

אין גימנאַזיע איז געווען אַ גרופע שפּילער אין קוישבאַל. איין ייד האָט געהערט צו דער גרופע און אַ שוואַכקייט האָט ער געהאַט צו דער פּילקע, וועלכע, פלעגט ביי אים שטענדיק פליען גלייך אין קויש אַריין.

ביי די פאַרמעסטונגען מיט די "שטשעלצעס" קומען אָן אַ סך פוילישע פרויען און פריילנס. ווען די פּילקע באַוויזט זיך ביים יידן אין די הענט (ד. טש-ע), פלעגן זיי שרייען: "טשימאַץ טעגאָ זשידאַ" ("האַלט דעם יידן", ער זאָל חלילה, ניט באַזיגן די פאָליאַקן).

זאָל דערמאָנט ווערן אונדזער פריינט שמעון פלעקסער, ביי וועלכן די ספּאָרט אָרגאַניזאַציע "מכבי" האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן.



קינדער אויף קאַנקי (אייז גליטשערס)
פון רעכטס: איזיע, צילה, אוסיק, קאליר

### דער טרעף־פּונקט

ווער פון די חברה דאַרף נאָר אַ זאָג טאָן, אַז מען גייט "אין שטוב", ווייסט מען, אַז דאָס איז געמיינט גיין צו קאַזשדאַנען אין הויז.

די גאַנצע יוגנט אָן אויסנאַם פון פּאַרטייען, רייך צי אָרעם, בעל־הבתישע זין און האָרעפּאַשנע אַרבעטער־יוגנט, אַלע פּילן זיך ביי קאַזשדאַנען אין הויז ווי ביי זיך אין דער היים. פאַר יעדן האָט ר' זלמן אַ גוט וואָרט, אַ וויץ; עס אַרט אים אפילו ניט זיך צו וויצלען אויף דעם אייגענעם חשבון, אויף די אייגענע קינדער.

אַז מען גייט פסח שפּילן אין ניס, איז ביי קאַזשדאַנען דער בעסטער אָרט. גייט מען שפּילן לאָטאָ איז דאָ די שטוב. און אַז ווינטער דאַרף מען זיך אַרויסלאָזן אַ גאַנצע חברה פאָרן מיט קאַנקי אויפן פאַרפראָרענעם טייך, ווו האַלט מען די קאַנקי? ביי קאַזשדאַנען אין הייזקע, אויפן הויף; פון דאָרט לאָזט מען זיך אַראָפּ אין איין אָטעם צו דער וויליע. און אַז מען קומט צוריק פאַרסאַפּעטע, צעשוויצטע, זענען קאַזשדאַנס פרישע געבעקס גאָר ניט שלעכט זיך צו דערקוויקן. און אַז מאַמעס דאַרפן האָבן די גרויסע קינדער, וועלכע ווערן פאַרפאַלן אויף גאַנצע טעג, ווו ווערן זיי געזוכט, אויב ניט אין שטוב אין צענטער פון שטאָט, ביי קאַזשדאַנען?

ת"א, קיץ תשכ"ח

קינדער אויף נאַרטעס



# די פייערלעשער–1918

פסח־צייט 1918 האָבן מיר, א קליינע גרופע, אָנגעהויבן אויפשטעלן די פייערלעשער קאָמאנדע אין ווילייקע. צונויפקלייבנדיק די שארית־הפליטה פון יוגנט, וועלכע איז באפרייט געוואָרן פון מיליטער, צווישן זיי געוועזענע "פאָזשארניקעס", ווי זושע נאָרמאַן, יצחק אהרן־דודס א.א.

עס זענען אויך צוגעשטאנען מיטגלידער פון דער קריסטליכער באפעלקערונג. צוליב געוויסע טעמים האָבן מיר באשלאָסן, אויסקלייבן און אוועקשטעלן אין דער שפּיץ א קריסטליכן נאטשאלניק. אויף דעם אַמט האָבן מיר אויסגעקליבן דורייקען, א היגער קריסט, א געוועזענער אָפיציר. אלס געהילף איז אויסגעקליבן געוואָרן דער שרייבער פון די שורות. אין א געוויסער צייט שפּעטער, האָבן מיר אויך קאָאָפּטירט אַלס געהילפן, די געוועזענע פאָזשאַרניקעס משה בן אשר קאָפּעלאָוויטש און שמעון־שאייע נאָרמאַן.

מיר האָבן אָפּגעזוכט אין די דערפער די אַלטע פייערלעשמאַשינעס און אָפּגעקויפט זיי ביי די גוים. באַזאָרגט זיך מיט כלים און מכשירים, פלעגן מיר מאַכן איבונגען יעדע וואָך. די דייטשע מאַכט האָט אונדז געהאָלפן זיך אָרגאַניזירן. ווען די סאָוויעטן האָבן פאַרנומען אונדזערע געביטן, זענען מיר געוואָרן גרויסע יחסנים. מיר זענען געווען די שומרים פון דעם מלוכה'שן פאַרמעגן און אַלס אַזעלכע זענען מיר באַפרייט געוואָרן פון גיין אין מיליטער, לויט די סאָוויעטישע געזעצן פון דער נייער אָרדנונג.

די יוגנט האָט גענומען שטראָמען צו אונדז. ביי א געוויסן פאראד מיט איבונגען, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט, האָבן זיך באטייליקט: דער פאָרזיצער פון דער שטאַט־פאַרוואַלטונג – וואָלינעץ, דער פאָרזיצער פון רעווקאָם", אַ לאַטיש, אונדזער נאטשאלניק דורייקע, וועלכער איז אין יענער צייט געוואָרן דער קריגס־קאָמיסאר אין רעווקאם. די מאכט־פאָרשטייער האָבן אונדז אויסגעדריקט אנערקענונג פאר דער ארבייט.

ווען די פוילישע ארמיי האָט זיך דערנענטערט צו ווילייקע, און די סאָוויעטישע מאכט איז געוואָרן זייער אָפּגעשוואכט, האָט די פאזשארנע קאָמאנדע, אלס ארגאניזירטע קערפערשאפט, גענומען אויף זיך, צו היטן די זיכערקייט פון דער שטאָט, קעגן די דעזערטירן פון דער רויטער ארמיי, ווי אויך פון דער ארומיקער קריסטלעכער באפעלקערונג. די סאָוויעטישע מאכט האָט אונדז ארויסגעגעבן ביקסן. יעדע נאכט פלעגן אונדזערע פאטראָלן היטן די שטאט.

דורייקע האָט געפּרוווט פאָרלייגן אונדז, מיטצוהעלפן דער סאָוויעטישער מאכט, און כאפּן דעזערטירן פון דעם פראָנט. מיר האָבן אים אויפגעקלערט, אז א בירגערליכע מיליץ פארנעמט זיך ניט מיט מיליטערישע ענינים. ער האָט פארשטאנען דעם רמז.

די באציונגען, צווישן די יידישע און קריסטלעכע מיטגלידער אין דער פייערלעשער קאָמאנדע, איז געווען זייער א גוטע. די געשאפענע לאגע האָבן מיר שפּעטער אויסגענוצט, צו די וואלן פון דעם ערשטן שטאט־ראט.

דריי, פיר מאָל האָט זיך געביטן די מאכט אין שטאָט, אָבער די פייערלעשער קאָמאנדע איז ארויס גאנץ און נאָך מער פארשטארקט, ביז די פאליאקן האָבן אין 1920 פארנומען צום צווייטן מאָל די שטאָט.

ח.ש.ק.




פייערלעשער – 1918
צווייטע שורה פון רעכטס פון אונטן
ערשטער אלי־יאשע טייץ
צווייטער ח. ש. קאָפּעלאַוויטש

בנימין בראָנשטיין

# דער פייערלעשער באַל וואָס איז קיינמאָל ניט פאָרגעקומען

די פרייוויליקע פייערלעשער־קאָמאַנדע אין ווילייקע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1895־טן יאָר. זי איז באַשטאַנען פון ווילייקער תושבים, יידן און קריסטן, וועלכע האָבן געלעבט זייער פריינדליך. דער נאַטשאַלניק איז געווען דער קניאַז, זיינע פּאַרטרעטער – 2 ווילייקער יידן, דוד טשאַרנע רייזעס און שלמה חיים קאָפּעלאָוויטש, דעם קאַזיאָנעם רבס ברודער. יעדער פייערלעשער האָט געהאַט זיין פונקציע: ווער עס איז געווען אַ סיגנאַליסט, אַ צווייטער – ביי די מאַשינעס, אַנדערע האָבן זיך פאַרנומען מיט די באָטשקעס וואַסער, קרוקעס, און לייטערס.

נאָך מיין דאַמאָלסדיקן קינדערישן שכל (10 יאָר אַלט) האָבן די פייערלעשער אויסגעפירט זייערע פונקציעס אויפן בעסטן אופן.

אין די יאָרן 03 – 1902 האָבן זיי זאָגאַר געגרינדעט פון די אייגענע מיטגלידער אַן אָרקעסטער מיט אַן אייגענעם קאַפּעלמייסטער. איך געדענק אַז חול המועד סוכות האָבן זיי געשפּילט אין גרויסן בית מדרש וועלכער איז געווען געפּאַקט מיט יידן.

זומער 1905 האָט די פייערלעשער קאָמאַנדע געפייערט איר 10־יאָריקן יובילייִ. אין טאָג פון דער פייערונג האָבן זיי אַלע זיך אויסגעפּוצט אין זייערע אוניפאָרמס מיט די גלאַנציקע קנעפּ און היטלען קאַסקעס, אַרויסגעפירט אַלע מאַשינעס מיט די פּעסלעך וואַסער, געשפּאַנטע צו פערד — מיט די לייטערס און קרוקעס, און אויסגעשטעלט אויפן מאַרק צווישן טשיינע און פּאַמיענטניק (דענקמאָל).

די פייערלעשער מיט די נאַטשאַלניקעס און אָרקעסטער בראַש, האָבן אַוועקגעמאַרשירט אין קלויסטער, וועלכער איז געשטאַנען אויפן צווייטן זייט בולוואַר, אָפּריכטן אַ גאָטעס־דינסט. נאָך דער תפילה האָבן זיי אַלע מיט פּאַראַד און מוזיק דורכמאַרשירט ווילייקער גאַסן, זיך אומגעקערט אויפן מאַרק צו די מאַשינעס און דאָ זיך אויסגעשטעלט און צוגעגרייט צו פאָטאָגראַפירן צוזאַמען מיט די נאַטשאַלניקעס.

אין אָוונט האָט געזאָלט פאָרקומען אין טשיינע אַ גרויסער באַל, צו וועלכן עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן אַלע אָנגעזעענע לייט פון שטאָט מיט די גאַנצע נאַטשאַלסטוואָ. ווען די גאַנצע קאָמאַנדע איז געווען גרייט צום פאָטאָגראַפירן, און דער פאָטאָגראַף האָט אָנגעשטעלט געגנוי דעם אַפּאַראַט אויף נעמען די בילדער, האָט זיך דערהערט פון אַ זייט ווו ס'זענען געשטאַנען די שטאָטישע ציווילע באַפעלקערונג יידן און קריסטן, אַן אויסגעשריי: "דאַלאָי סאַמאָדערזשאַווי", נידער מיטן זעלבסטהערשער (צאַר). דער טומל איז געוואָרן גרויס, די גאָרדעוואָיען (פּאָליציי) מיט די פּאָזשאַרניקעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג פון אויסגעשריי, כאַפּן דעם שרייער. די ציווילע באַפעלקערונג האָט גענומען אַנטלויפן. די פּאָליציי מיט די נאַהייקעס נאָך זיי. זיי האָבן געשלאָגן שולדיקע און אומשולדיקע, אַ טייל זענען אַרעסטירט געוואָרן, אַ טייל האָבן געמוזט אַוועק פון שטאָט, און דער אַלגעמיינער יידישער קריסטליכער בשותפותדיקער יום־טוב איז צעשטערט געוואָרן.

דער באַל אין אָוונט איז שוין קיינמאָל ניט צושטאַנד געקומען.

באָסטאָן, אמעריקע, 1970



דער ווילייקער אָרקעסטער פון די פייערלעשער

# זכרונות און עפּיזאָדן

ברוך צוקערמאַן

## מיינע קינדער יאָרן

7 רוסישע וויאָרסט פון קורעניץ געפינט זיך די אויעזדנע שטאָט ווילייקע (דאָס איז נישט די קליין־ווילייקע, וואָס איז נאָענט צו ווילנע. די ווילייקע וועגן וועלכער איך דערצייל, איז געווען אַ גרעסערע שטעטל ווי קורעניץ). דאָרט האָט מיין טאַטע געהאַט אַ מומע. זי האָט געהאַט עטלעכע זין און טעכטער, אַלע אויסגעגעבענע. דאָס האָט מיר געגעבן האָפענונגען. ערשטנס: האָבן אַ הויז ווו צו שלאָפן. צווייטנס: צו האָבן לכל־הפחות עטלעכע "טעג" ווו צו עסן. דערצו האָט נאָך ווילייקע פאַרמאָגט אַ "ישיבה" (מאָלט אייך: אַ ישיבה, זייער אַ קטנה!). איר ראש ישיבה איז טאַקע געווען אַ קורעניצער איידעם, ר' אַרע נתנ'ס. אויף די ימים־טובים פלעגט ר' אַרע קומען קיין קורעניץ. האָט ער מסכים געווען מיך מיטצונעמען.

איך קען נישט זאָגן אַז איך האָב געהאַט אַ גרויסע פּעולה אין אָט־דער ישיבה. קיין געוואַלטיקער פּעדאַגאָג איז ר' אַרע נישט געווען. מיר האָבן דאָרט געלערנט בבא קמא. אין מיין זכרון איז קיין סך נישט געבליבן, נישט פון יענעם לערנען און נישט פון ר' אַרען אַליין. דערפאַר זיינען מיר איבערגעבליבן פון שטעטל ווילייקע (וואָס איז, אגב, געווען, אַזוי ווי קורעניץ, אַ חסידיש שטעטל), צוויי איינדרוקן, וועגן וועלכע עס איז כדאי צו דערציילן.

דער ערשטער איינדרוק איז געווען פון דעם דאָרטיקן מרא דאתרא, ר' איצעלע. אַזוי האָט מען פאַרצויגן זיין נאָמען. אין קורעניץ איז אויך געווען אַזאַ טיפּ רב — ר' זושקע. אויף זיין נאָמען האָט מען עס אָנגערופן די קלויז, אויפן רבס הויף. ער איז פאַר מיר שוין געווען אַ לעגענדע. אין מיינע קינדער־יאָרן האָט מען וועגן אים דערציילט ממש נסים ונפלאות, סיי פון זיין גאונות, סיי פון זיין גוטסקייט. נישט איינמאָל האָט מיין קינדערש האַרץ געווייטיקט איבער דעם, וואָס איך האָב נישט זוכה געווען אים צו קענען פערזענלעך. דערוואַקסענע אידן, סיי קורעניצער, סיי ווילייקער, האָבן פאַרגליכן דעם ווילייקער ר' איצעלע צום קורעניצער ר' זושקע. דערפאַר האָט מיין האַרץ געפונען אַ שטיקל טרייסט דערין, וואָס איך קען ר' איצעלען. איך בין געווען גליקלעך, ווען מיין טאַטע – וואָס איז נישט געווען קיין חסיד (ר' איצעלע איז געווען, פונקט ווי ר' זושקע, אַ שאַרפער חסיד), גאַנץ ווייט פון אַ תלמיד חכם און אויך נישט צו־שטאַרק אָפּגעהיט אין פרומקייט, האָט איינמאָל מיך גענומען צו ר' איצעלען בכדי צו באַקומען פון אים אַ ברכה. ביי מיין טאַטן און מאַמען האָט געהאַלטן אין שטאַרקן זיך דער חשק, אַז איך זאָל לכל־הפחות ווערן אַ למדן. מיין טאַטע האָט געהאָפט, אַז אַ ברכה פון ר' איצעלען וועט אין דעם שטאַרק אַרויסהעלפן.

די דאָזיקע ברכה האָט אויך אין מיין געמיט אַריינגעבראַכט דאָס, וואָס איך קען איצטער באַצייכענען מיטן אויסדרוק התרוממות הנפש. וואָכן נאָכאַנאַנד איז פאַר מיר געשטאַנען זיין אצילות'דיק געשטאַלט. איך בין געוואָרן גאָר פרום און שטאַרקער באַגערט צו לערנען. די ישיבה האָט זיך געפונען אין "ליובאַוויטשער שטיבל". אָפט האָב איך דאָרט גענעכטיקט, כאָטש איך האָב געהאַט אַ סטאַנציע ביי איינעם פון מיינע קרובים. אויף דער סטאַנציע איז אָבער געווען אַ פולע שטוב מיט קינדערלעך, מיט אַ גרויסן טומל. מיך האָט שוין צו אָט־דעם קינדערשן טומל נישט געצויגן. דאַקעגן, דאָס זיצן און לערנען שפּעט ביינאַכט מיט דעם טרויעריק־זיסן גמרא־ניגון, האָט מיך אָנגעפילט מיט גרויס הנאה. בפרט ווען ר' איצעלע האָט ביים זעגענען זיך מיטן טאַטן און מיט מיר בלויז געהאַט צו זאָגן: "לערן, אינגעלע, וואָס מער".

אָבער אין ווילייקע האָט אויף מיר, צום סוף פון מיין 9־טן יאָר אַ בלאָז געטאָן דער אָטעם פון השכלה. עס רעדט זיך אַזוי – השכלה. קיין "טריפה" ביכער האָב איך נאָך דאַן נישט געלייענט. אָבער אַ מערקווירדיקער עפּיזאָד, פון אַ מין "קול־

טור־קאַמף", האָט דאָן יאָ פּאַסירט, וואָס האָט מיין קינדערשע געדאַנקען־רוּאיקייט אַ רעכט ביסל צעטרייסלט.

אין ליובאַוויטשער "שטיבל" האָט געדאַוונט אַ איד, לייזער דער בלעכער, אַזוי האָבן אים אַלע גערופן. ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט מ׳זאָל אים רופן "ר׳ לייזער". ער איז געווען אַ פאַרברענטער ליובאַוויטשער חסיד. געדענק איך ווי ער פלעגט בלייבן שפּעטער פון אַלע מתפללים און גע־לערנט פאַר זיך אַליין דעם "תניא". מיין נייגער צו דעם מענטש האָט געהאַלטן אין איין שטייגן. אין שטיבל זענען געווען אַ סך "תניא"ס. האָב איך געפּרובירט אַריינקוקן און האָב – איידל גערעדט – זייער ווייניק פאַרשטאַנען. איינמאָל, קומענדיק אין דער ישיבה, האָב איך געטראָפן לייזער דעם בלעכער אַרומגעוויקלט מיט אַ פּאַטשיילע דאָס גאַנצע פּנים. די פּאַטשיילע איז געווען אַרומגעבונדן איבער זיין קאָפּ און אונטער זיין גאָמבע. אַרומגייענדיק צווישן די עלטערע אידן האָב איך מיך דערוווּסט אַזאַ מין מעשה:

לייזער דער בלעכער האָט געהאַט אַ שאַרפע מחלוקת מיט אַ יונגנמאַן, צדוק דעם שוחט׳ס. לייזער דער בלעכער האָט אַמאָל געכאַפּט צדוקן לערנען תנ"ך מיטן "ביאור". האָט לייזער אַרויסגעכאַפּט דעם "טריפהנעם" תנ"ך פון צדוק׳ס הענט, אים אַ וואָרף געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע, נאָך צוגע־טראָטן מיטן פוס און אויסגעשריען: "אוי לרשע ואוי לשכנו". צדוק דעם שוחט׳ס האָט פון גרויס כעס געכאַפּט אַ "תניא" און אַראָפּגעוואָרפן אויף דער פּאָדלאָגע. האָט לייזער דער בלעכער אויפגעהויבן דעם "תניא", אים אַ קוש געטאָן און עפענענדיק דעם שער־בלאַט פון "תניא" אָנגעוויזן צדוקן אויף דעם ערשטן אות, דעם "תיו" פון "תניא", וואָס איז אַריינגעדרוקט אין אַ רעמל, זאָגנדיק דערביי: "אָט דער "תיו" מיינט ת מ ו ת און דאָס רעמל מיינט דיין קבר. דו וועסט אין גיכן שטאַרבן". צדוק דעם שוחט׳ס האָט אָבער באַלד געהאַט אַן ענטפער: "דער "תיו" – זאָגט ער – מיינט דווקא ת ח י ה ... איך וועל לעבן". בקיצור די צוויי בר־פּלוגתאס האָבן זיך זייער צעקריגט. איין נוסח האָט דערציילט אַז עס איז אַפילו געקומען צו קלעפּ. געענדיקט האָט זיך דער עפּיזאָד מיט דעם, וואָס צדוק דעם שוחט׳ס צוזאַמען מיט זיינע אַ גרופּע חברים, האָבן אָפּגעהיט לייזער דעם בלעכער ביינאַכט, און האָבן אים בגעוואָלט אָפּגעגאָלט די באָרד. דעריבער גייט ער אַרום מיט אַ פאַרבונדן פּנים.

מיינע סימפּאַטיעס זענען לגמרי געווען מיט לייזער דעם בלעכער. ערשטנס – די אכזריות דערפון: כאַפּן אַ איד און אים אָפּגאָלן די באָרד! צווייטנס בין איך אַליין געווען זעהר פרום און אַ אידישע באָרד איז פאַר מיר געווען אַ דבר שבקדושה; דריטנס – דאָס איז דער עיקר – לייזער דער בלע־כער האָט פשוט געליטן פיזישע יסורים פונעם בזיון. פון דער אַנדערער זייט, מוז איך מודה זיין, אַז אין האַרצן האָט אויך געפונען אָרט אַ געפיל פון פאַרוווּנדערונג, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט רעספּעקט, פאַר דעם "מוט" וואָס צדוק דעם שוחט׳ס און זיינע חברים, בחורימלעך פון 16 ביז 18 יאָר, האָבן אַרויסגעוויזן.

דער רעזולטאַט פון אָט־דעם ערשטן "קולטור־קאַמף" – וואָס מיר איז באַשערט געווען צו זיין אַן עדות פון אים – איז אָבער געווען אַ פּאַרקערטער: איך האָב אָפּט געוּנומען אַריינקוקן אין תנ"ך מיטן "ביאור". ביי מיין רבין ר׳ חיים ראַדזשעוויצער אין קורעניץ, האָב איך פון אַזאַ תנ"ך נישט געוווּסט. צי דער רבי אַליין האָט געוווּסט פון "ביאור" ווייס איך נישט עד־היום. דעם תנ"ך מיטן "ביאור" האָב איך געקענט פאַרשטיין אַ סך לייכטער ווי דעם "תניא". אָבער אָט די ב י י ד ע ספרים האָבן זיך, דורך דעם עפּיזאָד אַריינגעקריצט אין מיין געמיט. עטלעכע יאָר שפּעטער האָב איך ביידע ספרים זייער ערנסט געלערנט. און מערקווירדיק: אין מיר, אין מיין באַוווּסטזיין, האָבן זיי ביידע זיך גוט איינגעוואָרצלט. דורכן "ביאור" זענען מיר געוואָרן מער פאַרשטענדלעך און שטאַרק נעענטער אַ סך שטעלן פון תנ"ך. וואָס שייך דעם "תניא" האָט ער מיך פשוט "פאַרטיפט". איך בין געוואָרן אַן אָנהענגער פון חב"ד, כאָטש מיין טאַטע האָט גאָר געדאַוונט אין מתנגדישן בית־המדרש. ביידע ספרים האָבן פאַר מיר נאָך היינט אַ געוואַל־טיקן כוח־המושך.

### טורא בטורא לא פגע — אינש באינש פגע

דער דאָזיקער עפּיזאָד האָט אויך געהאַט זיין "הומאָריסטישן" פינאַל, כמעט אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער, דווקא אין אַמעריקע.

אין יאָר 1921, ווען דער קרן היסוד איז פּראָקלאַמירט גע־וואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, בין איך געשיקט געוואָרן צו רעדן וועגן קרן היסוד אין אַ קליין שטעטל, וואָס ליגט אַרום אַלבאַני און סאַראַטאָגאַ לייק, מיטן נאָמען ליטל־פאָלס. די אסיפה האָט געדאַרפט פאָרקומען אין דער איינציקער שול פונעם שטעטל, מוצאי שבת. די אידישע באַפעלקערונג פון יענעם שטעטל איז געווען אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע. נאָ־טירלעך האָב איך געמוזט קומען אַהין ערב שבת. מען האָט מיך איינגעקוואַטירט ביים גבאי פון שול. ביי אים האָב איך געגעסן אַלע דריי שבתדיקע מאָלצייטן. און מיט אים בין איך געגאַנגען אין שול. ער האָט מיך אפילו מכבד געווען מיט אַן עליה. קיין רב איז דעמאָלט אין שטעטל נישט געווען. דער גייסטיקער מנהיג פון אָט־דער שטרענג־אָרטאָדאָקסישער קהילה איז טאַקע געווען דער גבאי, זייער אַ בכבודיקער איד.

גלייך נאָך מעריב האָט מען זיך גענומען צום ענין פון "קרן היסוד". די נייקייט פון קרן היסוד, מיין אייגענע באַ־גייסטערונג פאַרן פאָנד, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון לאָנדאָנער קאָנפערענץ, ווו דער קרן היסוד איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין זומער 1920, אין וועלכער איך האָב געהאַט די זכיה זיך צו באַטייליקן, האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטן. דער עולם איז געווען זייער צופרידן. צופרידענער פון אַלע־מען איז געווען דער גבאי. ער האָט פאַרבעטן צו זיך, לכבוד דעם גאַסט, אַ פאָר צענדליק חשובע אידן. וכטוב לב הקהל

ב"טיי און פאַרבייסן" האָט מען זיך צעשמועסט. אין דעם געשפרעך גיט מיך דער גבאי אַ פרעג: "פון וואַנען קומט אַ איד?" איך הויב אָן, ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, פון ווילנער גובערניע, גיי דאַן אַרונטער צו סמאַרגאָן, וואָס איז – כלפי קורעניץ – געווען אַ גרויסע שטאָט, קום צו ווי־לייקער אויעזד, ביז איך דערגרייך קורעניץ. דערהערט מיין געאָגראַפישן יחוס הויבט זיך אויף דער גבאי, גיט מיר אַ נייעם שלום עליכם: "אַך כמעט אַ לאַנדסמאַן, איך בין אַ גע־בוירענער אַ ווילייקער".

בקיצור, עס האָט לאַנג נישט גענומען און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז אָט־דער פירער פון דער שטרענג־אָרטאָ־דאָקסישער קהילה, דער גבאי פון איר איינציקער שול אין שטעטל, איז נישט קיין אַנדערער ווי דער "אפיקורוס" צדוק דעם שוחט'ס פון ווילייקע.

עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן ווי מיר ביידע האָבן געפילט. איך האָב אים דערמאָנט זיין "קאַמף" מיט לייזער דעם בלעכער. "קינדערשע נאַרישקייטן" – דאָס איז געווען זיין איינציקע דערקלערונג. פאַר מיר, בין איך מודה, איז עס אָבער נישט געווען קיין קינדערשע נאַרישקייטן. איך האָב אין דעם אַריינגעטייטשט אַ גאַנצע "געשיכטס־פילאָזאָפיע", ווי אַזוי דער אידישער מענטש איז, דורך וואַנדערונגען און דורך די נייע באַדינגונגען וואָס ער האָט געטראָפן איז די פאַראייניקטע שטאַטן, גייסטיק פאַרענדערט געוואָרן. אַ סך האָבן דורכגעמאַכט אַזעלכע פּראָצעסן ווי צדוק דעם שוחט'ס. נאָך מער האָבן דורכגעמאַכט אַ פאַרקערטן וועג. איך האָב מיך אינעם דאָזיקן עפּיזאָד נישט איינמאָל דערמאָנט אין מיין ווייטערדיקן לעבן.

*

אין די ווייטערדיקע דריי יאָר, פון דער פרשה ווילייקע ביז מיין בר־מצווה, האָב איך געלערנט אין פיר פאַרשידענע שטעט, אַלע אין ווילנער גובערניע: דאָלהינאָוו, אָשמענע, סמאַרגאָן און לעבעדעווע, וווּ איך בין געוואָרן בר־מצווה.

אין דאָלהינאָוו האָט שוין פונקציאָנירט אַ ישיבה פון אַ העכערער מדרגה ווי אין ווילייקע. זי איז געווען צעטיילט אין צוויי חלקים – אַן ערשטער שיעור און אַ צווייטער שיעור. אין צווייטן האָבן שוין געלערנט עלטערע אינגלעך. מיך האָט מען אַריינגענומען אינעם צווייטן.

פון ברוך צוקערמאַן'ס בוך




די טשיינע

### ח. ש. ק־טש

# דער פאַרשטערטער יום־טוב

שבועות תרע״ה (1915).

דער יום־טוב שבועות פאַלט אויס אין דער שענסטער צייט פון יאָר. ניט אומזיסט פוצט מען אויס דעם בית־מדרש מיט גרינס פון וואַלד און פעלד.

אפילו דער עסן האָט א באַזונדערן טעם און חן, געפילטע בלינצעס מיט די מילכיקע געבעקס, האָבן זייער ספּעציעלן געשמאַק.

דער יום־טוב האָט אויך דריי צוגרייטונגס־טעג, די אַזוי גערופענע ״שלושת ימי־הגבלה״. פרומע יידן לערנען מער, דאַווענען האַרציקער, און גרייטן זיך צום יום־טוב, וועלכער הייסט ״זמן מתן תורתנו״.

די שבועותדיקע נאַכט נוצן אויס יידן צו זאָגן ״תיקון שבועות״, תורה, נביאים וכתובים. חסידים כאַפּן אַריין א ניגון, מיט אַ ריקוד׳ל. די משמרניקעס דאַווענען פאַרטאָג מיט התלהבות און אייפער.

דער היינטיקער יום־טוב איז ניט אינגאַנצן פריילעך. עס זענען מאָביליזירט געוואָרן א ביסל יונגע־לייט צום רוסישן מיליטער און געפינען זיך אויפן פראָנט. די משפחות פילן עס שטאַרק, און ביים דאַווענען פאַלט ניט איין טרער פון די מאַמעס און טאַטעס אויגן. איך ווייס ניט ביז היינט, פון וואַנען איז דערגאַנגען אין ווילייקער בית־מדרש, און אין קאָידאַנאָווער שטיבל אין מיטן דאַווענען, די ידיעה, אַז די רוסישע מאַכט האָט אַרויסגעטריבן יידישע איינוווינער פון די גרענעץ־שטעט אין די ליטווישע געגנטן.

זיי זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע איינגעפונדעוועטע היימען, איבערלאָזנדיק זייער האָב און גוטס, וואָס זיי האָבן מיט בלוט און שווייס דערוואָרבן אין משך פון דורות. מען האָט זיי אַריינגעזעצט אין וואַגאָנעס, און אַוועקגעשיקט טיף אין רוסלאַנד.

די היימלאָזע געפינען זיך איצט אין מאָלאָדעטשנע אויפן וואָקזאַל הונגעריקע, פאַרשמאַכטע און דורשטיקע. אין שטיבל איז געוואָרן א גערודער. מען רעדט און מען קלערט, ווי אַזוי קען מען זיי העלפן. דער בעל־תפילה איז אַנטשוויגן געוואָרן.

א שוואַרצע כמאַרע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַלעמענס פּנימער, כאָטש די זון האָט אַזוי שיין געלויכטן אין דעם ליכטיקן, וואַרעמען זומערדיקן טאָג.

נאָך א ישוב הדעת מיט אייניקע בעלי־בתים איז דער רב, הרב מאַשיץ, אַרויף אויף דער בימה און מיט א וויינענדיקן קול געזאָגט: ״יידן! א גרויס אומגליק האָט אונדז געטראָפן. מען טרייבט אַרויס אונדזערע ברידער פון ליטע. זיי דאַרפן דורכפאָרן מאָלאָדעטשנע. די יידן זענען געווים הונגעריק און דורשטיק. די קינדער נויטיקן זיך אין א ביסל מילך. איך בין מתיר צו שפּאַנען פערד און וואָגן, און אַוועקפירן אום יום־טוב דאָס אויפגעקליבענע עסנוואַרג, פאַר די היימלאָזע אין מאָלאָדעטשנע״. אין שול איז געוואָרן חושך, די פרויען זענען געלאָפן אַהיים, צוגרייטן פעקלעך מיט עסנוואַרג און מילך. די בעלי־עגלות האָבן אויך גיך געשפּאַנט די פערד, ניט פרעגנדיק קיין שאלות, ניט בעטנדיק קיין באַצאָלונג. די יוגענטלעכע זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און אויפגעקליבן די צוגעגרייטע עסנוואַרג.

איך געדענק, אַז איך בין מיטגעפאָרן אויפצונעמען די צוגעגרייטע פעקלעך. אין יעדער שטוב ווו מיר זענען געקומען, האָבן די בעלי־הבית׳טעס אונדז אויפגענומען מיט טרערן אין די אויגן און געזאָגט: ״קינדער, נעמט אַלץ פאַר אונדזערע אומגליקלעכע ברידער. מיר דאַרפן פאַר זיך גאָרניט.״

מען האָט אַרויסגעטראָגן די יום־טובדיקע חלות, גוטע געבעקס, פיש, פלייש, און פלעשער מילך. די פורן זענען גיך אָנגעפילט געוואָרן און אַוועק קיין מאָלאָדעטשנע.

דאָרט אויף דעם וואָקזאַל האָבן מיר געפונען א ניי־געשאַפענעם קאָמיטעט. זיי האָבן אונדז מיטגעטיילט, אַז עטלעכע צוגן מיט היימלאָזע זענען שוין דורכגעפאָרן אין דער ריכטונג צו מינסק. זיי וואַרטן אויף נאָך צוגן. מיר האָבן זיי איבערגעלאָזן די פעקלעך און פלעשער, און זיך אומגעקערט אַהיים. עס האָט זיך דאַן אַרויסגעוויזן דאָס גוטע יידישע מיטפילנדיק האַרץ, און די אחדות פון יידישן פאָלק אין אַן עת צרה.



### יחזקאל גרינהויז

# אַ בינטל זכרונות

דו ביזט מיר געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון, אַזוי לעבעדיק, און פריש, ווי איך האָב דיך איבערגעלאָזן אין 1935, אַלס זעכצן־יאָריקער ייִנגל.

און טאַקע וועגן דער לעבעדיקער ווילייקע, די אַזוי גערופענע ״זיידענע טאָרבעס״ וויל איך דערציילן.

מען בויט אַ קינאָ

איך בין נאָך געווען אַ חדר־ייִנגל; פּלוצלונג אַ הו־האַ אין שטאָט. וואָס איז? סאַוויצקי גייט בויען אַ קינאָ.

חדשים האָט מען צווישן אונדז געהאַלטן אין איין רעדן און קריגן זיך, וואָס איז דאָס אַ ״קינאָ״, ווי אַזוי דרייט זיך די לענטע און ווי אַזוי באַוועגן זיך די מענטשן אין די בילדער. פיל האָב איך נישט פאַרשטאַנען, נאָר די פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט... דער קינאָ־בנין האָט זיך געהויבן פון טאָג צו טאָג אַלץ העכער. ברוך השם, מען האָט שוין אַריינגעשטעלט די אַפּאַראַטן. עס איז אָנגעקומען די נאַכט פון דער ״פּרעמיערע״. דעם טאָג האָב איך שוין ניט געגעסן. ווער האָט עס געהאָט גערולד אויף דעם. זיצנדיק אין שטוב, האָב איך דערהערט ריטמישע קלאַנגען ווי רעגולערע שאָסן פון אַ האַרמאַט, טאַק, טאַק, טאַק.

געלאָפן ווי אַ פייל פון בויגן. איך בין שוין נעבן קינאָ. מאַמעלעך, וואָס טוט זיך? קינד און קייט געפינען זיך דאָ. גאַנץ פּילסודסקי גאַס. איך דריי זיך אַהער, אַהין. איך קלער, ווי אַזוי גייט מען אַריין אינעווייניק? קיין בילעטן זענען שוין ניטאָ. און דאָ קלאַפּט דער גענעראַטאָר, אין קאָפּ, ווי דעם שמידס האַמער אין קאָוואַדלע: טאַק, טאַק. עס איז אַזאַ שיינע פרילינג־נאַכט, די ריחות פון יאַסמין און מאַי רייסן די נאָז, דער הימל איז אַזוי אויסגעשטערנט. נאָר אויפן האַרצן איז קאַלאַמוטנע. איך שטיי און קלער ״מאין יבוא עזרי״? ווי אַזוי באַקומט מען זיך אַריין אינעווייניק? און דאָ פּלוצלונג הער איך, ווי איינער רופט מיך, ״חצקעלע קום מיט מיר״. איך פרעג נישט קיין קשיות, ער נעמט מיך מיט, דעקט מיך איבער, מיטן פאָלע פון זיין מאַנטל, איך גיי מיט אים אין איין טראָט, איך בין אינעווייניק. דאָס האָט מיך מיטגענומען יואל קאָפּעלאָוויטש, איצט אין אַרגענטינע.

דער סוף פון ספּעקטאַקל, איז געווען גאָרנישט אַזאַ פריילעכער. איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן, — און פּלוצלונג וועקט מיר עמיצער אויף: ״חצקעלע, דיין מאַמע וואַרט אויף דיר אין דרויסן״!

הענדום פּענדום, איך לויף אַרויס. עס איז שוין האַלבע נאַכט. אָן קיינע הקדמות, איז מיר מיין מאַמע מכבד, מיט אַ פּאָר פּעטש, פאַרוואָס איך שלעפּ זיך אַרום אַזוי שפּעט אין די גאַסן.

איך ווייס ניט, צי באַלאַשינסקי האָט געוווּנען דעם משפט, קעגן סאַוויצקין, צוליב די קלעפּ־שאָסן, פון גענעראַטאָר, וועלכע האָבן אים געשטערט זיין רו. אָבער אין מיינע אויערן הער איך נאָך ביזן היינטיקן טאָג די קלעפּ פון גענעראַטאָר ווי אויך די פּעטש פון מיין טייערער מאַמען.

אַ ״פרישע צרה״

איך גיי שוין אין ״תרבות״־שולע. עס איז דאָ אַ פרישע צרה, מען הויבט אָן אַריבערגיין פון הברה אשכנזית, אויף ספרדית. מען ברעכט די ציינער, מען שאַרפט דעם צונג. נעם פּלוצלונג, מאַך פון אַ תיו, אָן אַ פּינטל, אַ תיו מיט אַ פּינטל. אַ סמך זאָל בלייבן אַ סמך. אַ לעבן זיך איינגעוווינט רעדן מיט הברה אשכנזית, און דאָ אַ נייע אָנשיקעניש.

מילא, מיר תלמידים זאָגן גרייזן, זענען מיר דאָך נאָר שילער. אָבער וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס, ווען רודניצקי דער לערער, גיט אַ געשריי אויף אונדז ״האַטו״ (הסו) אָנשטאָט ״הסו״.

די העברעישע שולע איז געווען ביי אונדז אַלעמען ווי אַן אייגענע היים. זי איז געווען ניט בלויז אַ שולע צום לערנען און בילדן, נאָר אויך אונדזער אַ פאַרוויילונגס־אָרט, פאַר דער ווילייקער יוגנט.

דאָרט אין לאַנגן קאָרידאָר, פלעגט מען קאָמאַנדעווען, פאַרברענגען, פירן ראָמאַנען, טאַנצן אַ טשיזיק, גיין אין לאָקאַל, הייסט עס גיין אין שולע. די חנוכה־אָוונטן, די באַזאַרן פאַר קק״ל, ציוניסטישע רעדנער פאַרן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווו זיי האַלטן זייערע רעפעראַטן. אַלץ אין דער שולע.

ווו איז די פּושקע?

איך דערמאָן זיך, עס איז אַראָפּגעקומען אַ רעוויזיאָניסטישער רעדנער. דער לאָקאַל פון ״תרבות״־שולע איז געפּאַקט. דער רעדנער איז זעהר ״אַ שוואַכער״. ווי זאָגט מען אין ווילייקע, ער האַקט אַ טשייניק. אפילו פליאָרמאַן, דער פאַרברענטער ביתריסט, און שלמה־חיים מיט דער פּאָרטעפּיי, וועלכע זיצן ביים פּרעזידיום, האַלטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

און דאָ גייט אַרויס דער רעדנער מיט אַזאַ טויט קלאַפּעדיקן אַרגומענט קעגן די לינקע ציוניסטן, זאָגנדיק אַז אפילו טרומפּלדור אין תל־חי, האָט געקעמפט מיט געווער אין האַנט און די רויטע פאָן האָט ער אַריינגעלייגט אין אַ פּושקע.

איך שטיי נעבן גרשון קריוויצקי דעם ציניקער, וועלכער מאַכט אַ צווישנרוף און שרייט אויס: ״ווו האָט טרומפּלדור אַהינגעטאָן די פּושקע?״ יענקעלע מייערימס, מאַקס טשאַרנע כאַפּן גלייך אונטער און שרייען מיט אַלע כוחות אין כאָר: ״ווו האָט ער אַהינגעטאָן די פּושקע?״, ״ווו איז די פּושקע?״ מען לאָזט דעם רעדנער ניט רעדן. פּליאַרמאַן קען זיך ניט באַהערשן און צעלאַכט זיך. בענציע דער שניידער, פּרעזעס פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע, בייסט די ליפּן, שלמה־חיים ציט די פּאַרטעפּיי, און איך שריי אין עקסטאַז ״ווו איז די פּושקע?״.

דער כאָר

קורץ פאַר מיין בר־מצוה. עס איז אַ גערודער אין שטאָט. וואָס איז? מען האָט פּלאָטקינען אויפגענומען אַלס שטאָט־חזן און ער גייט אָרגאַניזירן אַ כאָר.

אַ שטימע האָב איך ניט קיין שלעכטע. פּלאָטקינען איז זי געפעלן געוואָרן. און איך זינג אין כאָר. דער חזן וויל, אַז איך זאָל זינגען סאָלאָ. ער הויבט אָן רעפּעטירן: די סאָפּראַנען וועלן זינגען אין אַ באַזונדערע פּאַרטיע, די אַלטן באַזונדער, טענאָרן און באַסן באַזונדער.

פּלאָטקין מיט זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן און אָדלער־נאָז באַצירט מיט אַ געפּוצטער שוואַרצער באָרד, זינגט מיט יעדער פּאַרטיע באַזונדער, קוקט יעדן אַריין גלייך אין דער נשמה אַריין.

יוסף צעסאַקאָוו און פּליאַרמאַן מיט זייערע טענאָרן רייסן זיך אויף די הויכע טענער. ביי צעסאַקאָוון איז אַ לירישער טענאָר, וועלכער פּאַרגייט אויף אַ ״פאַלצעט״. איך האָב זייער ליב צו הערן אים זינגענדיק. פּליאַרמאַן האָט אַ האַרטע שטימע, אַזוי ווי אַ פּאַזשאַרניק. דווקא שולמאַן האָט געהאַט זעהר אַ נידעריקן באַס, אַזוי פּלעגט פּלאָטקין זאָגן. ער כאַפּט מיט אַ פערטל טאָן צו שפּעט. היינט די ווילייקער בעלי־בתים זענען אויסער זיך פון דעם נייעם אויפטו, פון גוטן אויסוואַל. אַ חזן מיט אַ כאָר. אַלע גרייטן זיך צום ערשטן אַרויסטריט פון כאָר, ווי צו אַ ״אָפּערע״ לפּחות.

דער כאָר רעפּעטירט זיך און עס גייט ניט שלעכט. משה סווירסקי גיט זיין שטוב פאַרן כאָר צו דער גענעראַל־רעפּעטיציע. און דער עסק קלאַפּט ווי דער זייגער אויף דער מערב־וואַנט אין בית־המדרש. סווירסקי פינטלט צו מיר מיט די אויגן, גיט אַ קוש פון ווייטן ביידע פינגער, אַ סימן, אַז עס איז אין אָרדנונג. הינטער די פענסטער זע איך, שטייט אַ האַלבע שטאָט מיט יידן.

שבת צום דאַווענען, די שול איז געפּאַקט. איך ציטער, אַז די ווייבערשע שול זאָל, חלילה, ניט איינפאַלן. אַלע יונגע ווייבלעך און מיידלעך זענען דאָ. אפילו די אַלטע ניינציק יאָריקע מערע־לאה איז אויך געקומען הערן דעם כאָר.

פּלאָטקין מיט זיין פירקאַנטיקער חזן־יאַרמולקע, שטייט פאַרן עמוד. דער כאָר רינגלט אים אַרום, ער קלאַפּט נערוועז מיטן קאַמערטאָן, אַנשטעלן דעם געניטן טאָן...

און מיר פאַרן אַרויס: ״ובמקהלות רבבות עמך בית־ישראל ברינה״. איך בין אַ ביסל דענערווירט, אַזוי ווי אַ פּרימאַדאָנע. נאָר עס גייט. די יונגוואַרג קוועלט אָן פון נחת. די עלטערע יידן ר׳ משה־שמעון דער גבאי, דער פעטער נתן, ר׳ יעקב העשלס, און טאַקע דער רב, זיי שטייען מיט געמישטע געפילן און ווייסן ניט, ווי צו באַשליסן, צי עס איז גוט, צי נישט.

מען לייענט די תורה. מיר רוען זיך אָפּ. צו מוסף שיסן מיר אַרויס מיט דער קדושה: ״כתר יתנו לך״ און ״יחד כולם״, כולם יחד. יעדער מיט זיין פּאַרטיע. דער חזן מיט מיר אין אַ דועט. און די קדושה ציט זיך לאַנג, לאַנג. דער עולם שטייט ווי צוגעשמידט, קיינער רירט זיך ניט, אַזוי ווי פאַרכישופט. דער כאָר, מיטן חזן צוזאַמען, אין איין האַרמאָניע, אַלע צוזאַמען; יחד כולם. איך קוק צו דער ווייבערשער שול. איך זע פון ווייטן מיין מאַמע מיט דער באָבען, ווי טרערן גיסן זיך ביי זיי פון די אויגן. איך באַמי זיך, ניט אָפּצושטיין פון פּלאָטקינען, מען זאָל מיך גוט הערן. און ווייטער ״כולם יחד״, אַז די קדושה וויל זיך גאָרניט ענדיקן און דער עולם ווערט ניט מיד שטייענדיק פאַרגאַפט.

נאָכן דאַווענען איז צוגעגאַנגען צו מיר דער קהילה פּרעזעס ה׳ שלמה חיים דובין און מיר געשאַנקען אַ קוש.

חולון, תשכ״ז



## דב טייץ

# מיין היים

צווישן ביידע וועלט־מלחמות זענען אין דעם אינערלעכן לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילייקע ניט פאָרגעקומען קיין דראַסטישע איבערקערענישן. די לעצטע יאָרן 39 – 1938 האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם. דאָס האָט ניט געווירקט אויף דעם אינערלעכן ספּעציעל יידישן לעבן. די יידישע יום־טובים האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. דער בית־המדרש איז געווען דער צענטער פון יידישן קולטורעלן לעבן. עס האָבן זיך אין אים געטראָפן יונגע און אַלטע, רייכע און אָרעמע, אָן אונטערשייד. יעדער יחיד האָט געזוכט אַ וועג פאַר זיין צוקונפט, צי דורך עליה קיין ארץ־ישראל, אָדער מעבר־לים, אָדער אין שטאָט גופא.

אַנדערש האָט זיך באַקומען דאָס לעבן נאָך דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און ווילייקע איז אָקופּירט געוואָרן דורך די אַזוי גערופענע ״באַפרייערס פון מזרח״. דאָס וואָס מיר האָבן אין חלום זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, איז געשען אין דער וואָר. אונדזער פרייהייט, מיט אונדזער פאַרמעגן זענען צוגערויבט געוואָרן דורך דער מאַכט. די באַפעלקערונג האָט געלעבט אָן אַ מאָרגן. קיינער איז ניט געווען זיכער, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט ברענגען. כמעט יעדע נאַכט פלעגן פאַרשווונדן ווערן היגע איינוווינער, וועלכע די ״באַפרייער״ האָבן שפּעטער טראַנספּאָרטירט קיין סיביר, ווי די איידלמאַנס, דובינס; אַ טייל האָבן געמוזט פאַרלאָזן ווילייקע צוליב דעם באַוווּסטן פאַראַגראַף אין פּאַס, ווי קארצ׳מערס, שולמאַן, לעווין, גורביץ, קאָפּעלאָוויטש, קאַפּלאַן א. א. ביי אונדז אין הויז האָט מען פאַר 5 פערזאָן געלאָזן אַ קליין צימערל. דער שטאָט־קאָמיסאַר האָט פאַרנומען אונדזער דירה. מיין פּריוואַט לעבן האָט באַקומען אַן אַנדער אויסזען. איך מיט באַנקע אַלפּעראָוויטש זענען אַוועקגעפאָרן קיין מינסק לערנען. פון דאָרט האָט מען מיך געשיקט אין דער אַרמיי. און מיין פאַרבינדונג מיט ווילייקע איז געווען בלויז דורך בריוולעך.

די משפחה טייץ (אלי־יאשעס)





א גרופּע גימנאַזיסטן

**אַ קליין געסעלע** (עראינערונגען)

"זאולעק שקאָלני" די געסעלע פון די שולן, אַזוי האָט מען גערופן אין יענע פאַרמלחמה יאָרן די קליינע געסעלע וואָס האָט געפירט פון דער צענטראַלער פּילסודסקי גאַס פאַרביי די בריגאַדע, גימנאַזיע ביז דער ווילִיע.

אין מיינע אויגן האָט אויסגעזען יענע קליינע געסעלע ווי די שענסטע העריליכסטע גאַס אין אונדזער שטאָט. כאָטש קיין ברוק איז אין איר ניט געווען און קיין טראָטואַרן האָבן איר ניט באַשיינט. דורכגיין אין אירע זאַמדן זומער צייט ווען די בהמות פלעגן גיין אין פעלד אָדער פון פעלד, און דער וואָלקן שטויב נאָך זיי האָט באַדעקט אַלע הייזער און דורכגייער. אָדער אין די רעגנס, שפּרינגען פון שטיין צו שטיין, איז גאָרנישט געווען אַזוי אָנגענעם.

דער יחוס פון געסעלע איז באַשטאַנען אין דעם בנין פון דער פּוילישער פּאַנסטוואָווער גימנאַזיע, ווו דער אינטעליגענטער יוגנט, פלעגט קומען לערנען דאָרט טאָג טעגליך אין משך פון יאָרן. און אין די הפסקות לויפן צו זונדל קריינעסן, קויפן אַ צוקערל אָדער אַ גלאָז סאָדע וואַסער.

עס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון דער לעצטער אַלגעמיינער צוזאַמענטרעף פון אַלע שילער מיט זייערע לערערס, אין ענדע פון שול־יאָר ביים פאַרטיילן די מאַטורעס. אַלע זענען געקומען אין גימנאַזיע אויסגעפּוצט אין די אויסגעוואַשענע גימנאַזיע מונדירן ווי זעלנער, און זענען געגאַנגען אָפּריכטן אַ "גאָטעס דינסט".

מיר די יידישע שילער זענען געגאַנגען אין גרויסן בית־מדרש. דאָרט האָבן מיר אויסגעהערט דעם רעפעראַט פון קהילה פּרעזעס ה' ש"ח דובין מיט זיין טראַדיציאָנעלן ווונש אַז מיט אונדזער בילדונג זאָלן מיר אַרויסטרייבן די פינסטערניש פון אונדזער אויפקומענדער פּוילישער מדינה.

דער חזן ה' יצחק גאָלדבערג האָט געזאָגט אַ תפילה פאַרן געזונט און הצלחה פון אונדזערע פריינט די הערשער אין דער פּוילישער מלוכה.

די געסעלע האָט פאַרמאָגט אַ צווייטן אימפּאָזאַנטן בנין די "בריגאַדע" (דעפענסיווע) מיט אַזוי פיל באַהאַלטענע "סודות", מיר פלעגן זען ווי מען פירט אַריין אַהין פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען און קאָמוניסטן.

פּוילישע אָפיצערן אין מונדירן מיט גלאַנצענדיקע קנעפּ האָבן געהערשט אין דעם געהיימן הויז.

זומער צייט פלעגט אויפלעבן אונדזער געסעלע, די גרויסע צאָל יוגנטליכע, מאַמעס מיט קינדער אין די וועגעלעך, באַאַמטע מיט זייערע פאַמיליעס, זענען געגאַנגען שפּאַצירן צום פּליאַזשע. פון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט האָט ניט גערוט די קליינע געסעלע.

אין די יידישע ימים־טובים האָבן זיך באַוויזן אין איר די יידישע איינוווינער פון דער כאָלאָפּיער גאַס. די איידלמאַנס און משה נחמיה, די פּאַנאָציצער און דער ווינער, איילנדיק מיט די טליתים אונטער די אָרעמס אין שול אַריין.

אין די מלחמה יאָרן האָבן אָפּגעברענט די גימנאַזיע און די בריגאַדע צוזאַמען מיט אונדזער הויז.

נאָך דער מלחמה האָבן די סאָוויעטן אויסגעבויט אויף דעם פּלאַץ אַ געביידע פון דריי שטאָק פאַר לערער, מלוכה באַאַמטע, אָבער אָן יידן. פאַר אונדז זענען געבליבן בלויז טרויעריקע זכרונות און דעראינערונגען פון אַ חרוב'ער קליינער געסעלע.

אַניע בעאַטוס־איידלמאַן

# מיין שטעטעלע

מיין טייערע שטעטעלע ווילייקע, אוי ווי איך בענק נאָך דיר. יעדעס ווינקעלע, יעדעס געסעלע איז מיר אַזוי פריש איינגעקריצט אין מיין זכרון, מיינע קינדער־יאָרן, מיין יוגנט, מיין היים. די שיינע רויקע ווילִיע, די קליינע שיפּעלעך, דער ראָמאַנטישער וועג קיין לאַזאַרצעס.

טייערע שטעטעלע, איך האָב דיך פאַרלאָזן, מיט אַ טרוים אין מיין האַרצן, אַ טרוים, אַז איך וועל צו דיר קומען באַזוכן, און געפינען דיך פונקט אַזוי, ווי איך האָב דיך איבערגעלאָזן.

דער טרוים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אייביקער בענקשאַפט. דו ביסט פאַרניכטעט געוואָרן, דיין ערד האָט איינגעשלונגען אַלץ, וואָס איז אונדז אַזוי טייער און הייליק געוועז.

מ י י ן   מ ו ט ע ר

איין טאָג אין מיין לעבן וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דעם טאָג, ווען איך בין געפאָרן צו דער שיף איבערנעמען מיין טייערע מאַמע, איבערנעמען אַ יידישע מאַמע, וועלכע איז לעבן געבליבן נאָך אַזאַ שרעקלעכן פייער. אירע טרויעריקע אויגן, דעם קליינעם שטרויענעם קאָשיקל, אין וועלכן זי האָט געפירט צוויי פּליטקעס שאָקאָלאַד, וועלכע זי האָט געקראָגן פון דעם אַמעריקאַנער הילפס־קאָמיטעט. זי האָט זיך ניט פאַרגונען צו פאַרזוכן די שאָקאָלאַד. זי האָט דאָס געפירט צוריק קיין אַמעריקע, אַ געשאַנק פאַר איר איינציק געבליבענעם אייניקל. פאַר מיינע אויגן ליגן דער מאַמעס צוויי פאָטאָגראַפיעס. איינע איז געמאַכט געוואָרן פאַר דער מלחמה, די צווייטע, נאָכן פאַרלירן מיין טאַטן, קינדער און אייניקלעך. דער אונטערשייד צווישן די צוויי בילדער דערציילן אָן ווערטער די טראַגעדיע פון איר לעבן. די טראַגעדיע פון אַ לעבן־געבליבענער יידישע מאַמע.

א דאטשע ארט אין דארף גלינע נעבן ווילייקע, זיצט ר. דובין



# פלעקסער׳ס דרוקעריי

אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן האָט ה׳ שמעון פלעקסער פון סוועוציאַן געעפנט אַ דרוקעריי אין ווילייקע. ער האָט אָנגענומען עטלעכע לערן ייִנגלעך, נתן רייזל׳ס, אברהמ׳ל און דוד בערקאָוויטש, תנחום מילייקאָווסקי און געלערנט זיי הלכות זעצעריי.

מיט דער צייט איז די דרוקעריי געוואָרן אַ בכבודיקע אונ־טערנעמונג און אַ וויכטיקער אַרבעטס פּלאַץ אין שטאָט.

אויסער די דרוק אַרבעט פאַר אַלע גמינעס און מלוכהשע אַנשטאַלטן פלעגט די דרוקעריי אויך מאַכן שטעמפּלען און אויספירן אַלערליי אײַנבינדעריי אַרבעט.

ווינטער צייט אין סעזאָן פלעגן מיר אַרבעטן איבער שעה׳ן. צווישן די אַרבעטער און בעל־הבית האָט געהערשט אַ קאָ־רעקטע, וואַרעמע, היימישע באַציונג. צו דעם האָט געווירקט די גוטע באַהאַנדלונג פון דער פרוי פלעקסער. אין די לאַנגע ווינטער אָוונטן פלעגט קומען ה׳ פלעקסער מיט זיין פרוי און אַרבעטן צוזאַמען מיט אונדז האַנט ביי האַנט. ניט איינ־מאָל האָט זי אונדז אַרבעטער איינגעלאַדן אויף אָוונט ברויט אין מיטן דער אַרבעט.

די דרוקעריי איז געווען די איינציקע יידישע אונטערנעמונג ווו די אַרבעטער האָבן באַקומען אַ זעקס טאָגיקן באַצאָלטן אורלויב יעדעס יאָר.

נעבן משה׳קע דעם קצב׳ס יאַטקע אויף דער מאָלאָדעטשנער גאַס האָט זיך געוואַלגערט אַ סקעלעט פון אַ פאַרזשאַווערטער, פאַרברענטער דרוק מאַשין. פלעקסער האָט פאַראינטערעסירט ליאָטעק דעם שליאָסער (אַ גרויסער שיכור) און צוזאַמען באַשלאָסן פאַריכטן די פאַרברענטע מאַשין.

חדשים לאַנג האָבן שמעון מיט ליאָטעק׳ן געאַרבעט און רעסטאַווירט די מאַשין. די שמחה איז געווען גרויס ווען די פריש געפאַרבטע מאַשין האָט אָנגעהויבן אַרבעטן.

ה׳ פלעקסער האָט געהאַט צוטרוי צו זיינע אַרבעטער. זומער איז ער אַרויסגעפאָרן אין גלינע און איבערגעלאָזט אַלעס אויף אונדזער אויפזיכט. דער צוטרוי איז געווען אַ קעגנזייטיקער. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו מעכאַניק, ניט אומזיסט איז ער געוואָרן אַ שותף צו אַ ראַדיאָ און ראָווערן געשעפט מיט מאָטאָציקלען פון ה׳ לעוויט חיים.

די פרוי פלעקסער האָט געעפנט אַ פאַפיר און שרייב געשעפט.

שמעון איז געווען טעטיק אין האַנטווערקער פאַראיין, אין דער ציוניסטישער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, די פרוי איז געווען טעטיק אין וויז״א. זייער הויז איז געווען אָפן פאַר באַזוכער פון פאַרשידענע שיכטן.

די סאָוויעטן האָבן קאָנפיסקירט די דרוקעריי און ניט ערלויבט זיי ווינען אין אַ אָבלאַסט־שטאָט, אַלס ניט כשר׳ע עלעמענטן. ער מיט דער פאַמיליע האָבן פאַרלאָזט ווילייקע און אַריבערגעפאָרן קיין אָשמענע.

אין 1947 זייענדיק אין טאַלין, עסטלאַנד, האָב איך געלייענט אין סוצקעווערס בוך וועגן ווילנער געטאָ, אַז אין אַ משאַ־וואַגאָן, וואָס איז אָנגעקומען פון אָשמענע אין פאָנאַר, מיט אַ טראַנספּאָרט יידן, האָט מען געפונען אויפן וואַנט פון וואַגאָן, אַן אויפשריפט, וואָס האָט גערופן ״נקמה נעמען פון די היטלער מערדער״ מיט אַן אונטערשריפט ש. פלעקסער. דאָס איז זיכער אונדזער שמעון פלעקסערס אונטערשריפט. ווער קען זיך פאָרשטעלן זיינע מחשבות ביים שרייבן די ווערטער.

די פרוי פלעקסער האָט מען געזען אין ווילנער געטאָ. זי האָט אָנגעהערט צו אַ פאַרטיזאַנען אָטראַד, און געקומען אין ווילנער געטאָ אַרויספירן יידן אין וואַלד. זי איז אומגעקומען העלדיש אַלס פאַרטיזאַנערן אין וואַלד.

מ. ל — א



### האָדל אַבראַמאָוויטש

# א טראָפּן אין ים

אין מיינע געדאַנקען זע איך דיר אָפט, מיין שטעטעלע ווילייקע. איך דערמאָן דיר און קען ניט פאַרגעסן.

ווי קען מען פאַרגעסן, דיינע, גלייכע, ציכטיקע גאַסן, דעם גוט־געפלעגטן, ריינעם שטאָט־גאָרטן – דעם בולוואַר, ווו גרינע בלעטער, באַצירן ווייסע בעריאָזע־ביימער, דורכגעפלאָכטענע מיט סאָסנאָווע צווייגן און שישקעס פון נאָדל־ביימער, וועלכע פאַרשיכּרן מיט זייער שטאַרקן אַראָמאַט די שפּאַצירנדע דורכגייער און פאָרלעך. ווי קען מען פאַרגעסן דעם ברייטן טייך ווילִיע, וועלכער שלענגלט זיך שטיל און רויק צווישן די גראָזיק גרינע זוימען און זאַמדיקע ברעגן. ווען ביי יעדער בויג פון טייך, ביי יעדער שטיין, רייסן זיך דורך שוימיקע ברויזנדיקע כוואַליעס. ווי פריילעך און זאָרגלאָז עס קלינגט אָפּ פון זיינע ברעגן די געשרייען פון די פּליטן־טרייבער אין די זומערדיקע טעג און אָוונטן, ווען דער טייך איז פול מיט געהילך, געפּאַסט אין פּליטן און די טרייבער שרייען, איינער צום צווייטן: "נאַפּראַוואָ דרוגאַלקאַ" אויפן רעכטן זייט.

אָט זע איך אייך מאַמעס און קינדער, יוגנטלעכע און עלטערע, ווולכע קומען אין די זומערדיקע פרימאָרגן־שעהן זיך אָפּברענען פון די פּיאָלעט שטאַרקע שטראַלן פון דער זון און פאַרהאַרטעווען דעם קערפּער מיט ספּאָרט און שפּילן אין די ריינע, ברענענדיקע, געלע זאַמדן, ביים ברעג־טייך און דורכזיכטיקע שפּרודלדיקע, קאַלטע וואַסערן פון דער ווילִיע. ווי קען מען פאַרגעסן אייך אַלעמען, יונגע און אַלטע, טאַטעס מיט קינדער, אויסגעוואַשענע, אויסגעפּוצטע. מיט פריילעכע פּנימער אין די פרייטאָג־פאַרנאַכטן, גייענדיק דאַווענען אין די שולן און בתי־מדרשים. האָט ניט די שכינה גערוט אויף זיי? ווו זענען זיי איצט אַלע? אַ שרעק בלויז צו דערמאָנען זיך. שומר ישראל, איך פרעג דיר: ווי קען מען דאָס פאַרשטיין?

### דער געוויסער

דאָס איז געשען אין 1931, דאָס יאָר פון גרויסן געוויסער. די מאַכט האָט אָנגעזאָגט די איינוווינער, וועלכע ווינען נעבן טייך, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן זייערע הייזער, ווייל די ווילִיע האַלט ביים אַרויסגיין פון אירע ברעגן און פאַרפלייצן די נאָענטע סביבה. מיר זענען געלאָפן אַ גרעסערע גרופּע צו דער בריק זען דאָס ברויזנדיקע וואַסער, וועלכעס יאָגט זיך מיט אַזאַ אימפּעט און כוח, פאַרפלייצט אַלץ און אַלעמען. דער שטראָם שלעפּט־מיט ברעטער און שטוביקע מכשירים, וועלכע מענטשן האָבן ניט באַוויזן צו באַוואָרענען. אָט שלעפּט מיט דער שטראָם אַ גאַנצן שטאַל מיט אַ קו, וועלכע האַלט אין מוקען. ניט ווייט פון שטאַל שווימט אַ הילצערן ביידל, צו וועלכע עס איז צוגעבונדן אַ הונט. ער שטייט מיט פאַרגלאָצטע אויגן, און בילט מיט אַזאַ יאָמערליכער שטימע. ער בעט, ווייזט אויס, גוטע מענטשן, ראַטעוועט אים. ווייזט אויס, אַז די בעלי־בתים האָבן פאַרגעסן, אַרויספירן די קו פון שטאַל, און אָפּבינדן דעם הונט פון ביידל. אפשר זענען זיי בכלל אין דערהיים ניט געווען, ווען דער געוויסער איז אָנגעקומען. ניט ביי איינעם פון די צוקוקער שטעלן זיך טרערן אין די אויגן, זעענדיק דעם גורל וואָס עס שטייט פאַר די שטוביקע בעלי חיים. ווי אַזוי איז מעגלעך זיי צו ראַטעווען, איז געווען די פראַגע ביי יעדן.

אַ סך וואַסערן זענען דורך אין ווילִיע פון יענער צייט. אַ סך יידיש בלוט איז דאָרט אָפּגעשווענקט געוואָרן. פון יענער צייט איז פאַרשלונגען און אָפּגעמעקט געוואָרן אַזוי פיל יידישע שטעט און שטעטלעך, צוזאַמען מיט אונדזער אומפאַרגעסלעכער היים, ווילייקע.



אַ גרופּע גימנאַזיסטן ביי דער ווילִיע
די צווייטע פון רעכטס זיצט ד"ר חיענע מאַרקאַן

סענדער ל.

# די יידישע מאַמע

אויפן ראָג פון די גאַסן אָרלאָווסקי און מאָלאָדעטשנער, אין איינע פון חיים־יונה׳ס קראָמען, האָט אין ענדע פון די צוואַנציקער יאָרן, חיה לאַנדאָ געעפנט איר ״צוקערניע״־קרעמל. דער גרונט־קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון... אַ הלוואה פון 150–100 זלאָטעס אין ״גמילות־חסד״ ביי ר׳ יעקב העשלס ז״ל. פון דעם געלט האָט זי איינגעהאַנדלט די נויטיקע זאַכן: אַ טישל מיט אַ פּאָר בענקלעך, אַ וואָג, אַ בופעט מיט אַ טישקעסטל ווּ צו לייגן דעם ״פּדיון״. אויך אַ בוך צו פאַרשרייבן די חובות, וואָס מען וועט נעמען ״אויף־באָרג״. און נאָכן אויסקויפן אַ ״פּאַטענט״ און באַצאָלן דירה־געלט האָט זי פאַר די איבערגעבליבענע עטלעכע זלאָטעס איינגעקויפט די סחורה: אַ ביסל צוקערקעס, קערעלעך, עטלעכע פלעשלעך קוואַס, לימאָנאַדע און אַ באַלאָן סאָדע־וואַסער. ביי ר׳ גרשון זכריהס, אַ פּאָר לעבלעך ברויט מיט עטלעכע בולקעס ביי ליפשיץ דעם בעקער און דער אויסוואַל איז געווען פאַרטיק.

די פרייע צייט פון זיצן און אַרויסקוקן אויף אַ קונה, צווישן אַ ״פּדיון״ פון עטלעכע גראָשן פון די שכנותדיקע קינדער ביז אַ גלאָז סעלצן־וואַסער פון אַ צופעליקן פאַרבייגייער, האָט זי אויסגענוצט אויף אַ ״נישט־פּראַקטישע״ זאַך ווי לייענען ביכלעך. אין שכנות פון איר קרעמל האָט געוווינט רעיה גורוויטש (איצט אין ישראל) און ביי זיי אין שטוב האָבן זיך געפונען אַלע ווערק פון שלום־עליכם, מענדעלע, פּרץ און אַנדערע יידישע שרייבער. דערוויסנדיק זיך פון דעם, האָט זי עס אויסגענוצט אויפן בעסטן אופן. אויך די קינדער, גייענדיק אין דער שטאָט־ביבליאָטעק, האָבן דער מאַמען אין זינען געהאַט און מיטגעבראַכט פאַר איר אַ בוך.

נישט זעלטן האָט זיך געמאַכט, אַז דער אַריינקומענדיקער גוי איז געבליבן שטיין אויף אַ ווייל און מיט אַ געוויסן ״דרך־ארץ״ אויסגעוואַרט, ביז די ״כאַזיאַיקע״ (באַלעבאָסטע) וועט אויפהויבן צו אים די אויגן פון דעם ביכל, כדי צו קאָנען בעטן ביי איר זיין פערלאַנג אַ האַלבע קילאָ שיטניצע (האַלב זיידענע ברויט) מיט אַ געזאַלצענעם הערינג.

ווען איר זון, אַ 8־9 יאָריק יינגל, איז געבליבן אָן אַ פּאַסיקן גמרא־מלמד אין שטעטל, איז געקומען צו איר ר׳ אהרון ליאַמפּערט ז״ל און געפּועלט ביי איר אַוועקצושיקן דאָס יינגל קיין קורעניץ לערנען גמרא. נאָך סוכות, אָנהויב זמן, האָט זי אים צוגעגרייט אין וועג אַריין. אַ דינסטאָג אין דער פרי ווען נחמיה חאַסיע־העניעס, דער קצב, דער שכן, איז געפאָרן קיין קורעניץ אויפן מאַרק, איז זי מיטן יינגל מיטגעפאָרן. געבראַכט אויפן אָרט, בעזאָרגט מיט ״טעג״ אויף דער גאַנצער וואָך, מיט אַ קוואַרטיר. מאַכנדיק אַ פריילעכע מינע, ווען די טרערן גיסן זיך אויפן פּנים, האָט זי זיך מיטן זון געזעגנט, געפאָרן צוריק מיט דער טרייסט, אַז ער איז געבליבן לערנען תורה.

חנוכה־צייט, אין אַ ווינטערדיקן, קאַלטן נאָך־מיטאָג איז דאָס יינגל אַרויס פון חדר אויפן שול־הויף כלומרשט טרינקען וואַסער, איז אַריינגעלאָפן אויף זיין ״קוואַרטיר״, זיך אָנגעטאָן דעם מאַנטל מיטן באַשליק אויפן קאָפּ, אַרויסגעגאַנגען שטילערהייט פון שטוב, נישט וועלנדיק אָנטרעפן קיינעם און זיך געלאָזט גיין קיין ווילייקע. די בענקעניש פון דעם יינגל אַ היים איז געווען אַזוי גרויס, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער האָט נישט געוווּסט די וועג קיין ווילייקע, נאָר געהערט, אַז עס ציט זיך אַ גלייכע וועג איז ער אַרויס מיט דער ווילייקער גאַס פון קורעניץ און מיט שנעלע קינדערשע טריט זיך געלאָזט גיין אַהיים. אויפן וועג האָט ער געדאַוונט מנחה. דער אָוונט איז גיך צוגעפאַלן, פון ווייטן האָט זיך געלויכטן די עלעקטרישע פאָנאַרן פון ווילייקע. געהערט אַ מאָל אַז בייניאַכט לייכטן ביי וועלף די אויגן, האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז דאָס זענען געוויס הונגעריקע וועלף, וועלכע גייען דאָ אַרום. דער שרעק איז געווען גרויס, אָבער די בענקעניש איז געווען שטאַרקער. ער האָט פאָרגעזעצט צו שפּרייזן שנעל, אַ היים, מורמלענדיג שטילערהייט אַ הייסע תפילה.

ווען ער איז אָנגעקומען אויף מאָלאָדעטשנער גאַס און צוגעקומען צו דער מאַמעס קרעמל איז שוין געווען נאַכט. דורכן פענצטער האָט ער געזען ווי די מאַמע זיצט איינע אַליין ביי דעם אייזערנעם אויוועלע פאַרזונקען אין מחשבות. אַוודאי געטראַכט וועגן קליינעם זונעלע, וועלכער געפינט זיך אין דער פרעמד, ביי פרעמדע טישן, יעדן טאָג ביי אַן אַנדער בעל־הביתטע מיט אַ פאַרשידענעם שטייגער. ער איז איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען דעם פענצטער, נאָכאַמאָל אויף צוריק, ביז ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, אַרויף אויף די טרעפּלעך, געעפנט די טיר און מיט דער פּלייצע זיך אַריינגעשאַרט אין קראָם אַריין. פאַרמאַכט צוריק די טיר, און זיך נישט געאיילט אויסצודרייען זיך מיטן פּנים. אַ פאַרוווּנדערונגס־אויסגעשריי פון דער מאַמען – ״ווי קומסטו איצט אַהער?״ און שוין איז ער, ביי דער מאַמעס שויס, און זייערע ביידנס טרערן מישן זיך צוזאַמען און פאַלן אויף דעם הייסן אָנגעהייצטן אייזערנעם אויוועלע.

קורץ איז געווען דער באַזוך אין דער היים. נאָך צוויי נעכט איבערשלאָפן אין שטוב, איז געקומען דער דינסטאָג, דער מאַרק־טאָג אין קורעניץ. ווידער צוזאַמען מיט דער מאַמען אין נחמיה דעם קצבס שליטן, און צוריק אין קורעניץ, אין חדר, צו דער גמרא.

די טרערן האָט זי געשלונגען אין זיך, וואָס קאָן מען טאָן.

דאָס ייִנגל מוז דאָך לערנען. זיך פריילעך אָפּגעזעגנט מיטן זון איז די מאַמע גיך געפאָרן צוריק זיצן ווידער אַליין ביים אויוועלע, טראַכטן און בייִנקען נאָכן טייערן ייִנגל, וועלכער געפינט זיך אין דער פרעמד.



ווען די קהילה־פירער האָבן אייִנגעפירט שחיטה־צעטלען אין ווילייקע, האָבן זיי איר איבערגעגעבן דעם פאַרקויף פון אָט די צעטלען. אפשר דערפאַר ווייל דאָס קרעמל האָט זיך געפונען אויפן וועג צו ר׳ שמואל דעם שוחט. אַ שטרענגן אָנזאָג האָט זי באַקומען, נישט צו געבן קיין שחיטה־צעטלען אויף באָרג און דאָס געלט טאָג־טעגליך אַרייִנטראָגן אין פאָלקס־באַנק. וואָס טוט מען אָבער, אַז דינסטאָג פאַרנאַכט קערט זיך אום פון קורעניץ פון מאַרק אַ שטייגער אַזאַ בערל־דוד דער קצב, קומט אַליין צו פוס און טרייבט מיט זיך אַ קעלבל, וואָס עס האָט זיך אים אייִנגעגעבן צו קויפן, נאָכדעם ווי ער האָט צונויפגעשטעלט עטלעכע זלאָטעס און אויף דעם שחיטה־צעטל איז אים שוין נישט געבליבן מער קיין געלט. זאָל בלייבן דאָס קעלבל נישט געשאָכטן, און בערל־דוד אָן פלייש פאַר זיינע קונדן און אָן פרנסה? ניין, דעם שחיטה־צעטל קריגט ער יאָ און אָנשטאָט געלט לייגט זי אַריין אַ קוויטעלע, אַז בערל־דוד איז שולדיק אַזויפיל און אַזויפיל. און נישט בערל־דוד איז דער אייִנציקער. אויך גרעסערע קצבים פון אים ווי שמעון־שייע, יצחק אהרון־דודס, און אויך אפילו יאַנקל האַשע־העניעס, דער ״גביר״. אויך קוויטלעך מיט זייערע נעמען פלעגן זיך געפינען אין דער קאַסע פון די שחיטה־צעטלעך. עס פלעגט אַמאָל טרעפן ווען סיראָטקין דער קהילה־סעקרעטאַר איז אַרייִנגעקומען קאָנטראָלירן די קאַסע, האָט זי געשווינד פערביטן די קוויטלעך מיט מזומנים פון איר אייגענער קרעמל־קאַסע, און די קאָנטראָל האָט זיך שטענדיק גוט פאַרענדיקט. די קצבים האָבן איר די טובה נישט פאַרגעסן און גלייך פון דעם ערשטן פדיון געדעקט דעם חוב.



די טאָכטער האָט זי נאָך דער ״תרבות״־שול אין גימנאַזיע געשיקט. שוין פון קינדווייז אָן דערוועקט זיך אין איר די ליבע צו העברעיִש און ארץ־ישראל, אויך ווען זי לערנט שוין אין גימנאַזיע פירט זי אַן אַקטיווע טעטיקייט אין ״השומר־הלאומי״ און נאָכדעם אין ״הנוער הציוני״. כדי צו העלפן דער מאַמען, דעם שכר־לימוד צו צאָלן פאַר איר לערנען, גיט זי אָפּ לעקציעס ייִנגערע שילערינס. נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע, באַשליסט זי פאָרצוזעצן דאָס לערנען אין ״תרבות״־סעמינאַר אין ווילנע. ניט לייכט איז צו קומען צו דער מאַמען מיט דעם פאָרשלאַג, ווייל פונקט דעמאָלט געפינט זיך דער זון אין מיליטער־דינסט און די מאַמע דאַרף בלייבן איינע אַליין. אָבער, צי קען די מאַמע זיין אַזוי ״עגאָיסטיש״ און טראַכטן וועגן זיך, אַז די טאָכטער וויל לערנען? זי טוט אַלץ, כדי די טאָכטער זאָל קענען פאָרן און זיך אויסהאַלטן אין ווילנע, לערנען און קומען צו אַ ברעג. אַליין בלייבט זי איינזאַם ביי דעם קרעמל. ניטאָ ווער עס זאָל צוהעלפן, ניטאָ אפילו פאַר וועמען אָפּקאָכן אַ מיטאָג. פאַר זיך אַליין לוינט דאָך ניט די אַרבעט. און אַזוי לעבט זי שווער איר לעבן און וואַרט אויף אַ בריוו, פון דער טאָכטער פון ווילנע און פון זון אין מיליטער.

סעפּטעמבער 1939, עס ברעכט אויס די מלחמה. נאָך גוט, וואָס די טאָכטער איז שוין געבליבן אין דער היים מיט איר. דער זון, אָבער, געפינט זיך נאָך אין דער אַרמיי און קיין בריוו פון אים באַקומט זי שוין מער נישט. אין שטעטל פאַרשפּרייט זיך אַ ידיעה אַז דער זון איז געפאַלן אין קריג. די באַקאַנטע און פריינט מיידן פשוט אויס זיך צו טרעפן מיט איר אין גאַס. זיי קענען ניט פאַרטראָגן איר צער. די סאָוויעטן זענען שוין אַריין אין שטעטל, דאָס קרעמל דאַרף מען ליקווידירן, דאָס רעשטל סחורה ברענגט זי אַהיים און אין געהיים זעצט זי פאָר צו פאַרקויפן די לעצטע עטלעכע צורקערקעס די באַקאַנטע קינדער. שווערע טעג זענען אָנגעקומען און פון זון ווייסט זי נאָך אַלץ גאָרניט. אָנהויב נאָוועמבער קערט זיך אום דער זון פון געפענגעניש אַ היים. עס אַרט איר שוין גאָרנישט פון דעם רואינירטן קרעמל. זי האָט ווידער ביידע קינדער נעבן זיך.



דינסטאָג דעם 24־טן יוני 1941, האָט זי זיך געזעגנט מיטן זון. ווען ער איז געקומען פון דער צייטונגס־דרוקעריי, וווּ ער האָט געאַרבעט, און דערציילט אַז די רעדאַקציע און דרוקעריי אַרבעטער עוואַקואירן זיך און אויך ער קען מיטפאָרן, איז מען אַוועק צו דעם עלטערן ברודער, מאיר לאַנדאָ, זיך מיישב זיין, וואָס צו טאָן. דאָרט איז געפאַלן דער באַשלוס: — פאָרן — דו ביסט נאָך יונג, — האָט מען אים געזאָגט. מען קאָן דיך נאָך נעמען אויף שווערע אַרבעט, אָקאָפּעס גראָבן, אויף די דייטשן קאָן מען זיך דאָס ריכטן. טאָ פאָר מיט, אינגיכן וועט מען דעם דייטש פאַרטרייבן, וועסטו קומען צוריק אַהיים. זי האָט אים צוגעגרייט דעם טשעמאָדאַן, מיט די סאַמע נויטיגסטע זאַכן און בעגלייט צו דער טיר. ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס זיי זענען צוזאַמען, אַז די צעשיידונג איז אויף אייביק. דאַכט זיך אַז זיי האָבן זיך גאָרניט אַזוי הייס געקושט. דאַכט זיך גאָר, אַז אָן טרערן איז די צעשיידונג פאָרגעקומען.

שושן־פּורים, תש״ב — 1942 — אין טורמע אויפן הויף האָט זי צוזאַמען מיט איר טאָכטער אומגעקערט זייערע ריינע נשמות צום הימל.



דער טויטן־מארש

# פערזענליכקייטן און טיפן

## דער גבאי

ר׳ משה שמעון איז געווען פון דער נאַטור אַ פאָלקס־מענטש, ליב געהאַט ״עמך״־יידן. אַלע יאָרן געווען טעטיק אין קהלשע ענינים, געווען אַ חבר אין חברה־קדישא און איינער פון די בויער פון גרויסן בית־המדרש. געווען דאָרט דער גבאי ביזן אומקום.

מען פלעגט אין שטאָט זאָגן, אַז דערפאַר איז געבויט געוואָרן דער בית־המדרש מיט אַ ברייטער מזרח־וואַנט, כדי דער גבאי זאָל קענען איינטיילן דאָרט שטעט אין מזרח פאַר די, וועלכע ווילן עס און דורך דעם פאַרמיידן מחלוקת. געווען איז ר׳ משה־שמעון אַ רודף־שלום. ביי יעדער מחלוקת איז ער שטענדיק געשטאַנען אָן אַ זייט און תמיד געזוכט מיטלען צו מאַכן שלום. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר צדקה־זאַכן, הנאה געהאַט צו טאָן אַ יידן אַ טובה. מיט האַרץ און איבערגעבנקייט, אָן פרסום און אָן רעש. דערביי פלעגט אים בייהילפיק זיין זיין פרוי, העניע.

ווען דער רבי פלעגט קומען אין שטאָט איז ר׳ משה־שמעון געווען זיין פאַרזאָרגער. איינאָרדענען דעם רבין, ער זאָל זיין צופרידן. אָפטמאָל פלעגט מען זאָגאַר צוגרייטן דאָס עסן פאַרן רבין ביים גבאי אין שטוב. די מלווה־מלכה איז פאָרגעקומען אין שטוב פון גבאי, מיט תורה, חסידות און ניגונים. ער האָט אויך אין זינען געהאַט, אַז די חסידים זאָלן דערפילן זייער חוב לגבי דעם רבין.

בעת דער לעצטער אַקציע, פורים 1942, איז אויך ר׳ משה־שמעון אוועק צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה יידן. פאַרנדיק אין אויטאָ ביז דער טורמע, האָט ער די גאַנצע צייט געזאָגט תהילים און געשריען ״שמע ישראל״. ער האָט געלעבט מיט אמונה, און איז אומגעקומען מיט די הייליקע ווערטער אויף זיינע ליפּן.

נחמיה קור



## ר׳ קלמן גוטקין (דער בירער)

ווער עס איז נאָר געקומען אין באַרירונג מיט מיין פעטער, האָט אין אים געמוזט גלייך דערקענען זיינע גוטע מידות. זיי האָבן אים פאַרשאַפט חן אין אַלעמענס אויגן. ער האָט יעדן מענטשן געטראָגן דעם גוטמאָרגן פאָרויס. אין נאַטור איז ער געווען אַ רויקער, אַ רודף־שלום. ניט אומזיסט פלעגט ער אויסמיידן גבאות און כאָטש ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ איידעלע ווייכקייט, דאָך איז ער געווען זייער פעסט ביי זיינע רעליגיעזע פרינציפּן – שמירת המצוות. פאַר זיך איז ער געווען אַ גרויסער וותרן. ווען זיין פרוי – מיין מומע ע״ה – איז נפטר געוואָרן אין זיינע מיטעלע יאָרן, האָט ער ניט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער פרוי. די קינדער זאָלן, חלילה, ניט דאַרפן ליידן פון אַ שטיף־מאַמע. און ווען ביי זיין עלטסטער טאָכטער, איז די עקאָנאָמישע לאַגע געוואָרן אַ שווערע, האָט ער גענומען איר פאַמיליע צו זיך בצניעות ובשמחה זי אויס־געהאַלטן. גענומען אויף זיך דעם גאַנצן עול־הפרנסה. שטיל און רויק אויסגעהאָלפן ביז די לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט.

ער איז געווען אַ הייסער קאָידאַנאָווער חסיד. דעם שבת, אין וועלכן דער רבי, ר׳ יוסף ז״ל, פלעגט קומען צו גאַסט אין ווילייקע, האָט פאַר מיין פעטער קיין זאַך ניט עקזיסטירט, בלויז דער רבי אַליין. וויפל שמחה און מונטערקייט האָט דער ייד אַרויסגעוויזן אין יענעם שבת.

פלימעניק מ.

## דער פרומער גימנאַזיסט

אהרונציק בערמאַן איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטע טיפּן אין ווילייקע. געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אַ יידישער מאָדערנער שטוב, האָט געלערנט צוזאַמען מיט זיינע חברים. נאָכן ענדיקן די ״תרבות״־שול איז ער אַנגעקומען אין דער פּוילישער גימנאַזיע, האָט זיך גערעכנט פון די גוטע שילער. שבת פלעגן די יידישע שילער מוזן קומען לערנען. בלויז פון שרייבן זענען זיי געווען באַפרייט, היות ווי אין

ווילייקע איז ניט געווען קיין ערוב, פלעגט די גויה ברענגען אהרונציקן זיינע ביכער אין גימנאַזיע. ער איז געווען זייער פרום, האָט גענומען שעורים ביי ר׳ משה קליין, געלערנט גמרא, שו״ע און פוסקים, און האָט געשטיגן אין לערנען און אין יידישקייט. ער איז ניט נתפעל געוואָרן פאַר קיינעם, פלעגט נאָך אין יענע יאָרן אין פוילן גיין מיט די ציצית פון דרויסן.

ווען די סאָוויעטן זענען אַריין אין ווילייקע, איז דב בערמאַן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין סיביר. די פרוי מיט די קינדער זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייער וווינונג, זיי זענען אַוועקגעפאָרן קיין באַראַנאָוויטש. משה דער עלטסטער זון איז מאָביליזירט געוואָרן אין פוילישן מיליטער. זיי האָבן פאַרענדיקט זייער לעבן ווי אַלע יידישע קדושים אין פוילן. בלויז דער פאָטער פון דער משפחה האָט זיך אומגעקערט פון סיביר קיין ישראל און איבערגעלעבט זיינע לעצטע יאָרן צווישן די אייגענע ברידער. ווען מען האָט אים דערמאָנט זיין זון אהרונציק, האָט דער אַלטער צובראָכענער טאַטע אַראָפּגעלאָזט זיין גרויסן גרויען קאָפּ און מיט אַ קרעכץ אַרויסגעזאָגט ״אוי מיין אהרונציק״, באַגלייטנדיק די אייגענע ווערטער מיט הייסע טרערן.

ק. ר־י.

## מיין טאַטע–אלי׳־יאָשע

די שטאַרקסטע דעראינערונגען, וועלכע זענען מיר איבערגעבליבן אין זכרון פון ווילייקע זענען פאַרבונדן מיט דער פערזענלעכקייט פון מיין פאָטער, אליהו־יאָשע ז״ל.

זיין איבערגעגעבנקייט צו נויטבאַדערפטיקע האָט אים באַפרידיקט. ווייסנדיק, אַז ער קען מיט עפּעס פאַרלייכטערן אַ צווייטן, האָט זיין שמחה גאָר קיין גרענעץ געהאַט. ער איז שטענדיק געווען גרייט צו העלפן מיט זיין געלט און אַרבעט. דער גמילות־חסד, די חברה־קדישא, די אַלגעמיינע ציוניסטן, אין דעם איז געווען זיין אידעע. ער האָט זוכה געווען צו שטאַרבן אויף זיין אייגענער בעט נאָך שווערע ליידן און איבערגעמיטן דעם יסורים־וועג פון אונדזערע בעסטע און טייערסטע ווילייקער יידן, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די דייטשישע רוצחים.

אין 1945 האָב איך באַזוכט ווילייקע. די גאַסן זענען געווען ליידיק פון מענטשן. איך האָב געטראָפן בלויז איין יוסף שמוקלער ז״ל, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון וואַלד. ער האָט באַקומען די פּאָסט פאַר אַלע ווילייקער, וועלכע איז אָנגעקומען פון די געראַטעוועטע אין סיביר. איך האָב ביי אים באַקומען דעם ערשטן בריוו פון מיין ברודער יודל פון סאַראַטאָוו. שפּעטער בין איך געוווירר געוואָרן, אַז מיין מומע כאַסיע האָט זיך געראַטעוועט אין וואַלד. פון איר האָב איך זיך דערוווּסט דעם גורל פון מיין משפחה און פון אונדזער שטעטל ווילייקע.

ב. טייץ

## די פאַמיליע גורוויץ

ר׳ שלמה, אַ הויכער, ברייטביייניקער, גוט געקליידעטער פאָלקס־מענטש. ער האָט ליב געהאַט אַ חכמה, אַ וויץ, אַ ביסל כבוד, ווי דער שטייגער ביי אַ גביר. די גויים, זיינע אַרבעטער, פלעגן זאָגן ״שלמה שרייט אָן, אָבער ער צאָלט גוט; אַנדערע רעדן פיין, אָבער צאָלן שלעכט״.

פון נאַטור איז ער געווען אַ היציקער. אַז עס פלעגט פאַלן אַ פערד, פלעגט ער אַנשרייען אויפן בעל־עגלה. ״אַ פערד איז דער פרנסה־געבער, דאַרף מען אים היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ״. שפּעטער פלעגט ער געבן שטיצע מיט אַ ברייטער האַנט, אָבער קיינער זאָל ניט וויסן. פאַר אַרעסטירטע אין טורמע, וועלכע זענען געכאַפּט געוואָרן אויפן גרענעץ האָט ער זייער אַ סך געטאָן ביי נאַטשאַלסטוואָ, און שפּעטער געהאָלפן די באַפרייטע מיט מאַטעריעלע הילף.

אויף שמחת־תורה פלעגט ער איינלאַדן דעם עולם צו זיך אויף קידוש. אַ חודש פאַר יום־טוב האָט מען אין זיין שטוב זיך געגרייט צו דעם טאָג.

זיינע אַלע קינדער האָבן געאַרבעט ביי אים אין דער האָלץ בראַנזשע. ווען זיין זון, בנימין, איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און געבעטן אַ ביסל געלט אויף דורכטראָגן דעם שווערן קריזיס, האָט ער ניט געשיקט, כדי ער זאָל צוריקקומען אַהיים. ער האָט זיך אומגעקערט צום טאַטן אין די געשעפטן און איז אַוועק מיט זיין פאַמיליע אין פּאַנאַר.

ווען די סאָוויעטן זענען אַריין אין 1939, האָבן זיי אים אַרויסגעטריבן פון זיין הויז. ער איז אַרויס וווינען אין קורעניץ און דאָרטן אַרעסטירט געוואָרן. נאָך אַ סך מי האָט מען אים באַפרייט צוליב זיין קראַנקייט (געליטן אויף סקלעראָז) און ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און די קינדער האָבן אים געבעטן מיטפאָרן קיין רוסלאַנד, האָט ער ניט געוואָלט. זיין איינציקער באַגער איז געווען זיך אומקערן צוריק קיין ווילייקע. ער קערט זיך אום און אין דער ערשטער אַקציע גייט ער אַוועק צום בריק און איז דאָרט אומגעקומען.

מיין שוויגער־מוטער, אסתר־חנה, איז געווען אַ שיינע, הויכע, ציכטיגע פרוי. געפירט אַ רייך בעל־הבתיש הויז. אין שטאָט האָט מען זי געהאַלטן פאַר אַ שטרענגע פרוי. די באַקאַנטע שכנים האָבן געוווּסט, אַז די האַרטקייט אירע שטאַמט פון איר אמתדיקייט. זי פלעגט קיינמאָל זיך ניט אָפּהאַלטן פון זאָגן דעם צווייטן דעם גאַנצן אמת אין פּנים, וואָס ניט אַלע האָבן עס ליב. אין קעגנטייל, ווען מען האָט זיך געווענדעט צו איר וועגן שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע, האָט זי געוווּסט, ווי אַזוי צו געבן מיט אַ ברייטער האַנט. וויפל האָלץ האָט חנה אַריינגעשיקט אין אָרעמע הייזער, אויסער אַנדערע קלענערע און גרעסערע סומעס אַלס מתן־בסתר. שטענדיק זיך געהאַלטן שטאָלץ, אפילו, ווען די סאָוויעטן האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון זייער אייגן הויז און האָבן געמוזט אויף

דער עלטער אַריבערגיין אין אַ געדונגענעם קליינעם צימערל אין קורעניץ.

ווען איר מאַן, שלמה, איז קראַנק געוואָרן און געבראָכן פון צרות פון דעם סאָוויעטישן רעזשים, האָט זי געטראָגן דעם יאָך מיט ווירדע און כבוד אויף אירע שטאַרקע פּלייצעס, ניט אַראָפּלאָזנדיק די הענט. זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן, אין דער ערשטער אַקציע.

ר ע י ה   ג ו ר ו ו י ט ש



## די געשיכטע פון איין משפחה

ער איז געווען איינער פון זיי, אַרויסגעוואָקסן פון פאָלק, איינגעוואָרצלט אין אים, געאָטעמט מיט זיין לופט, ניט גע־זוכט קיין דאַנקען, ווייל אַזוי האָט אים דיקטירט זיין געוויסן. דאָס איז געווען זיין דערציונג. ווען אין ווילייקע האָט מען געדאַרפט שאַפן אַ הכשרה־פונקט פאַר חלוצים, איז ברוך גורוויטש געווען איינער פון די גרינדער. ער האָט געזאָרגט וועגן אַרבעט און עסן פאַר די שווער פאַרהאָרעוועטע יונגע חברים. ער איז געווען אַ מיטגליד פון עלטערן קאָמיטעט ביי דער "תרבות"־שולע, און זיך באַטייליקט אין די פּעדאַגאָגישע ראַטן פון די לערער. ער האָט געהאָלפן באַקומען אַ סובסידיע און עפענען אַ קיך פאַר אַלע קינדער, ווירקנדיק אויף די רייכע עלטערן אַז זייערע קינדער זאַלן עסן אין קיך, כדי די אָרעמע זאָלן ניט פילן דעם אונטערשיד, זעענדיק ווי די דינסטן ברענגען גוטע מאכלים פאַר זייערע קינדער.

זייענדיק אין פּוילן, האָט ער געאַרבעט קאָנספּיראַטיוו, געזוכט פאַרוואָגלטע יידישע קינדער. אין אַ ווינטערדיקן פראָסטיקן טאָג איז ער געפאָרן מיט אַ גוישער פורמאַנקע 30 ק"מ צו אַ פריינט, כדי צו עפענען אַ קינדער־היים. ער האָט צונויפגעקליבן פאַרוואַרלאָזטע יידישע קינדער און גע־שאַפן פאַר זיי אַ וואַרימע היים. זיין "אני מאמין" איז געווען: דורך אַלע וועגן, קעגן אַלע שטערונגען, איין ציל – ארץ־ישראל. אָנקומענדיק אין נידער־שלעזיען, איז זיין ערשטע דאגה געווען, איינאָרדנען די מיטפאָרער מיט דירות, פאַר זיך האָט ער ניט געדאגהט און אַליין געלאָפן אין אַ קיבוץ, פּראַווען אין אַ יידישער אַטמאָספער, דעם "סדר".

מערץ, 1946

אין נידער־שלעזיען האָט ברוך מוותר געווען אויף אַ סער־טיפיקאַט לטובת אַ משפחה מיט קינדער. פון קינדער־היים אין ביעלאָווע האָט ברוך מיט אַ געוויסן ה' פּריש אריבער־געפירט אַ פּוילישע דערציערין מיט 38 יידישע קינדער איבערן

הכשרה־פונקט אין שטאָט – דריטער פון לינקס שטייט ברוך גורוויטש



גרענעץ קיין עסטרייך. בלויז זיין אַדרעס איז געווען אָנגעגעבן דער פּוילישער דערציערין. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ פאַרראַט. ער האָט געזאָגט: איך האָב אַ גרויסע זאַך געטאָן, דאַרף איך ניט זיין פאַרצווייפלט. אויף מאָרגן איז די גאַנצע פּאָליציי געשטאַנען אויף די פיס און געזוכט די גרופּע קינדער מיט דער לערערין, וועלכע זענען אַרויס אויף אַ שפּאַציר און זיך ניט אומגעקערט.

זיין זון, ישראל, האָט אין פּעטראָלעסיע אָרגאַניזירט אַ קיבוץ פאַר יוגנטלעכע. ווען מען האָט אים באַשטימט אַ סטיפּענדיע צו לערנען אין אוניווערסיטעט אין אַמעריקע, האָט ער זי ניט אָנגענומען און געזאָגט: מיין אָרט איז אין ארץ־ישראל. דער צווייטער זון, שמעון האָט געאַרבעט אין אַ יתומים־הויז אַלס לערער. בייטאָג געלערנט און ביינאַכט מיט גראַנאַטן אין די הענט געהיט פריידוויליק די קינדערלעך פון די מערדערישע באַנדעראָוועס.

זיי זענען אַרויס פון ביעלאָווע מיט 180 קינדער. געבראַכט זיי קיין בראַטיסלאַווע גלייך נאָך אַ פּאָגראָם. די אויסגעהאַקטע פענסטער, צעשאָטענע פעדערן האָבן געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. די קינדער האָבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן. די שרעק איז געווען גרויס. זיי אַלע האָבן זיך געמוזט אָנגעבן אַלס קריסטן. עס איז געווען אַ באַפעל צו פאַרברענען אַלע יידישע דאָקומענטן.

ברוך איז געגאַנגען מיט די קינדער צופוס איבער גרענעצן, און איז אָנגעקומען קיין ווין. ער איז גלייך אַרויסגעפאָרן מיט זיי קיין בראונאו. ברוך פלעגט זאָגן: פאַר זיי, פאַר די קינדער, איז קיין זאַך מיר ניט שווער, ווען מען ווייסט נאָר, אַז מען דערנענטערט זיך צום ציל – ארץ־ישראל. ווען ער האָט פּלוצלונג באַקומען אַ באַפעל צו קומען קיין זאַלצבורג, האָבן זיך די קינדערלעך האַרציק געזעגנט מיט אים, ווי מיט אַן אייגענעם פאָטער.

יעדע יידישע צרה האָט אויף אים געווירקט. נאָך 6 וואָכן זיין אין לאַגער באַבענהויז האָט זיין וואַרעם יידיש האַרץ ניט אויסגעהאַלטן.

זיינע קינדער האָבן פאָרגעזעצט דעם וועג פון זייער פאָטער. אין באַבענהויז האָבן זיי געגרינדעט אַ העברעישע שולע, ניט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון דעם לינקן קאָמיטעט. זיי האָבן צוגעגרייט יידישע קינדער צו דער עליה קיין ישראל.

ק. ר־י

## שלמה־חיים ״דער טשוועק״

ווילייקער אָרעמע־לייט זענען געווען אַנדערש, ווי אין די אַרומיקע שטעטלעך. נעמט, צום ביישפּיל, שלמה־חיים ״דער טשוועק״. ער איז געווען פון מיטעלן וווּקס, ברייטע אַקסלען, מילדע טונקעלע אויגן, אַ שוואַרצע באָרד, דורכגעשפּראָצט מיט ווייסע זילבערנע פעדים־האָר. שטענדיק אַ זויבערע קאַפּאָטע, אַ גאַנצע, אפילו די אַרויפגעלייגטע לאַטע איז אויך זאָרגפעליק צוגענייט געוואָרן.

ער האָט קיינמאָל ניט געבעטן קיין געלט. אדרבה, ווען ער פלעגט אַריינקומען אין שטוב, דאָס רוב ווינטער־צייט, זיך אָנוואַרעמען אָדער בעטן אַ הייסע גלאָז־טיי, האָט ער שטענדיק מוותר געווען אויף מיטאָג־עסן, זאָגנדיק ״איך האָב אַנדערשוווּ געגעסן״. איך פלעג באַמערקן, ווי זיינע הענט און נעגל פלעגן זיין שטענדיק ריין.

ווען ער פלעגט זינגען זיינע באַוווּסטע 2 רוסישע לידער און פאַרענדיקן מיט ״קאָניעץ לערמאָנטאָוואַ״, האָט זיך מיר שטענדיק געדאַכט, אַז דער אָרימאַן האָט עפּעס אַנדערש אין זינען.

אפילו די מעשה מיט זיין פרוי איז אַן אויסגעטראַכטע, וואָס דאַרף פאַרהוילן זיין פאַרגאַנגענהייט.

איך געדענק אין ווילייקע זענען אָנגעקומען פון רוסלאַנד די צוויי דיכטער: י. י. זינגער און אַלטער קאַציזנע. זינגער האָט מיך געפרעגט, צי איז פאַראַן אין ווילייקע אַ ספּעציפישער טיפּ פון אַ פרומען אָרימאַן. איך האָב אים פאָרגעשטעלט שלמה חיימען. זינגער האָט אים געשטעלט פראַגן, אויף וועלכע ער האָט געענטפערט ניט־גערן. דער שרייבער האָט געזאָגט אויף אים ״אַ מערקווירדיקער טיפּ״. מען קאָן אָנשרייבן אַ שיינע זאַך, נעמענדיק דעם מענטשן פאַר אַ פּראָטאָטיפּ. מיר דוכט זיך אַז אין ענדע פון זיין בוך ״יאָשע קאַלב״ האָט דער מחבר גענומען שטריכן פון שלמה־חיים׳ס לעבן.

ווען איך האָב געלייענט שלום אַש׳ס ״קידוש השם״ און וועגן דעם למד־וואָווניק, האָט זיך מיר געדוכט, אַז שלמה־חיים מיט זיין מעשה וועגן דעם אַראָפּגעשלונגענעם טשוועק, איז נאָר אַ פאַרשטעלטע געשיכטע און, אַז זיין מיסיע אין לעבן איז אַן אַנדערע. ער צאָלט פאַר פרעמדע זינד, אַזוי ווי דער למד־וואָווניק ביי שלום אש.

ר. ג — ץ





ווילייקער לאַנדסמאַנשאַפטס קאָמיטעט אין אַמעריקע. צווייטער פון רעכטס בנימין בראַנשטיין סעקרעטאַר, דריטער יעקב אייזנשטאַט פּרעזעס.

# ווילייקער לאנדסמאנשאפטן אין אמעריקע

די עמיגראַציע פון ווילייקע קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין די 80־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט.

די רדיפות פון צאַרישן רעזשים אויף דער יידישער באַפעלקערונג, די געדריקטע מאַטעריעלע לאַגע פון די יידישע מאַסן אין די קליינע שטעטלעך, איבערהויפּט פון יידישן קליינהענדלער און בעל־מלאכה, האָט געצוווּנגען דעם קליינשטעטלדיקן יונגערמאַן זיך שיידן מיט זיין פאַמיליע און היים, און זוכן זיין גליק אין דער גרויסער רייכער אַמעריקע.

אין 1885־טן יאָר בערך האָבן עמיגרירט פון ווילייקע ביי צען משפחות און יחידים, דער גרעסטער טייל פון זיי זענען אָנגעקומען קיין באָסטאָן, ווו ס'האָבן זיך שוין געפונען אַ צאָל ווילייקער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו פאַרלייכטערן דעם נייעם אָנגעקומענעם אין דער פרעמדער לאַנד, און באַזאָרגן אים מיט אַן אַרבעטס פּלאַץ.

נאָכן דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905, האָט זיך פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע ווייל אַ גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט זענען געווען פאַרמישט, אָדער פאַרדעכטיקט אין דער אַנגעהעריקייט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און עס האָט זיי געדראָט אַרעסטן אָדער פאַרשיקט ווערן אין סיביר; אויך די האָבן זיך געצויגן צו זייערע לאַנדסלייט קיין באָסטאָן, און אַ טייל קיין ניו־יאָרק. דער גרעסטער טייל האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד אומלעגאַל. זיי פלעגן גנבנען דעם גרענעץ. די שרעק און מורא איז געווען גרויס בעת די אויפפאָרשונגען, אונטערזוכונגען אין "קעסל גאַרדן" און אויפן "טרערן אינדזל". ווי גליקלעך איז געווען דער עמיגראַנט ווען ער איז שוין ענדליך אַראָפּ פון שיף, און ווער רעדט אַז זיינער אַ לאַנדסמאַן האָט אים אָפּגעוואַרט, און מיטגענומען צו זיך אַהיים.

דאָס רוב אָנגעקומענע זענען אַוועק אַרבעטן אין שאָפּ און אַנדערע פּלעצער. ניט לייכט איז אָנגעקומען די עמיגראַנטן זיך צוגעווינען צום נייעם לעבנס שטייגער. דאָס בענקעניש נאָך דער משפחה, בפרט ווער ס'האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט קינדער. פיל פון זיי האָבן געמוזט אַרבעטן שבת, ניישט איינער האָט געליטן פון דעם מאָראַליש. נישט קענענדיק מסכים זיין און צוגעווינען זיך, מחלל שבת זיין.

דער יידישער עמיגראַנט האָט מקבל באהבה געווען אַלע

שוועריקייטן, פון דעם ערשטן פאַרדינטן פאַרהאָרעוועטן דאָלאַר האָט ער גלייך געגומען אָפּשפּאָרן און שיקן אַהיים דער פאַמיליע. צענדליקער משפּחות האָבן געלעבט פון דער שטיצע.

### באָסטאָנער קאָמיטעט

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 14־טן יאָר וועלכע האָט זיך געצויגן עטלעכע יאָר, האָט די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע געשריבן וועגן הונגער און נויט וואָס הערשט אין רוסלאַנד, און די באַזונדער שווערע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער אַלטער היים. די ווילייקער לאַנדסלייט האָבן זיך אָרגאַניזירט און אין 1915 האָבן זיי געגרינדעט אין באָסטאָן דעם ערשטן ווילייקער קאָמיטעט. אַלס ערשטער פּרעזעס איז אויסגעקליבן געוואָרן ה׳ יוסף גאָלוב. אַלס סעקרעטאַר – ה׳ בנימין בראָנשטיין און אַלס קאַסיר ה׳ אברהם פאָגעל. אין 1922 איז געווילט געוואָרן אַלס פּרעזעס ה׳ יעקב אייזנשטאַט, בת־שבע נאָרמאַנס מאַן, וועלכער האָט געווינט עטליכע יאָר אין ווילייקע.

דער קאָמיטעט האָט געהאָלפן מיט מאַטעריעלע הילף די יידישע אינסטיטוציעס אין ווילייקע, געהאָלפן בויען נאָך דער מלחמה די בתי־מדרשים, דעם בית־ספר, די באָד א. א. וו.

אַ דאַנק דעם פאַראיין האָט זיך געשאַפן אַ אינטימע פאַרבינדונג צווישן די חברים, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן אַן אָפטע קאָרעספּאָנדענץ מיט דער אַלטער היים, און געהאָלפן פּערזענליך די אייגענע משפּחות, ווי אויך פּריינט.

אין 1957 זענען געבליבן געציילטע יחידים – זקנים. זיי האָבן אויפגעלעזט דעם קאָמיטעט. אַלע מאַטעריאַלן פון זייער טעטיקייט זענען איבערגעגעבן געוואָרן "ייווא" אין אַמעריקע.

### ווילייקער אין ניו־יאָרק

אין די יאָרן 1928–29 איז אויך אין ניו־יאָרק געגרינדעט געוואָרן אַ ווילייקער קאָמיטעט, מיט וועלכן מיר שטייען אין קאָנטאַקט. דער ערשטער פּרעזעס איז אויסגעווילט געוואָרן ה׳ מאָריס קאָפּעלאָוויטש און סעקרעטאַר ה׳ בנימין נאָרמאַן.

דער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע העלפן אייגענע לאַנדסלייט אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע, ווי אויך אין צייט פון אַ מחלה, דורך מאַטעריעלע און גייסטיקע הילף.

אין יוני 1942 האָט דער קאָמיטעט אויפגעשטעלט אַן אייגענעם בית־עלמין מיט 375 פּלעצער, וועלכער דינט די ווילייקער לאַנדסלייט נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר.

נאָכן חורבן פון פּוילישן יידנטום האָט דער קאָמיטעט מיטגעהאָלפן די נייע אָנגעקומענע געראַטעוועטע ווילייקער אין אַמעריקע זיך איינאָרדנען.

דער היינטיקער פּרעזעס איז ה׳ היימאַן פידלער, און סעקרעטאַר ה׳ מאָריס פייקאַן פרענקעל. די פאַמיליעס איידלמאַן, טייץ, אויך ראַבונסקי פון קורעניץ, און דאָלהינאָווער לאַנדסלייט זענען חברים אין קאָמיטעט. די געוועזענע חברים פון באָסטאָנער קאָמיטעט שטייען אין קאָנטאַקט מיט דעם ניו־יאָרקער. זיי אַלע האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן אויפן רוף פון ישראלדיקן "ועד למען ספר יזכור". און האָבן געשאַפן געוויסע סומען געלט און געווירקט אויף זייערע חברים, יחידים, זיך באַשטייערן און איבערשיקן גרעסערע סכומים, בכדי מיר אַלע, מיט געמיינזאַמע כוחות, זאָלן האָבן די מעגלעכקייט אויפשטעלן אַ מצבה־דענקמאָל אין אַ פאָרם פון אַ "יזכור־בוך", אויפן קבר פון אונדזערע אומגעקומענע אומפאַרגעסלעכע ברידער און פאַמיליעס פון קהילת ווילייקע.

ק. פ.





# פאר דעם חורבן

ש״ח דובין

## אין גלות סיביר

ד׳ אדר ב׳ ת״ש (14.3.1940)

שבת, דריי אזייגער פארטאָג, מען קלאפט אין טיר. איך בין זיכער אז דאָס קומט מען מיר ארעסטירן. איך ווארט שוין אויף דעם קבלת פנים, חדשים. וואָס בין איך ערגער פאר די אלע, וועלכע מען האָט שוין, אין די געציילטע מאָנאטן, פון דער סאָוויעטישער הערשאפט ארעסטירט?

איך עפן די הינטער טיר. עס זענען אריין דריי פאָרשטייער פון נ.ק.וו.ד. און געמאָלדן זייער באשלוס: אז די גאנצע משפחה ווערט אריבערגעפירט קיין סיביר, וואו מיר וועלן זיין נוצליך פארן סאָוויעטישן לאנד.

מיר קענען מיטנעמען שטוב זאכן, בעטגעוואנט, מלבושים. מיין פרוי, דאָרע, איז דווקא דעם שבת אין גראָדנע, זי זוכט דאָרט א דירה פאר אונדזער משפחה; מיר האָבן באשלאָסן ארויספאָרן פון ווילייקע.

אונדזער טאָכטער רחל׳ע, איז אין לעמבערג, זי לערנט אין פילאָלאָגישן אינסטיטוט.

מיך מיט אונדזערע 3 קינדער, — נחמה 14 יאָר, שרה 11 יאָר און משה 8 יאָר — האָט מען אָפּגעפירט צו דער באַנסטאַנציע, און אריינגעזעצט אין א משא־וואגאָן, מיט נאָך פארהאלטענע. די טירן זענען פארזיגלט געוואָרן, און א מיליטערישע וואך האָט שוין געהאט די פולע שמירה אויפן לאנגן משא־צוג פון 40 וואגאנעם. דער באַן איז אפּגעשטאנען דעם גאנצן שבת׳דיקן טאָג.

שבת זענען געקומען, יידן און קריסטן, מיט גרויס פאָרזיכטיקייט, געזעגענען זיך מיט אונדז, און געבראכט עסן. אין לעצטן מאָמענט, האָבן זיך געזעגנט מיט אונדז מיינע טייערע שוועסטער, סימעלע און חיה׳לע און געניע קאָפּעלאָוויטש.

כ׳האָב זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אז דאָס איז אונדזער לעצטער געזעגענונג...

איך בין דאַן געוועזן דער פאראורטיילטער, פארשיקטער; אויף אונדז האָבן זיי געדאגה׳עט, און אליין ניט געוווסט דעם אומגליק וואָס שטייט הינטער אונדזערע אלעמענס פלייצעס. ווער קען וויסן די וועגן פון דער השגחה.

זיי זענען אלע אָן אויסנאם אומגעקומען.

מיין שוועסטער סימע מיט איר זון אשר׳קע, זענען ארעסטירט געוואָרן דורך די דייטשישע רוצחים. אשר׳קע מיט זיינע איידעלע דארע הענטעלעך, האָט אראָפּגעריסן דעם פרצוף פון דייטשישן וועכטער אין טורמע, ווען יענער האָט באליידיקט זיין מוטער. ער איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. זיין מאמע איז דערשאָסן געוואָרן אויף טעקלינאפאלער וועג.

מיין שוועסטער חיהלע, מיט איר טאָכטערל לילנקע, זענען אומגעקומען אין דער לעצטער פורים־אקציע, די רוצחים האָבן אָנגעכאפּט לילינקען פאר די בלאָנדע געקרויזטע הערלאך, און אריינגעשליידערט אין אויטאָ פירנדיק צום טויט.

אונדזערע בהמות־וואגאָנעס האָט מען צוגעפּאסט צו די מענטשן־חיות, בכדי באקוועמער זיי צו פירן אין ווייטן סיביר. אין יעדן וואגאן זענען געוועזן בערך ביי 30 נפשות. די ענגשאפט איז געוועזן א שרעקליכע, פיל אָרט האָבן פארנומען די פער׳זענלעכע פעקלעך. אין אונדזער עשאלאָן זענען געוועזן נאָך 3 יידישע פאמיליעס פון ווילייקע: די פרוי נחמה איידלמאן מיט צוויי זין, אליק און ניאניע, יעקב טשארנע מיט זיין פרוי אסתר, און טאָכטערל רחל׳ע, און די משפחה בערל שולמאן, מיט דער פרוי רחל, און קינדער.

אין מאָלאָדעטשנע איז דער צוג געשטאנען א האלבן טאָג. עס האָט זיך מיט אונדז געזעגנט די פרוי חיה ראבינאָוויטש, פון ווילייקע; זי האָט אונדז באזאָרגט מיט א פעקל מצות, עס איז געוועזן ערב פסח.

זונטיק פארנאכט האָט זיך גערירט אונדזער צוג, אין לאנגן וועג, דורך מאלאדעטשנע, מינסק, סמאָלענסק, אויסגעמיטן מאָסקווע, דורכגעפאָרן גאנץ אייראָפּעאיש רוסלאנד, די אודאַלער בערג, אריין אין דער טעריטאָריע פון גרויס סיביר, און נאָך 14 טעג זענען מיר אָנגעקומען זונטיק – 30.3 – פארטאָג, אין א ווייטן טופיק, סטאנציע טאוואלזשאן אין קאזאכסטאן.

די סאָוויעטישע מאכט האָט באזאָרגט דעם גאנצן עשאלאָן מיט ברויט. וואַרעמע וואסער "קיפּיאטאק", האָבן מיר באקומען אויף די גרעסערע באַן־סטאַנציעס. אין שטאָט קאלוגע האָט מען איבערגעגעבן אין מיין רשות, זעק מיט ווייסע זעמעלעך, און צוקער, וועלכע איך האָב פארטיילט אלע מיטפאָרנדע אין די וואגאָנעס. מיט גרויס פארוואונדערונג און פיל קנאה האָבן זיך צוגעקוקט פיל סאָוויעטישע בירגער, ווי איך האָב געטיילט די זעמעלעך און צוקער. אין דער זעלבער צייט האָט מען זיי צוגעטיילט בלויז א פּאָרציע ברויט, אויך אויף קאַרטן. ווען גאנץ רוסלאנד האָט געלעבט אויף הונגער־פּאָרציעס, האָבן מיר געזען גאנצע עשאלאנען פּראָדוקטן – ווייץ, פלייש, וואגא־נעס געננז — זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צו פרייסן, וועלכע איז שוין 8 מאָנאט געווען אין קריג מיט פראנקרייך און ענגלאנד.

מיר זענען אָנגעקומען, אויסגעמאטערטע און שלאָפלאָזע, אין טאוואלזשאַן. עס האָבן אונדז אָפּגעוואַרט, פיל משא־אויטאָס. אַ גאַנצן טאָג האָט מען סאָרטירט, און נאָר פאַרנאַכט האָט מען מיך, מיט די דריי קינדער, אָפּגעשיקט ווייט אין א דאָרף, 50 קילאָמעטער פון טאוואלזשאַן, וווּהין מיר זענען אָנגעקומען נאָך האלבער נאכט. די נאכט איז געווען א פראָסטיקע, די קינדער האָבן געליטן פון שטאַרקן ווינט און קעלט, די גאנצע וועג האָב איך זיי געריבן די פיסעלעך זיי זאָלן ניט פארפראָרן ווערן. מיט אונז אין אויטאָ זענען מיטגעפאָרן נאָך א 25 פּערזאָן. מען האָט אונדז אַראָפּגעזעצט אין דאָרפישן קלוב. איך האָב צעלייגט די בעבעכעס, אויף דער בינע, געלייגט די פארמאטערטע קינדער שלאָפן, און פארצויגן דעם פאָרהאנג. איך אליין, האָב זיך נאָך אין דער זעלבער נאכט, געלאָזט באקענען מיטן פאָרזיצער פון קאָלכאָז, און מיטן פאָרזיצער פון סיעל־איספאלקאם, דער אמט פון אמאָליקן וואיט. איך האָב זיי מכבד געווען מיט משקה און כשר'ע וווּרשט, און פאַרבראַכט מיט זיי א גאנצע נאכט.

### דער ערשטער טאָג אין "נאווי פאקראווקע"

צומאָרגנס גאנץ פרי, האָב איך געמאכט א שפּאציר אין דאָרף, ווו עס האָבן געוווינט אוקראַינער, געקומענע פון דרום אוק־ראַינע, פון אָדעסער געגנט, נאָך אין די צייטן פון סטאָליפּינען, (געוועזענער פרעמיער פון צאַרישן רוסלאַנד, אין די יאָרן 1906—1910. נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה). דער דאָרף איז געווען ברייט פלאַנירט, – דריי הויפּטגאַסן אין קוואדראַטן, דער באָדן א שווארצער און זייער א צוגעפּאסטער צו זייען ווייץ, קאַרטאָפל. אין גאנצן דאָרף איז ניט געווען קיין איין בוים פון פרוכטן. די סיבה איז, ווייל זומער שטייען דאָרטן גרויסע טראָפּישע היצן, און ווינטער שווערע פרעסט. א גרויסער טייל פון די הייזלעך איז געווען רואינירט און פארלאָזט דורך די משפחות, נאָך דער "רייניקונג" פון די רייכע פּויערים, "קולאַ־קעס", אין די יאָרן 1930–1935.

שפּאַצירנדיק איבער די ברייטע גראַדע גאַסן, האָב איך מיט פארוואונדערונג געזען, גרויסע קופּעס ווייץ – הונדערטער טאָנען תבואה, ביי די הייזלעך פון דאָרף. מען האָט מיר אויפגעקלערט, אז דעם פאָריקן זומער – 1939 יאָר – איז געווען גוטע רעגנס, און די פעלדער האָבן געגעבן א גרויס גערעטעניש, דעריבער האָבן די קאָלכאָזניקעס באקומען צוגעטיילט פיל תבואה.

איך האָב אָפּגעזוכט א צימער, און אין סיעלפּא ד. ה. צרכניה, געקויפט 3 אייזערנע בעטלעך, געליען א טישל, מיט א פיר טאַפּטשאנעס, און איינגעאָרדנט אונדזער נייע וווינונג.

עס איז געווען דער 1־טער מאי, אין דאָרף האָט זיך געפונען אן עלעמענטארע שול, אין א גאנץ פיינעם בנין, איבערן דאך, האָבן געפלאטערט די רויטע פענער. אין די פארמיטאָג שעה'ען, איז פאָרגעקומען א פאָלקס־מיטינג, לכבוד דעם פּראָלעטארישן יום־טוב. צומאָרגנס האָב איך איינגעאָרדנט די קינדער אין שולע, איך האָב זיך באקאנט מיט די לערער. די לערנשפּראך אין שול איז געווען רוסיש.

### באַשעפטיקונג

איך האָב גענומען זוכן ארבעט. כאָטש אין קאָלכאָז האָבן געפעלט ארבעטס־הענט, האָט מען אונז "פּאָליאקן" ניט צוגע־לאָזט ארבעטן. דעם גאנצן זומער 1940, האָב איך זיך ארומגע־דרייט אַרבעטסלאָז. די עלטערע טאָכטער נחמה, איז געגאַנגען ארבעטן ביי א קאָלכאָזניק, זי פלעגט באקומען עסן, און אָפּט א פלעשל מילך, א שטיקל ברויט. איך מיט שרה'לען פלעגן אָפּטמאָל ארבעטן ביי קאָלכאָזניקעס, צוגרייטן הייצונג פון די מיסט פון די בהמות. מיר פלעגן באקומען א פרישטיק און א ביסל ווייץ, אָדער אויסגעבאקענע ווייס־ברויט, נאָך דער אר־בעט. איינמאָל זענען מיר געקומען גאנץ פרי צו אן אלטער קאָלכאָזניצע צו דער ארבעט, און מיר האָבן איר ניט געפונען אין שטוב, ווייל זי האָט געוואָלט פארשפּאָרן געבן אונז פריער א פרישטיק. שרה'לע האָט פארשטרייקט, זאָגנדיק – איך הייב ניט אָן ארבעטן, כל זמן איך וועל ניט באקומען פריער עסן. עס האָט ניט געהאָלפן מיינע איבערצייגונגען, זי איז געזעסן אויפן גאס, און געוואַרט ביז די קאָלכאָזניצע איז אָנגעקומען, און געגעבן פרישטיק. דאן האָט זיך דער שטרייק פארענדיקט.

אין זעלבן קאָלכאָז, איז געווען אַ ביעלאָרוסישע משפחה, קארסאק פון ווילייקע. דער פאָטער פון דער משפחה איז געווען פיל יאָרן א פּאָליציאנט אין דער ווילייקער טורמע, אין די צארישע צייטן. אים האָט מען ארעסטירט און פארשיקט צו די ווייסע בערן. מיט דער משפחה איז אויך פארשיקט געוואָרן אן אלטער 60־יאָריקער בחור, אלעקסיי קארסאק, א פיזישער אר־בעטער, און א ברוקירער, האָט ניט פיינט געהאט דעם ביטערן טראָפּן. מען פלעגט גאָר אָפט געפינען אים א בגילופין'דיקן, שלאָפן אויפן טראָטואר. אָבער דאָ אין קאָלכאָז איז ער אויס־געניכטערט געוואָרן. ער פלעגט גאנצע טעג אָפּזיצן ביי מיר, זיין שפּראך איז געווען ביעלאָרוסיש, אגב פלעגט ער דערמאנען די גוטע צייטן פון ווילייקע, אין די יאָרן ווען ער האָט געאר־בעט ביי מיר, אַלס טאָג־ארבעטער. ער איז געווען מיין בעסטער

חבר אין דאָרף. איך האָב אָנגענומען פון קאָלכאָז, גראָבן א ליאַדאָוונע, בכדי אָנצוגרייטן ווינטער, אייז צום הייסן זומער. די ארבעט האָב איך אויסגעפירט, מיט אלעקסיי קארסאק. דאָס איז געווען אמת׳ע קאַטאָרזשנע אַרבעט. ביי אַ פראָסט פון 60 גראד האָבן מיר געגראָבן די גרוב, פון 4 מעטער די טיף, איך אין איין העמדל, באַגאָסן מיט שווייס. פאר דעם אלטן קארסאק איז דאָס געווען אַ שפּילעכל, אָבער שווער און ביטער איז מיר געווען. די ארבעט האָט מען געמוזט אויספירן. אזוי איז אדורך די גאנצע תקופה פון מאי, ביז ענדע דעצעמבער, 1940 יאָר.

## די פּאָסט פאַרבינדונג מיט ווילייקע

פון דער ווייטער היים האָבן מיר באקומען אייניגע בריוו און פעקלעך. דעם ערשטן פעקל האָבן מיר באקומען פון שניאור רייטשטיין, דער גלעזער, און אַ דימענט צו שניידן גלאָז; אויך פון אונדזערע פריינט, געניע און אברהם קאָפּעלאָוויטש אַ פּעקל מיט געטריקנטע קאַרטאָפל, ווי אויך פון מערל און משה סווירסקי – צוקער, גלעזער צו לאָמפּן. אָבער גרויס איז געווען אונדזער פרייד, ווען מיר האָבן אָנגעפאנגען באקומען בריוו, פון אונדזער טייערער טאָכטער רחל׳ע פון לעמבערג. זי האָט אונז געשיקט א קאסטיום, וועלכן איך האָב געביטן אויף א זאק ווייץ. איך האָב זיך דערקונדיקט, אז מען מוז אָנגרייטן תבואה אויף ווינטער, ווייל פאר מיינע אויגן זענען פאר־שווונדן געוואָרן די גרויסע קופּעס מיט די תבואה, וועלכע איך האָב געזען, אָנקומענדיק אין קאָלכאָז, אָנהויב פרילינג. פון מיין פרוי דארען, האָב איך אָנגעפאנגען באקומען בריוו, פון ווילייקע, און שפּעטער פון ראדאשקאָוויטש וווהין מען האָט איר פארשיקט. זי האָט געשריבן פיל ביטעס קיין מאָסקווע, צום סוף האָט זי באקומען אַ דערלויבעניש צו פאָרן צו אונדז, קיין סיביר. עס איז ניט צו באַשרייבן אונדזער פרייד, ווען מיר האָבן באַקומען פון איר אַ דעפּעשע, פון פּאַוולאָדאַר, ד.ה. אַז זי גע־פינט זיך שוין דאָרט, 200 קילאָמעטער פון אונדזער דאָרף. קיין באַן פארבינדונג האָט ניט עקזיסטירט. מיין טאָכטער נחמה׳לע, איז ארויסגעפאָרן אויף א פּאָר פערד מיט א קאָלכאָזניק קיין פּאַוולאַדאר, און נאָך 2 טעג זוכעניש, האָבן זיי זיך אָפּגעפונען, מיט א צופאל. די באגעגעניש פון דער מאמען, מיט איר טאָכ־טערל, איז געווען זייער רירנד. נאָך 2 טעג פאָרן זענען זיי ענדליך אָנגעקומען צו אונדז בשלום, אין נאָוואָ־פּאקראָווקע. איך מיט די קינדער זענען געלאָפן אנטקעגן זיי. עס איז שווער צו באשרייבן די סצענע פון אונדזער באגעגעניש, ווען משה׳לע איז ארויפגעפאלן אויפן האלז פון דער מאמען, די געוויינען זענען געווען הארצרייסנדע. פון דאָרף זענען זיך צונויפגעלאָפן פיל פויערטעס מיט קינדער, אלע האָבן געוויינט; פיל פון זיי האָבן געוויס דערמאנט די צייטן, ווען מען האָט צוגענומען זייערע מענער, און זענען פארשיקט געוואָרן אויף אייביק.

מיר האָבן געביטן די דירה, און אריבער ווינען אין א זיעמ־ליאנקע, א סך אן ערגערע דירה, נאָר עס איז ניט געווען קיין ברירה, ווייל די פויערטע פון צימער, פלעגט אונז אָנטאָן צרות. מיר האָבן שוין געווינט, א פּאָר מאָנאט אין דער זיעמליאנקע. ווען דארע איז אָנגעקומען, האָט זי געפונען אין זעמליאנקע אלץ נאס און פארשימלט. זי האָט מער ווייניקער, געבראכט אין אָרדנונג: געטריקנט, געוואשן, מיר האָבן אָפּגעלעבט, אין אלע הינזיכטן. זי האָט אויך מיטגעבראכט א 100 פעקלעך גראדנער מאכארקע, מיר האָבן א סך צוטיילט אלס מתנות אין קאָלכאָז, און א טייל אויסגעביטן אויף קארטאָפל, פּוטער, אזוי ארום האָבן מיר זיך א ביסל אָפּגעראַטעוועט.

די לעצטע וואָכן פון זומער, 1940, און די ערשטע וואָכן פון דארעס אָנקומען צו אונז, האָב איך מיט נאָך ווילייקער פאר־שיקטע, אין אונדזער דאָרף, געווען באשעפטיגט מאכן "סאמאַן". דאָס איז מאכן ציגעלעך פון דעם שוואַרצן פעטן באדן, געגראָבן און געמישט ביט שטרוי, און גוט אויסגעקנעט דורך פערד און אויך מיט די אייגענע פיס, און דערנאָך צעוואָרפן דאָס אין פאָרמעס, פונקט ווי אונדזערע אבות, אמאָל אין גלות מצרים. פאר דער ארבעט האָט מען אונדז באצאָלט, מיט זייער א נישטיקן קוואנטום תבואה, פאר יעדע 1000 ציגעלעך. אויך מיין פרוי האָט זיך פארנומען מיט דער זעלבער ארבעט.

## מיר זאָרגן וועגן הייצונג

אין דאָרף פּאקראָווקע, און הונדערטער קילאמעטער ארום, וואקסן ניט קיין בוימער און וועלדער. מיר זענען א 500 קילאָ־מעטער פון דער טונדרע (אין סיביר איז דאָס א קליינע שטרע־קע), די גרויסע געדיכטע סיבירער וועלדער, וואָס ציען זיך צום צפון, אויף טויזנטער קילאָמעטער. נאָך דעם הייסן טראָפּישן – טאקע קורצן זומער – קומט אָן דער לאנגער און קאלטער ווינ־טער, ווען די פרעסט דערגייען ביז 60–70 גראד, דערצו בושע־ווען ארום, פריי אין מדבר, איבער די ברייטע שטחים, שטארקע ווינטן און שנייען, די אזוי גערופענע "בוראנען". די קאלכאז־ניקעס גרייטן זיך אָן צום ווינטער הייצונג, פון די מיסט פון די בהמות, אָקסן, פערד און ציגן, אין גרויסע קוואַנטומס, און דאָס איז דער בעסטער הייץ־מאטעריאל. און צו דעם גרייטן זיי אויך אָן "טאפקע", פון די טרוקענע הויכע טראסטערקעס, הויכע גראָבע פארטריקנטע גראָזן, ווי מען רופט עס "פאלין". דעריבער האָב איך מיט די קינדער זיך אָפּגעגעבן דער ארבעט צוגרייטן פאלין, מיט די הענט רייסן די טרוקענע גראָזן אין קופּעס, און אויף א האנט־וועגעלע, ברענגען פון די ווייטע פעל־דער אין דאָרף אַריין. באַקומען אַ וואָגן מיט פערד, אָדער אָקסן פון קאָלכאָז, אין די שווערע אַרבעטס־טעג אויף די פעלדער, קומט ניט אין באַטראַכט. ענדליך, האָב איך באַקומען אַ גרויסן וואָגן, מיט א פּאָר אָקסן, צו מיין דיספּאָזיציע, אויף איין נאכט. פונקט ערב ראש השנה. איך געדענק גוט, דעם שיינעם ברוך־הבא, מיט וואָס איך האָב מכבד געווען אונדזער אויסגעביינק־טער גאסט, מיין פרוי, די ערשטע נאכט פון ראש השנה. מיר זענען טאקע אָנגעקומען אין מדבר, און גענומען זוכן די קופּעס פון די פאלין. די נאכט איז געווען זייער א פינסטערע; שעה׳ן

האָב איך זיך ארומגעדרייט, פשוט געקראָכן אויף אלע פיר, געזוכט און ניט געפונען דעם אָרט, וווּ די קופּעס זענען געווען. איך האָב ניט געטאָרט איבערוואַרטן די נאכט אין סטעפּ, ווייל גאנץ פרי מיטן זון אויפגאנג, דארפן די אָקסן זיין צוריק צו זייער פעלד־ארבעט. דעריבער האָבן מיר פאַרטאָג זיך צוריקגעקערט מיט די אָקסן אין דאָרף, מיט א ליידיקן וואָגן. צומאָרגנס בין איך געגאנגען זוכן דעם פּלאַץ, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר זענען געווען געציילטע טריט פון די קופּעס און אין דער פינסטערער נאכט זיי ניט געטראָפן.

אָנהויב ווינטער, 1940, פארלאָזן מיר מיט גרויס גליק און פרייד, אונדזער נאסע זיעמלאנקע, און פאָרן אריבער וווינען אין א דירה, א הילצערנע, מיט נאָרמאלע פענסטער, א געראמע, די איינציקע דירה אין גאנצן דאָרף אונטער א דאך טאקע פון שטרוי מיט גרויסע צוגעבויטע סטאַיניעס.

ווינטער 1940

עס הויבט זיך אָן דער שווערער ווינטער. איך האָב גענומען אויף זיך א נייע ארבעט: פירן פאשע פאר די פערד, בהמות און אָקסן פון באיר. דאָס איז געווען א פּלאַץ, ווייט ביי א 50 קילאָמעטער פון אונדזער קאָלכאָז. זומער האָט מען אָנגעקאַ־שעט, לאנגע הויכע סקירדעס מיט היי. אהין האָט מען ענדע זומער איבערגעשיקט אַלע שעפסן פון קאָלכאָז, מיט אַ בריגאַדע פון 5־6 מענער און פרויען, אויפפּאַסן אויף די שעפסן, אין א צאָל פון א טויזנט שטיק. אין קאָלכאָז איז טאקע געווען א מאנגל אין יינגערע ארבעט־כוחות, וועלכע זענען שוין געווען מאָביליזירט אין דער ארמיי, און אין די טרוד־בריגאַ־דעס. איך פלעג אויספירן די אַרבעט, אַלס "סטאַכאַנאָוויעץ", פלעג ארויספאָרן מיט 3 גרויסע שליטנס און 6 אָקסן, איינגע־שפאנט אין זיי – גאנץ פרי, נאָך פינסטער, און פלעג אזוי פאָרן א גאנצן טאָג, און אָנקומען האלבע נאכט אין באיר. די אָקסן האָבן גוט געוווּסט דעם וועג, און ווי גליקליך בין איך געווען, ווען די אָקסן האָבן מיר געבראכט צו דער ברי־גאדע, פונקט צו דער פארשאטענער מיט שניי שאכטע. מען האָט געדארפט זיך אראָפּלאָזן אויף א לייטערל אין א טיפער גרוב, ארומגעלייגט מיט שניי אלס ווענט. עס האָט געברענט א קליינע לאמפּאדקע – א לעמפּעלע, אינעווייניק איז געווען זייער ווארעם, ווייל דערביי זענען געווען די גרויסע סטאדע שעפסן, אין דער שאכטע. די קאָלכאָזניקעס האָבן מיר אויפ־גענומען זייער פריינטליך, גלייך געמאכט פאר מיר "קיפּיאַ־טאָק", פלעגן מיר נעמען אויספרעגן, וואָס הערט זיך נייעס פון קריג, פון דייטשלאנד מיט ענגלאנד און פראנקרייך, וואָס שרייבן די צייטונגען. נאָכן איבערנעכטיגן די נאכט, אויף מאָרגן גאנץ פרי, פלעגט די בריגאדע אָנלאָדן די שליטנס מיט היי, און איך פלעג ארויספאָרן צוריק אין קאָלכאָז.

דעם ווינטער 1940/41 האָב איך געמאכט 26 רייזעס אזעלכע, און אזוי ווי איך פלעג פאָרן מיט 3 שליטנס, האָט מען מיר פארשריבן א דרייפאכיקע נאָרמע, בערך ביי 10 ארבעטס־נאָרמעס, פאר די צוויי טעג און צוויי נעכט. צוזאמען האָב איך פארדינט 260 נאָרמעס, און צום סוף באקומען 200 גראַם תבואה פאר יעדער טאָג־נאָרמע, צוזאמען א 50 קילאָגראַם ווייץ, ווייל פונקט דעם יאָר איז ניט געווען קיין רעגנס, און דער עקוויוואלענט פון צוטיילונג איז געווען א נישטיקער.

איינמאָל, אומקערנדיק זיך פון באיר, האָט מיר פארכאפּט א "בוראַן", דאָס טרעפט אין די לאנגע ווינטער חדשים, אויף די ריזיקע שטחים, אין די קאזאכסטאנער פעלדער, פון די שטארקע ווינטן, ניט ספּעציעל גרויסע פרעסט, ווען עס פאלן געדיכטע שנייען, און עס הויבט זיך אָן א גרויסער שטורם וואָס דרייט די שנייען. אזא בוראַן קען דויערן אמאָל א טאָג, און אמאָל פיל מער. עס דויערט אָפּט מאָל אפילו ביז א וואָך. די שנייען פארדעקן די וועגן און שטעגן, און ווען רייזנדע טרעפן דעם בוראַן אין מיטן וועג, דאַן איז זייער לעבן אין גרויס סכנה. די וועגן ווערן פארשאָטן פולשטענדיק. פיל ערגער איז די לאגע ווען מען פאָרט מיט פערד, וועלכע ווערן פארצוקט דורך די סטאדעס וועלף. א סך זיכערער איז, אין א בוראַן, צו פאָרן מיט אָקסן, ווייל לויט זייער טבע ווייסן זיי גוט דעם שליאַך, ד"ה די ריכטונג פון דעם הויפּט־וועג, אפילו ווען עס איז ניטאָ קיין סימן פון א וועג.

אין איינע פון מיינע פילצאָליקע רייזעס, אומקערנדיק זיך צוריק, מיט מיינע דריי גרויסע שליטנס היי, געשפּאַנט צו 6 אָקסן, – ביינאכט זענען מיר אריינגעפאלן אין א גרויזאמען ים פון שטורמדיקן בוראַן. די אָקסן זענען געווען די זיכערע פירער און וועג־ווייזער, און איך בין געווען גאנץ רואיק, אז זיי וועלן מיר זיכער ברענגען צוריק בשלום אין מיין קאָלכאָז אריין. אָבער פּלוצלונג, האָבן זיך אלע דריי פּאָר אָקסן אָפּגעשטעלט, זיי האָבן זיך אָפּגעקערט רעכטס אָן אַ זייט, און אריינגעקראָכן טיף אין שניי. דער בוראַן האָט געבור־שעוועט שרעקליך, ארום דרייען זיך די שנייען, מיט זייער א שטארקער געשווינדקייט און שנעלקייט. דער מענטש פילט זיך ווי ער וואָלט אריינגעפאלן אין א תהום, פון א טיפן ים, ער ווערט אָבער ניט דערטרונקען, ארום און איבער אים איז ניטאָ קיין וואסער, נאָר שנייען. נישט געקוקט אויף דער לויערנדער סכנה פון וועלף, ניט האָבנדיק קיין אנדערע ברירה, בין איך אראָפּגעקראָכן פון הויכן אָנגעלאָדענעם שליטן היי, און גענומען זאָפּאָרט זוכן דעם הויפּט שליאַך, און דאָס מוז מען טאָן שנעל, ווייל אנדערש ווערן די אָקסן שנעל פארשאָטן מיט שניי. איך האָב גענומען זוכן א פארפראָ־רענעם שטיקל צואה פון פערד, און ווי גרויס איז געווען מיין פרייד, ווען איך האָב דאָס געפונען. פונקט ווי איך וואָלט געפונען אן אוצר, דאָס הייסט געפונען דעם וועג. איך האָב גענומען די ערשטע פּאָר אָקסן פאר די הערנער, און צוריק־געקערט זיי א פּאָר מעטער לינקס און ארויסגעפירט זיי אויפן ריכטיקן הארטן וועג, און נאָך זיי, די איבעריקע צוויי פּאָר אָקסן. זיי האָבן ווייטער, רואיק און געלאסן, געשלעפּט די שליטנס. איך בין ווייטער געלעגן, איינגענורעט אין די היי, צוגעהערט זיך דעם וואיען פון די וועלף, און מתפּלל

געווען קומען צוריק בשלום צו מיין ווייב און קינדער, וועלכע האָבן מיט גרויס שרעק מיר אָפּגעוואַרט. מיין פרוי און קינדער, זענען געווען שטאַרק פאַרזאָרגט, וויסנדיק אַז איך דאַרף זיך צוריקקערן די נאַכט פון באַיר. און פונקט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גרויסער בוראַן. מיין טאַכטער נחמה׳לע, איז געלאָפן צום פאָרזיצער פון קאָלכאָז, מען האָט געשפּאַנט פערד, און אַרויסגעפאָרן פון דאָרף מיט פאַקלען. זיי האָבן אָבער געמוזט זיך צוריקקערן, ווייל די פערד האָבן דערפילט סטאַדעס וועלף. אָבער מיינע אָקסן זיינען פּאַוואָליע געגאַנגען זייער וועג, און נאָך האַלבער נאַכט זענען זיי גאַנץ רואיק אַריין אין דאָרף און צוגעפאָרן גראָדע, צו די לאַנגע גרויסע סטאַיניעס, באַלויכטן מיט אַ נאַכט־לעמפּעלע. דאָ מוז איך באַמערקן, אַז איך האָב נישט געגלויבט אַז מיר זענען שוין אין דאָרף, ווייל אין די ווינטער־מאָנאַטן זענען די שנייען גרויס, און באַדעקן די גאַסן, גלייך מיט די נידעריקע הייז־לעך, און דערצו נאָך צוליבן בוראַן, זעט מען ניט די וועלט.

אַ פאַרשנייטער בין איך אַראָפּגעקראָכן פון שליטן, די אָקסן און בהמות זענען געשטאַנען ביי ליידיקע קאָריטעס, און האָבן פון הונגער שטאַרק געוואָיעט, ווייל אין קאָלכאָז איז ניט געווען קיין הייפּעלע קאָרמע פאַר זיי. איך האָב אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך דעם פּעלץ, פאַנאַדערגעבונדן די שליטנס, און צוגעוואָרפן אַ גאַנצן וואָגן היי אין די קאָריטעס.

צומאָרגנס, גאַנץ פרי, האָבן אַלע קאָלכאָזניקעס דערציילט דעם נס פון מיין צוריקקומען, אין סאַמע בוראַן, פון באַיר, און מיין סטאַכאַנאָווסקע אַרבעט און פלייסיקייט, זייענדיק מיד, דערשפּעט, און אויסגעמאַטערט פון וועג, מיט די לעצטע כוחות, באַזאָרגט די הונגעריקע באַשעפעניש מיט עסן. אויף דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון קאָלכאָז, איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן צוטיילן מיר אַלס פּרעמיע, אַ מעלקנדיקע קו. דאָרע האָט אויסגעקליבן אַ יונגע מעלקנ־דיקע בהמהלע.

### מיין קורס אַלס אוצ׳אַטצ׳יק–בוכפירער פון דער טראַקטאָרנער בריגאַדע

נאָכן באַקומען די פּרעמיע פון קאָלכאָז, האָט מען באַשלאָסן, ענדע ווינטער 1940/41, מיר שיקן אין דאָרף פּאַוואָלאָוקע, ווו עס געפינט זיך די טראַקטאָרנע סטאַנציע, אויף אַ קורס, פון בוכפירער פאַר דער טראַקטאָרנער בריגאַדע. דער קורס האָט געדאַרפט דויערן 15 טעג, אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג, האָט מען אויסגעפונען, אַז מיינע ידיעות זענען ניט ווייניקער פון אינסטרוקטאָר, און מען האָט מיר צוריקגעשיקט אהיים. כאָטש איך בין נאָך ניט געווען ״כשר״ צו זיין אַ חבר אין קאָל־כאָז, דאָך האָט מיר דער ראַיאָן־צענטער, באַשטימט אַלס בוכפירער פון דער טראַקטאָרנער בריגאַדע. אזוי האָב איך אָנגעהויבן, סוף אַפּריל, 1941, דערפילן מיינע פליכטן אין פעלד–פון פינסטער ביז פינסטער. מיין אויפגאַבע איז געווען באַזאָרגן אַלע טראַקטאָרן די נאַרמע נאַפט, ווי אויך אויס־מעסטן די שטחים, וואָס זענען באַאַרבעט געוואָרן, און איבער־שיקן אויסגעפילטע פאָרמולאַרן, פון דער אויסגעפירטער אַרבעט, פון יעדן טראַקטאָריסט באַזונדער. איך פלעג אויך פאַרשרייבן יעדן טראַקטאָריסט זיינע אַרבעטס־טעג, לויט די באַשטימטע נאָרמעס. אַלס בוכפירער פלעג איך באַקומען 2½ טעג־נאָרמעס. לויטן דעקרעט פון מאַלאָטאָוון, ווי עס איז געווען באַשטימט פאַרויס, פלעגט אַ טראַקטאָריסט באַקומען, דעם מינימום־אַפּצאַל, 3 ק״ג תבואה, פאַר יעדן טאָג נאָרמע. גאַנץ אַנדערש איז געווען דער אָפּצאַל פאַר יעדע טאָג־נאָרמע פאַר די קאָלכאָזניקעס, וועלכע פלעגן באַקומען, צום סוף אַרבעטס־יאָר, נאָכן אָפּפירן, די געהעריקע קוואַנטומס תבואה, אין די רעגירונגס עלעוואַטאָרן, און איבערלאָזנדיק פאַרבראַ־נירטע טאָנען תבואה, פאַר זריעה, חזירים, הינער–פלעגן די קאָלכאָזניקעס באַקומען זייער ווייניק, אַ מאָל נאָר אַ פּאָר הונדערט גראַם, פאַר יעדן ״טרודאָ דיען״–אַרבעטס־טאָג. און אַראָפּרעכענענדיק די קוואַנטומס תבואה, וואָס זיי פלעגן באַקומען אין פאַרלויף פון יאָר, פלעגן זיי נאָך בלייבן שולדיק דעם קאָלכאָז.

### היטלער דייטשלאַנד באַפאַלט סאָוויעט־רוסלאַנד

דעם 22־טן יוני 1941, האָט היטלער געבראָכן דעם מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך, פון 23 אויגוסט 1939, און אין דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק פאַרטאָג באַפאַלט היטלער סאָוויעט רוסלאַנד. ערשט אין די נאָכמיטאָג שעה׳ען–זייענדיק אין פעלד–איז אָנגעקומען די ידיעה אין בריגאַדע, און נאָר אין איינציקע טעג אַרום, האָבן מיר אין ווייטן קאָלכאָז, באַקומען די מאָסקווער ״פּראַוודאַ״ מיט סטאַלינס רעדע. נאָך קאַרגע 2 יאָר שטום־שווייגן, בין איך אַרויסגעטראָטן, אויף אַ גרוי־סער פאַרזאַמלונג, פון אַלע אַרומיקע קאָלכאָזן, אונטערן פרייען הימל, מיט אַ פייערדיקער רעדע, אין רוסיש, וועגן די הייליקע צילן, פון דער פאַרטיידיקונגס־מלחמה, אונטער דער פירונג פון דעם גרויסן סטאַלין. איך וואָר איינגעלאַדן אין קאַנצעלאַריע פון קאָלכאָז, און דער פאָרזיצער מעלדעט מיר, אַז די גאַנצע משפחה ווערט אָנגענומען אַלס מיטגלידער פון קאָלכאָז ״צווייטע פּיאַטילעטקע״, און אזוי ווי דער שצעטאָוואָד פון קאָלכאָז (בוכהאַלטער) איז געוואָרן מאָביליזירט, וועך איך נאָמינירט אויף זיין פּלאַץ. איך האָב פאַרשטענדליך מסכים געווען, און געבעטן איבערלאָזן מיך ווייטער דערפילן מיינע פליכטן, אַלס אוצאַטצ׳יק פון דער טראַקטאָרנער ברי־גאַדע, ווו איך פלעג באַקומען פאַררעכנט 2½ נאָרמעס, מיט אַ גזיכערטן לוין, פון 3 ק״ג תבואה, פאַר יעדער נאָרמע, און אַלס בוכהאַלטער פון קאָלכאָז, איז געווען פאַררעכנט בלויז 2 טאָג־נאָרמעס, צום סוף יאָר פלעגט אויסקומען אַ פּאָר הונדערט גראַם. אַ גאַנצן טאָג, פון פינסטער ביז פינסטער, בין איך געווען פאַרנומען אין פעלד, אַלס מיטאַרבעטער פון דער טראַקטאָרנע בריגאַדע, און אין די אָוונט־שעה׳ען, האָב

איך אויסגעפירט מיין אַרבעט, אַלס בוכפירער פון קאָלכאָז, ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין די זומער חדשים, האָב איך אויסגעפירט 4½ נאָרמעס, יעדן טאָג, און איך בין אָנערקענט געוואָרן, אַלס סטאַכאַנאָוויעץ. למעשה בין איך געוואָרן, דער הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכער אין קאָלכאָז. עס זענען געווען מאָנאַטן, ווען איך האָב פאַרביטן דעם פאָרזיצער, ווען ער פלעגט אַוועקפאָרן אויף קורסן, אָדער זיין קראַנק, אָדער ווען זיי האָבן זיך געביטן, צוליב מאָביליזאַציע. אַרבעטנדיק זייער שווער, כמעט 18 שעה טעגליך, און ניט דערעסנדיק, בין איך שווער קראַנק געוואָרן, אויף בויך טיפוס. איך האָב באַקומען הויכן פיבער. מיין פרוי האָט מיר אָפּגעפירט אין סלאָווגאָראָד, אַ 50 קילאָמעטער פון קאָלכאָז. מען האָט מיר אַריינגעגעבן אין אַ צייטווייליקן שפּיטאָל, ווו איך בין אָפּ־געלעגן העכער אַ מאָנאַט. און אויב דאָס איז געווען ווייניק, איז געשען אַ צווייטער פאַל: דער קליינער בן יחיד משה, איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן, זייענדיק מיט דער מוטער אין מיל; אויך אים, האָט מען אָפּגעפירט אין זעלבן שפּיטאָל. מיר האָבן זיך מיט מזל, צוריקגעקערט אין דאָרף. איך האָב פאַרשטענדליך, זיך אומגעקערט צו מיין אַרבעט. אָבער אַחוץ מיין שטענדיקער אַרבעט, פלעג איך באַקומען אָפטמאָל, ספּעציעלע אויפגאַבעס פון קאָלכאָז. אייניקע מאָל בין איך געפאָרן קיין פּאַוולאָדאַר, אַ מהלך פון איבער 200 קילאָ־מעטער. אין סעפּטעמבער 1942, בין איך אַרויסגעפאָרן, מיט אַ גרופּע קאָלכאָזניקעס, מיט תבואה און שעפסן, קיין פּאַוו־לאדאר. איך געדענק, אַז דאָס איז געווען 2 טעג פאַר יום כפור. מיין אויפגאַבע איז געווען, אויפזוכן אויפן שוואַרצן מאַרק, טשוועקעס און אייזן, פאַר די פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן געפירט צום בייטן. די נעכט וואָס מיר האָבן גערוט אין פרייען מדבר, זענען געווען פראָסטיקע, און מיר האָבן זיך געוואַרעמט ביי די שייטערס. די נאַכט פון יום כפור, זענען פאַר מיינע אויגן, געשטאַנען מיינע טייערע ווילייקער יידן־מתפללים, אין גרויסן חסידישן בית־המדרש, אין די ווייסע קיטלען און טליתים. געזען האָב איך פאַר מיינע אויגן, דעם אַלטן רב, ר׳ יהודה מאשיץ, האַלט אַ דרשה, וועגן די עבריינים. עס האָט זיך שרעקליך פאַרבענקט, נאָך דער הייליקער ״כל נדרי״ נאַכט, אין דער אַלטער היים, די נאַכט פון יום הדין.

פאַרטאָג, האָט זיך אונזער קאַראַוואַן גערירט אין וועג. מיר האַלטן שוין נענטער, ווי ווייטער, בערך אַ 30 קילאָ־מעטער פון פּאַוולאָדאַר. עס איז שוין האַלבער טאָג, די זון הויך איבער אונז. מיר שטעלן זיך אָפּ, געבן אָפּרו די פערד, אין מיטן מדבר, אין אַ באַיר, צווישן גרויסע לאַנגע סקירדעס היי, דערביי איז געווען, אַ ברונעם מיט וואַסער, און אַ קליינע כאַטקע, אַ געביידע, ווו עס געפינט זיך דער סטראָזש, דער שומר. איך אַליין בין אַריין אין געביידע. צו מיין גרויס איבעראַשונג, האָב איך דערזען, אַן אַלטן יידן, איינגעהילט אין אַ טלית, שטייט און דאַוונט מיט גרויס כוונה. איך האָב זיך דערנענטערט צום טישל, עס איז געלעגן אַן אָפענער מחזור, איך גיב אַ בליק, און זע פאַר מיינע אויגן: ...ונתנה תוקף... בראש השנה יכתבון, וביום צום כפור יחתמון...״. דער זקן קוקט זיך ניט אום אויף מיר, און זעצט פאָר די הייליקע תפילה... אַ ים טרערן, האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון מיינע אויגן. אין אַ צווייטן צימערל, איז געלעגן זיין אַלטע פרוי. איך האָב אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פעלצן, צוגעגאַנגען צו דער זקנה און געפרעגט, אויב זי האָט צופעליג נאָך אַ טלית. זי האָט מיר דערלאַנגט אַ טלית, זאָגנדיק ״דאָס איז דער טלית פון מיין זון״. זי האָט מיר געגעבן איר ״קרבן־מנחה״, אַן אַלטן גראָבן סידור, און איך האָב זיך געשטעלט נאָענט צום זקן, און גדאַוועגט מיט פיל כוונה, ווי איך האָב נאָך, קיינמאָל אין מיין לעבן ניט גדאַוועגט. דאָ האָט שוין דער אַלטער ייד גענומען קוקן, און באַטראַכטן מיר, מיט באַ־וווּנדערונג פון וואַנען האָט זיך אָפּגעפונען אין מיטן מדבר, אַ ייד דאַוועגט אַזוי האַרציק, אויפן קול, מיט דעם זעלבן חסידישן נגון, פון דער אַלטער היים. עס האָט געדויערט פיל צייט, איך האָב פּשוט פאַרגעסן, אַז אויפן גאַס, ביים ברונעם אין די סקירדעס, האָבן די פערד זיך שוין גוט אויסגערוט, און מיינע מיטפאָרער, די יונגע קאָלכאָזניקעס, מיטן אַלטן בעלאָרוס אַלעקסיי קאַרסאַק, וואַרטן אויף מיר, און ווייסן ניט וואָס איז געשען, ווו בין איך פאַרלאָרן געגאַנגען? עס עפנט זיך די טיר, און די יונגע 20־יאָריקע מאַריאַ דאָראָשענקע, האָט מיר דערזען אין טלית, שאָקלענדיק זיך און דאַוונען, — האָט זי זיך גוט אַרומגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג, און אַרויסגעלאָפן צוריק מיט אַ געשריי: ״אונדזער שצעטאוואַד איז משוגע גע־וואָרן״. דער אַלטער אַלעקסיי, האָט זיי אַלעמען באַרויִקט, זאָגנדיק: אונדזער דובין איז גאַנץ נאָרמאַל, היינט איז ביי די יעווּרעיעס, דער ״סאָנדני דיען״ (יום הדין), און ער איז מתפלל פאַר דעם גרויסן יידישן גאָט, ער זאָל אים, מיט זיין משפחה, אויסלייזן פון דעם שווערן גלות סיביר.

איך האָב פאַרקירצט מיין דאַוונען, אויסגעטאָן דעם טלית, געכאַפּט אַ שמועס מיט דער אַלטער פאָר פאָלק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען אויך ספּיעץ־ביעזשענצעס פון ביאַליסטאָק, זייער זון אַרבעט אין אַ נאָענטן סאָווכאָז, צו וועמען עס געהערט, דער באַיר מיט די סקירדעס היי. צוליב יום כפור, האָבן זיי זיך אַנטשולדיקט, וואָס זיי קענען מיר ניט מכבד זיין מיט קיין זאַך. זיי האָבן פאָרגעלייגט, איך זאָל בלייבן, ביז נאָך נעילה, און מעריב, און צוזאַמען זיך אָפּפאַסטן. איך האָב זיך זייער וואַרים מיט זיי צושיידט, אַרויס צוריק אַ ״נאָרמאַלער״ צו מיינע קאָלכאָזניקעס, און פאָרגעזעצט אונדזער רייזע. אין אָוונט, זענען מיר אָנגעקומען אין פּאַוולאדאַר, און פאַרפאָרן אין אונזער דאָרפישער פּאָקראָווקער אכסניה.

איך ווער דעלעגירט אויסלייען ברויט פאַר די בריגאַדעס

ענדע אַפּריל, 1943 זענען די בריגאַדעס אַרויס אויף די פעל־

דער, ווייל דער פרילינג האָט זיך צוגעאיילט.

עס איז פייערליך פּראָקלאַמירט געוואָרן, דער ערשטער מאַי אַלס אַרבעטס־טאָג, און אַלע בריגאַדעס האָבן זיך געגרייט אויך דעם טאָג פון פּראָלעטאַרישן יום־טוב, זיין, און אַרבעטן אין די פעלדער. אָבער ווי עס זעט אויס, האָבן די הימלען ניט מסכים געווען. מוותר זיין אויף דעם גרויסן "פּראָלעטאַרישן יום־טוב" — דעם ערשטן מאַי. אין דער נאַכט פון 30־טן אַפּריל, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גרויסער שניי־שטורם, פּשוט אַ בוראַן — און דורך נאַכט זענען די שוואַרצע פעלדער, באַדעקט געוואָרן מיט אַ ווייסן דעק־טוך, מער ווי אַ מעטער שניי. פאַרשטענדליך, אַז אַלע זענען געבליבן אין דאָרף, אין די הייזלעך, און דער גרעסטער טייל קאָלכאָזניקעס, האָט געהאַט אַ רו־טאָג דעם 1־טן מאַי. ווי איך געדענק, האָט דער שניי פאַראורזאַכט, אַן איבעררייס פון דער פעלד־אַרבעט, כמעט אַ וואָך צייט. אין איין פרימאָרגן פון דער וואָך, האָב איך באַקומען אַ באַפעל, פון פאָרזיצער פון קאָלכאָז, אַרויספאָרן צום פאָרזיצער פון שכנות'ידקן קאָלכאָז, אַ 30 קילאָמעטער פון אונדזער נאָוואָ־פּאָקראָווקאַ, — בעטן אויסלייען הונדערט טאָן ווייץ, ביז דער נייער גערעטעניש. אין דער ווירקליכקייט, איז באַ אונדז ניט געווען קיין איין קערן ווייץ, פאַר די בריגאַדעס. איך האָב מיטגענומען אַ 5 וועגענער, געשפּאַנט מיט די בעסטע פערד, מיט אייניקע קאָלכאָזניקעס, און אַרויסגעפאָרן צו דעם קאָלכאָז. איך האָב ליידער פאַרגעסן דעם נאָמען פון דאָרף, און נאָמען פון קאָלכאָז. צום סוף האָב איך אויסגעפונען דעם פאָרזיצער פון קאָלכאָז, זיין נאָמען איז צופעליק געווען "כריסטאָוו". עס איז מיר ניט לייכט געווען איבערצייגן אים, דערפילן אונדזער בקשה. צום סוף האָב איך פאַראַפראַזירט זיין נאָמען און אַ זאָג געטון: חבר "כריסטאָוו" — "כריסטאָ ראַדי" — ערפיל אונזער בקשה, אין נאָמען פון גאַנצן קאָלכאָז, דאָס הייסט, אויך אין נאָמען פון כריסטוסן, דעם הייליקן גאָט פון אַלע נוצרים. אין דער אמת'ן, האָט ער אויך באַקומען פון ראַיקאָם פּאַרטיי אַ ווענדונג, ווי ווייט מעגליך אונדז העלפן, און אויסלייען די 100 טאָן ווייץ. אַרום דעם פאָרזיצער, זענען געשטאַנען פיל בריגאַדירן און העלפער, און האָבן זיך אויך צוגעהערט, ווי איך רייד אין נאָמען פון גוי'שן גאָט. איך האָב באַקומען די תבואה, און פאָרנדיק צוריק, בין איך פאַרפאָרן אין אַ דייטשן קאָלכאָז, אין מיל, און גלייך אויסגעמאָלן אַ פּאָר טאָן ווייץ, און געבראַכט אין קאָלכאָז ווייסע מעל. דאָס האָט זייער געהויבן מיין פּרעסטיזש, אין די אויגן פון אַלע קאָלכאָזניקעס.

### די פרוי איידלמאַן

מיין באַזוך אין דעם דאָרף, האָט מיר געגעבן די מעגליכקייט, אָפּצוראַטעווען די פרוי נחמה איידעלמאַן, וועלכע איז געווען פאַרשיקט אין דעם דאָרף. איך האָב גוט געוווסט, אַז דעם זונטיק, ווען מיר זענען, מיט 3 יאָר צוריק, אָנגעקומען קיין טאַוואַלזשאַן, און מען האָט אונדז דאָ צעוואָרפן 600 משפחות בערך, איבער צענדליקער קאָלכאָזן און סאָווכאָזן, פון גאַנצן לאַזאָווסקען ראַיאָן, האָט מען די משפחה איידלמאַן, און אירע צוויי זין, אהרון און ניאָניע, געשיקט אין דעם דאָרף. עס איז ניט געווען קיין מעגליכקייט, אַרומצופאָרן, און באַזוכן איינע די אַנדערע, צוליב פּאָליציייאישע מאָטיוון. סוף כל סוף זענען מיר געווען פאַררעכנט, נישט פאַר גאַנץ "כשרע" בירגער, דאָך פאַרשיקטע... ווען איך בין שוין געקומען אין דעם דאָרף — האָט איך דערפילט מיין הייליקן חוב, אָפּצוזוכן די משפחה. אָן קיינע שוועריקייטן, האָב איך געטראָפן דער פרוי איידלמאַן. זי האָט געוווינט אין אַ קליינעם צימערל, אין אַ קליינער כאַטקע. מיין פּלוצלונגדיקער באַזוך האָט איר איבעראַשט. זי איז געווען איינזאַם, ביידע זין זענען געווען פאַרשיקט, ווייט ווייט, פון איר, אַרום אַלמאַ־אַטאַ, די הויפּטשטאָט פון קאַזאַכסטאַן, און געאַרבעט אַלס טראַקטאָריסטן. זי האָט ניט געוווסט גענוי, ווו זיי געפינען זיך. איר איינזאַמקייט און בענקשאַפט, האָט איר געבראַכט צו אַ פולשטענדיקן יאוש, וואָס האָט צעשמעטערט אירע נערוון. זי איז ניט געשלאָפן גאַנצע נעכט, פאַרלאָרן דעם אינטערעס פון צוגרייטן און קאָכן עסן, זי איז געווען, אין דער גרעסטער אַפּאַטיע און פאַרצווייפלונג. איך קען ניט פאַרגעסן די היסטעריקע, אין וועלכע זי איז אַריינגעפאַלן, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן. איך האָב פאַרבראַכט מיט איר קאַרגע 2 שעה, און האָב איר פאַרשפּראָכן, גאָר אינגיכן ווידער צו באַזוכן.

קומענדיק צוריק צו מיין פרוי, האָבן מיר זיך באַראַטן, און באַשלאָסן איר אַרויסנעמען פון דעם דאָרף, און פּשוט ראַטעווען איר פון איר איינזאַמקייט. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן פּלאַנירט, צו פאַרלאָזן אונדזער דאָרף, און איבערפאָרן קיין פּאַוולאָדאַר, אין דער גובערניע־שטאָט, ווו אונדזערע קינדער — נחמה'לע מיט שרה'לען — האָבן זיך געלערנט אין מיטלשול, דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצוואַרטן, ביז מיר וועלן שוין זיין אויפן נייעם פּלאַץ. און אַזוי איז טאַקע געווען, אין פאַרלויף פון זומער 1943, האָב איך איר באַזוכט אַ פּאָר מאָל. זי איז געווען זייער צופרידן, און האָט מסכים געווען, פאַרלאָזן דעם דאָרף, ווען מיר וועלן איבערפאָרן, קיין פּאַוולאַדאַר.

אין יאַנואַר, 1944, אין אַ שווערן, סיבירער ווינטער, פאַרלאָזן מיר ענדליך נאָוואָ־פּאָקראָווקע, און מיר קומען אָן קיין פּאַוולאַדאַר. שוין אין דער ערשטער וואָך, האָב איך זיך איינגעאָרדנט, אַלס הויפּט־בוכהאַלטער, אין אַ גרויסע אינסטיטוציע, און אויך באַקומען אַ דירה, אין אַ הילצערנעם אַסאַבניאַק־ווילע. ניט וואַרטנדיק אפילו אַ מאָנאַט, בין איך אָפּגעפאָרן אין מיין קאָלכאָז, און האָב באַקומען אַ גרויסן שליטן, מיט אַ פּאָר פערד, און צוגענומען פון קאָלכאָז, די פרוי איידלמאַן, מיט אַ טייל פון אירע בעבעכעס, די סאַמע נויטיקסטע, ווייל די איבעריקע האָט זי פאַרברענט, אָדער צעטיילט די אַרומיקע שכנים. אַזוי אַרום איז נחמה איידלמאַן, איינגע־

גלידערט געוואָרן אין אונדזער משפחה, פון 1944 ביז 1946. אין דער צווייטער העלפט 1945, האָבן זיך אויך, אומגעקערט אירע צוויי זין, און די שמחה איז געווען גרויס.

זומער, 1946, באַקומען מיר פוילישע צייגנישן, אַלס געווע־זענע פוילישע בירגער, און מיט אונדז צוזאַמען, נאָך פיל הונדערטער יידישע משפחות. פון פּאַוולאָדאַר פאַרלאָזן מיר אין די רויטע משא־וואַגאָנעס, גלות־סיביר. אין פאַרלויף פון 2 וואָכן, זענען מיר אָנגעקומען קיין ברעסט־ליטאָווסק, די נייע גרענעץ סטאַנציע, צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און פוילן. דער קבלת־פנים פון די פּאָליאַקן, איז געווען ניט קיין פריינד־ליכער, נאָר אַ פיינדליכער. די גוטע תלמידים פון היטלערן, האָבן, פּשוט, באַוואָרפן אונדזערע וואַגאָנעס מיט שטיינער. און דעם אמת מוז איך פעסטשטעלן, אַז די רויטע אַרמייצעס, האָבן אונז אָפּגעהיט פון די אָנפאַלן.



חיה רעשקע

# אין דער וואַנדערונג

דינסטאָג בייטאָג, דעם 24־טן יוני, 1941. איך געדענק, ווי איך בין געלאָפן אין איין אָטעם צו מיין שוועסטער חנה־רבקה, זי רופן מיטפאָרן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד.

מיין שוועסטער מיט אַלע שכנים פון גאַס זענען געזעסן ביי אייזיק בערקאָוויטש און מען האָט זיך מיישב געווען, יאָ לויפן, ניט לויפן. איך בין מיט אימפּעט אַריינגעלאָפן און איר געזאָגט שטרענג: נעם פּעקלעך און קום שוין צו דער באַן, מיר פאָרן קיין רוסלאַנד.

ביי מיין צווייטער שוועסטער טייבל איז אַ טומל. מען פּאַקט פּעקלאַך. זי אַליין איז אין אַנדערע אומשטענדן, דאָך האָט זי באַשלאָסן מיטצופאָרן.

ד י ס אָ ו ו י ע ט ס ק ע ג אַ ס

עס איז אַ שדעק דורכצוגיין היינטיקע סאָוויעטסקע גאַס (געוועזענע פּילסודסקי). ביי אַנשעלעוויטשן אין מויער שטייט־איין דער וואָיענקאמאט. דאָרט איז היינט פול מיט מיליטער־לייט.

פון פאָרסער גאַס גייט אַ קריסטין מיט אַ זאַק אונטערן אָרעם. זי גייט רויבן יידישע הייזער, פון וועלכע די אייגנטימער זענען אַנטלאָפן. ביי קוגעלס מויער אין הויף שטייט אַ גרויסע ריי פון קריסטן און וואַרטן צו קריגן ברויט אין דער בעקעריי.

פון קורעניצער וועג קומט אָן אַן אָבאָז מיט זעלנער און מאַשינען־געווער. אַן עלטערער זעלנער לויפט צו אַ ביסל נערוועז און פרעגט מיך, ווו איז די וועג, וואָס פירט קיין מאָסקווע? איך ווייז אים די ריכטונג.

ב אַ ן ־ ס ט אַ נ צ י ע

ווען איך בין אָנגעקומען צו דער באַן־סטאַנציע, איז שוין געווען טונקל, פאַרנאַכט. דער עשאַלאָן איז שוין לאַנג אַוועק. איך האָב זיך זייער דערשראָקן. דער דיזשורנער האַלט אַ ליכטל אין האַנט, אַרום אים אַ סך מענטשן. עס שטייט אַן אָפענע פּלאַטפאָרם אָנגעלאָדן מיט אויטאָמאָבילן. איין וואַגאָן נעבן לאָקאָמאָטיוו איז פאַרנומען מיט פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן פון ווילייקער און מאָלאָדעטשנער שפּיטאָלן.

איך פרעג ביים דיזשורנעם, צי איז מיר דערלויבט צו פאָרן מיט דעם צוג. ענטפערט ער מיר: ווילסט, פאָר. איך קלעטער אַרויף אויף דער אָפענער פּלאַטפאָרם. מיר פאָרן אַ גאַנצע נאַכט אונטערן פרייען הימל, די אַעראָפּלאַנען פליען איבערן עשאַלאָן און באַשיסן אים. דער צוג בלייבט שטיין. די געזונטע זעלנער לויפן אַראָפּ און באַהאַלטן זיך אין וואַלד. נאָכן אַריבערפליען פון די אַעראָפּלאַנען פאָרן מיר ווייטער. איך האָב געפּרוווט איינמאָל אַראָפּשפּרינגען, זיך באַהאַלטן. אָבער קומענדיק צוריק, האָב איך קוים מיט אימפּעט אַרויפגעקלעטערט אויף דער פּלאַטפאָרם. מער בין איך ניט אַראָפּ פון צוג.

ק ר ו ל ע ו ו ש ט ש י ז נ אַ

אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען אין קרולעווטשיזנאַ. דאָרט זענען פאַראַן 5 באַן־ליניעס. אויף יעדערער פון זיי שטייט אַן עשאַלאָן. דאָ זענען טויזנטער מענטשן. דער טומל איז גרויס. אַלע זענען באַשעפּטיקט. ווער עס וואַשט זיך ביים פּלומפּ. ווער עס טראָגט הייס וואַסער. איינער זוכט דעם צווייטן.

דו הערסט דאָ געשרייען אין אַלע שפּראַכן: יידיש, רוסיש, ליטוויש, פּויליש. ענדלעך טרעף איך מיין יינגערע שוועסטער מיטן מאַן אין אירע קינדערלעך. מיין עלטערע שוועסטער, ווייזט אויס, האָט זיך אומגעקערט אַהיים.

אַ זייגער צען, אַן אָנפאַל פון דייטשישע אַעראָפּלאַנען. זיי באָמבאַרדירן. די רוסישע פליער פּרוּוון זיי פאַריאָגן. די פּאַניקע איז גרויס. מיין וואַגאָן ברענט. אַ קריסטלעכע פרוי פון מיין וואַגאָן וויל באַגיין זעלבסטמאָרד, זי קען זיך ניט באַהערשן.

מען מעלדעט, ווער עס וויל זיך אומקערן אַהיים, קען אַריינגיין אין עשאַלאָן, וועלכער פאָרט צוריק. מענטשן לויפן אַהין און שפּאַרן זיך. מען פילט שוין, ווי זעט אויס דאָס לעבן פון היימלאָזע. אָבער דער אָפּפאָרנדער עשאַלאָן האָט ניט דערגרייכט זיין ציל, דער וועג צוריק איז שוין געווען אָפּגעשניטן. מיר פאָרן אַלע ווייטער קיין רוסלאַנד.

אין די וואַגאָנען איז הייס, די מענטשן זענען הונגעריק, דורשטיק, די קינדער וויינען שטילערהייט.

אויף די סטאַנציעס, ווו דער עשאַלאָן שטעלט זיך אָפּ, קומען אָן קאָלכאָזניקעס, זיי טיילן וואַסער, ברויט, מילך, פאַר געלט, אַמאָל אָן געלט. מען לויפט אַראָפּ עפּעס קויפן. מען פאַרלירט אָפּט דעם וואַגאָן. מענטשן זוכן זיך אַרום. מען נעמט אַראָפּ געציילטע פרויען אין שפּיטאָל. זיי זענען אויף דער צייט.

נאָך 9 מעת־לעת פאָרעניש טאָג און נאַכט, פאַרשמאַכטע, פאַרהונגערטע און פאַרשוואַרצטע, קומען מיר ענדלאַך אָן אין גאָרקאָווסקאַיאַ אָבלאַסט. סטאַנציע וועטלוזשסקאַיאַ.

### קאָלכאָז

אויף דער סטאַנציע וועטלוזשסקאַיאַ צעטיילט מען אונדז אין גרופּן. מען שיקט אונדז אין קאָלכאָז אַרבעטן ביי די אָר־טיקע פּויערים. מיר דאַרפן באַקומען ברויט און מילך. אונדזער אַרבעט איז אין פעלד. מיר פאַרבייטן די מענער, וועלכע זע־נען אַוועק אויף דעם פראָנט.

דער קאָלכאָז איז אַ רייכער, זיי האָבן אייגענע האָניק און פלייש. פונדעסטוועגן הונגערן מיר אונטער. דער סעל־סאָ־וויעט געפינט זיך 3 קילאָמעטער פון דאָרף. דאָרט איז דאָ אַ פּאָליקליניק און אַ דאָקטאָר, אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם. דער איינציקער אָרט, ווו מען קען זיך טרעפן מיט אַן אייגענעם, אַ שטאָטישן און זיך דורכרעדן אין דער אייגענער שפּראַך, איז דער רעסטאָראַן אין סעל־סאָוויעט. דאָ קען מען דערציילן און דערמאָנען זכרונות פון אַמאָל פון דער היים, טראַכטן און חלומען וועגן פאַרגאַנגענע צייטן אין דער היימישער שטע־טעלע, וויסן און פילן דעם טעם פון זיין אָן אַ היים.



# ווילִיע

דו טייך פון מיין חרוב׳ער שטאָט
ווער קען זיך דערגרונטעווען
דיינע טיפקייטן און סודות
ווען דיין שפּראַך איז שווייגן, –
דיינע ווערטער אָן רייד.
דיין תפילה – שעפּטשען
יאָרן דאָס זעלבע
אָן אויפהער אָן ענד
טאָג און נאַכט.

דיין פליסטערן – מורמלען
פאַרוויגט אין וווּנדער
פון דער יצירה – ביז היינט
אין דער אייביקייט אַריין.
עס האָבן דורות
דיין וואַסער געטרונקען,
געהאָרכט יעדן שאָרך
פון דיין שטראָם.
עס האָבן צמחים
בעלי־חיים און געפליגל
געקוויקט און געשפּיגלט
אין אָפּגלאַנץ
פון דיין קריסטאַל. –

ביז נאַצישע רוצחים – האָבן
אין לויטערע וואַסערן ; דיינע
שוועסטער, ברידער די בעסט,
דערטרונקען,
אויף אייביק פאַרשטומט.

ק. פ – ר

שמואל (מולע) נארמאן

# אין פייער פון גיהינום

## זכרונות פון אַ פּאַרטיזאַן

### אזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן

אויפן מאַרק, אַנטקעגן אונדזער הויז, אויף אַ הויכן סלופּ איז געווען איינגעמאָנטירט אַ הילכער פון אַ ראַדיאָ. פון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט האַלט דער ראַדיאָ אין איין הילכן.

אין די שעה'ן פון איבערגעבן נייעס, קלייבן זיך אַרום שכנים, דורכגייער בלייבן שטיין און הערן זיך צו, וואָס דער ראַדיאָ גיט איבער. זונטאָג דעם 22־טן יוני, 1941, ווען מאָלאָטאָוו מיט זיין אויפגערעגטער, אונדז גוט באַקאַנטער שטימע, האָט געמאָלדן, אַז די נאַצישע בעסטיע איז באַפאַלן די סאָוויעטישע פאָטערלאַנד, איז פול געוואָרן דער מאַרק אַרום הילכער מיט מענטשן, סאָוויעטישע וואָסטאָטשניקעס (מזרח־לייט), שילער, אָנגעשטעלטע און סתם־יידן פון אַ גאַנץ יאָר.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי ביי דער ״ראָלניצטוואָ״ האָט זיך אויסגעשטעלט אַ ריי פון מענטשן מיט קלומקעס אויף די פלייצעס און פּאַספּאָרטן אין די הענט, כדי צו באַקומען אַ דערלויבניש צו קענען אַריבערגיין דעם אַלטן סאָוויעטישן גרענעץ.

קיין ספּעציעלע שוועריקייטן זענען ניט געמאַכט געוואָרן ביי די ערשטע ווענדונגען, ווייל די אַלע ערשטע זענען געווען יוגנטלעכע, אָנגעהעריקע צום קאָמסאָמאָל, אָדער חברים פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

### צו דער באַן־סטאַנציע

דער שטראָם פון מענטשן איז געוואָקסן אין משך פון טאָג. אַלץ איז געגאַנגען, ממש געלאָפן צו דער באַן־סטאַנציע. די שטימונג אין שטאָט איז געוואָרן זייער אַ געדריקטע. די אַלע וועלכע זענען געווען איינגעאָרדנט אויף שטעלעס אין מלוכה'שע אונטערנעמונגען, זעענדיק ווי זייער נאַטשאַלסטוואָ לאָזט אַלץ איבער און לויפט צוריק קיין רוסלאַנד, זענען זיי אויך מיטגעריסן געוואָרן, געכאַפּט די פאַמיליעס און געלאָפן צו דער באַן, זיין וואָס ווייטער פון דעם דייטשישן שונא.

### די ערשטע פראַגע

ווען איך, אַ בחור פון 16 יאָר, האָב געזאָגט צום טאַטן, פאַרוואָס זאָלן מיר ניט אַנטלויפן אין טיף־רוסלאַנד, ווי אַנדערע טוען עס, האָט ער מיר געענטפערט: ״איך און דיין מאַמע



שמואל (מולע) נאָרמאַן

האָבן גענוג געהאַט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, זייענדיק היימלאָזע אין רוסלאַנד. דיין מוטער האָט אירע עלטערן פאַרלאָרן פון הונגער און נויט. איך ווייס שוין דעם טעם פון וואַלגערן זיך אין דער פרעמד״. אין גאַס זוכט איינער דעם צווייטן. הערסט בלויז איין פראַגע: ״דו גייסט? דו בלייבסט?״. די עלטערע איינגעזעסענע בעלי־בתים, וועלכע האָבן שוין איינמאָל געשפּירט דעם טעם פון גלות אין דער פרעמד, זענען ניט געגאַנגען און באַצאָלט מיט זייער לעבן.

דער ״עשאַלאָן״ (צוג), וועלכער איז באַשטאַנען פון צענדליקער וואַגאָנעס, איז געשטאַנען אויף דער באַן־סטאַנציע אַ גאַנצן טאָג און געוואַרט. פאַרנאַכט האָט ער זיך גערירט אין דער ריכטונג וויטעבסק – לענינגראַד, מיטנעמענדיק ווילייקער יידן, צווישן זיי געציילטע משפּחות און אַ סך יחידים, אָפּגעריסענע טיילן פון גרויסע פאַרצווייגטע משפּחות. מען איז געפאָרן אין אַ ווייטע אומבאַקאַנטע נייע וועלט, קיין סאָוויעט־רוסלאַנד.

אין משך פון טאָג זענען געפלויגן עסקאַדראָנען פון אַעראָפּלאַנען אין דעם הימל פון ווילייקע. אין אַלע זייטן האָט געברענט, דער הימל איז געווען רויט פון שריפות און באָמבעס, וועלכע די אַעראָפּלאַנען האָבן געוואָרפן.

## דער צווייטער „עשאַלאָן"

דינסטאָג אין דער פרי איז אָנגעקומען פון מאַלאָדעטשנע דער צווייטער עשאַלאָן. היינט לויפט מען דירעקט צו דער באַן. מען נעמט ניט קיין דערלויבנישן. די פּאַניק אין שטאָט איז נאָך גרעסער. אַ סך היימלאָזע פון ווילנע באַווייזן זיך היינט. זיי זענען נעכטן אַוועק פון ווילנע און היינט לויפן זיי גלייך צום עשאַלאָן. מען דאַרף זיין, וואָס ווייטער פון פראָנט, זאָגן זיי.

משפחות זעגענען זיך, די יונגע גייען; די עלטערע טענהן: „פון גורל קען מען ניט אַנטלויפן". וואָס עס איז באַשערט, וועט זיין.

דער פייף פון צוג דינסטאָג פאַרנאַכט האָט אָנגעזאָגט, אַז דער לעצטער עשאַלאָן איז אַוועק. די שפּעט אָנגעקומענע צו דער באַן, האָבן זיך אומגעקערט רעזיגנירטע אַהיים. אויף די יידן אין ווילייקע איז אָנגעפאַלן אַ טרויער. די צעריסענע משפחות האָבן ניט געקענט קומען צו זיך. עס האָט זיי געפּרעסן די חרטה, פאַרוואָס זענען זיי ניט מיטגעגאַנגען. מענטשן גייען ניט אַהיים. מען שטייט אין גאַס רעדלעך און מען חשבונ'ט, ווער איז אַוועק און ווער איז געבליבן. פּלוצלונג אַ שריפה. עס ברענט דאָס בריגאַדע־הויז, עס ברענט די בריק איבער דער ווילי.ע. די סאָוויעטן האָבן עס אונטערגעצונדן פאַרן אָפּטרעטן. מיר לויפן אַלע לעשן, דער ווינט רייסט דאָס פייער אין דער ריכטונג פון אונדזערע הייזער. די גויים שלעפּן רשימות פון דער בריגאַדע, אין זיי געפינט מען נעמען פון ווילייקער יידן, וועלכע זענען געווען פאַרמשפּט אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין סיביר, מיר געפינען אויך אונדזער פאַמיליע. מיר זענען, כלומרשט, צופרידן, וואָס מיר בלייבן דאָ.

## מיטוואָך פרי — 25.6.41 — די דייטשן קומען אָן

פון גאָר באַגינען רוישט דער ברוק. אין די גאַסן פּילסודסקי, כאַלאָפּאָווסקי פאָרן, איינער נאָך דעם אַנדערן, הונדערטער טאַנקען מיט פאָרגייער, וועלכע מאַרשירן פון סמאַרגאָנער שאָסיי אין דער ריכטונג צו וויטעבסק, פון מערב צו מזרח. די דייטשן שטעלן זיך ניט אָפּ אין שטאָט נאָר פאָרן ווייטער. מען רעדט שוין אין די רעדלעך, אַז דער שד איז ניט אַזוי שרעקלעך, ווי מען שטעלט אים פאָר. אָט גייען זיי שוין אַ גאַנצן טאָג דורך דער שטאָט, און מען האָט גאָרניט געזען קיין שלעכטס פון זיי. נאָר די גויים, די שטאָטישע און דאָרפישע, קומען מיט וועגענער און זעק. זיי גייען אין די פאַרמאַכטע יידישע איבערגעלאָזענע וווינונגען, רויבן און כאַפּן אַלץ, וואָס מען קען נאָר מיטנעמען.

## מיר פאָרן קיין גלינע

פונוואַנען האָט זיך גענומען ביי אונדז אין גאַס דאָנערשטאָג פאַרטאָג, דעם 26־טן יוני, אַ פערד מיט אַ וואָגן אַן איבער־געבליבענער פון די סאָוויעטן, ווייס איך ניט. איך געדענק ווי ר' משה־שמעון מיט זיין משפחה, און אונדזער פאַמיליע האָבן אָנגעלאָדן דעם וואָגן מיט פּעק און מען איז צוזאַמען אַוועקגעפאָרן אין דאָרף גלינע, צו אַ באַקאַנטן קריסט זיך אויסבאַהאַלטן, און מיטנעמען זאַכן אויף אַ שלעכטן טאָג.

## די ערשטע כוליגאַנעס

אין אָוונט, זאָגט דער פאָטער, גיי צו אַ היים זען, וואָס הערט זיך. איך גיי אַרויס אין דאָרף, איך זע בערטשע גרינהויז גייט אויך אין שטאָט. איך נעם דעם ראָווער און גיי מיט. אַרויס־גייענדיק פון דאָרף, גייען אונדז אַנטקעגן אַ גרופּע דאָרפישע באַקאַנטע שקצים, צווישן זיי איוואַן רובטשאַק, מיינער אַ גוטער באַקאַנטער. דער שייגעץ גייט מיר גלייך אַנטקעגן, כאַפּט אַרויס דעם ראָווער מיט כוח. ווען איך שטעל זיך קעגן און גיב ניט, נעמט ער אַרויס אַן אָפּען מעסער און שטעכט מיר אַריין גלייך אין האַנט. די איבעריקע שקצים ליאַרמען מיט אים צוזאַמען און שרייען: „נאַרישער זשיד, אַז דו וועסט אָפּגעבן דעם דייטש, וועט זיין בעסער?" איך זע די לאַגע פון מיין ווידערשטאַנד. איך פאַרבינד מיין וווּנד און גיי ווייטער מיט בערטשן אונדזער וועג מיט אַ צעבראָכן האַרץ. איך האָב דעם שייגעץ איוואַן ניט מוחל געווען, ער האָט שפּעטער טייער באַצאָלט.

דעם זעלביקן אָוונט האָבן זיךביידע משפחות אומגעקערט אַהיים. די שקצים האָבן גלייך דערציילט אין דאָרף דעם פאַל מיטן ראָווער. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ביי גלינער גויים איז ניטאָ קיין באַהעלטעניש.

## ס. ס. אין ווילייקע

פרייטאָג זענען אָנגעקומען די ערשטע גרופּע ס. ס.־לייט. זיי האָבן גלייך פאַרנומען די מתנגדישע שול, אָפּגעזעסן אין איר געציילטע וואָכן. פאַרן פאַרלאָזן ווילייקע, האָבן זיי זי פאַר־ברענט.

## די ערשטע קרבנות

דער זון פון מיירים לעווין, לייבע, האָט געאַרבעט אַלס עלעקטראָ־מאָנטיאָר אין דער סאָוויעטישער מיליץ. די שכנים, די גויים, האָבן אים געמסרט פאַר דער דייטשישער מיליץ, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן, גלייך אין די ערשטע טעג. נאָכן דורכפירן אַ רעוויזיע ביי לעווינען אין שטוב און ניט געפינענדיק דעם געזוכטן זון, האָבן זיי צוגענומען זיין ברו־דער, יעקב, צוזאַמען מיט אַ מיטגליד פון אָרטיקן געוועזענעם סאָוויעטישן־ראַט, וואָלינעץ אוןביידן דערשאָסן.

פון די צייטן פון די סאָוויעטן זענען געבליבן אין טורמע ישראל־אליהו און נח מערקעס. זיי זענען באַפרייט געוואָרן מיט אַלע סאָוויעטישע אַרעסטאַנטן און זיך אומגעקערט אַהיים.

### שבעה־עשר בתמוז, תש״א — 12.7.41
### די ערשטע אַקציע

פרייטאָג אין דער פרי זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן פּלאַקאַטן אין די גאַסן מיט אַ מעלדונג, אַז אַלע מענער אין עלטער פון 18 ביז 55 יאָר, ווער עס האָט אַ פּאַספּאָרט, זאָל זיך מעלדן שבת אין דער פרי דעם 12.7 אין דער גרויסער שול און מיט־ברענגען אַ גאָלדן רינגעלע און 2 אייער. מען האָט זיי, די דייטשן, געגלויבט, אַז עס איז דאָ ניטאָ קיין שלעכטע כוונות און דאָס, וואָס זיי האָבן געשאָסן די פּאָר יידן, איז צוליב די גויים, וועלכע האָבן זיי געמסרט, אַז זיי זענען געווען טוערס ביי די סאָוויעטן. והראיה, אַז פּאָליאַקן, פּאַרטיי־לייט, זענען אויך דערשאָסן געוואָרן.

### אבא סאסענסקי׳ס נייגעריקייט

ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט, האָבן זיי די ערשטע זאַך געעפנט די טורמע, באַפרייט די פּאָליטישע אַרעסטירטע און גערופן די באַפעלקערונג צו ווייזן, ווי אַזוי אַ טייל פּאָליטישע אַרעסטאַנטן זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די סאָוויעטן פאַרן אָפּטרעטן פון דער שטאָט. עס זענען געווען אויסגעלייגט אַ פּאָר הונדערט קערפּערס, דערשאָסענע ביי אַ וואַנט אויפן הויף פון טורמע איינער אויף דעם אַנדערן. צווישן די אַנוועזנדע איז אויך געווען אבא סאָסענסקי. די דייטשן האָבן געגעבן די אַלע בייגעוועזענע רידלען און געהייסן זיי אויסגראָבן אַ גרוב און באַערדיקן די הרוגים, כדי עס זאָל ניט אויסברעכן קיין עפּידעמיע. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי זיך איזדעקעוועט איבער אבא׳ן, זעענדיק אַז ער איז אַ ייד. זיי האָבן אים גוט צושלאָגן אין דער אַנוועזנהייט פון די פּאָליאַקן און ווייסרוסן. ער האָט אָפּגעשפּילט מיט גליק, וואָס ער איז געבליבן לעבן.

### אויפן הויף פון בית־המדרש

אין דער אמתן בין איך פּטור פון צושטעלן זיך אין בית־המדרש. איך בין פאַר אַכצן יאָר. נאָר איך בין אַ געוויקסיקער, באַשליס איך ניט זיין קיין יוצא מן הכלל און איך גיי מיט אַלעמען צום שול־הויף.

### מען שערט בערד

אויפן שול־הויף זע איך אַ געזעמל פון מענטשן. משה־שמעון מיט לאַמפּערטן שטייען אין דער מיט און ביידע האַלטן שערעלעך אין די הענט און יעדער שערט דעם צווייטנס באָרד. אַרום שטייען דייטשן און קוועלן פון נחת. איינער פאָטאָגראַפירט די סצענע. אַ פּאָר טריט ווייטער שטייט נח דער שמש און גאָלדבערג דער חזן און טוען דאָס זעלביקע. משה־שמעון האָט שפּעטער דערציילט, אַז אינדערפרי, גייענדיק פון דאַווענען, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ דייטש און געהייסן ברענגען פון שטוב אַ שער. עס איז אים גאָרניט איינגעפאַלן צו וואָס דאַרף עמלק אַ שער.

מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין 4 רייען, יעדער איז געפירט געוואָרן באַזונדער אין דער גרויסער שול. זי האָט אין דער צייט פון די סאָוויעטן געדינט פאַר אַ מין הכנסת־אורחים (אָפּשע־זשיציע). געדאַווענט האָט מען אין דער איינציקער ליובאַוויטשער שטיבל. איינציקווייז זענען מיר אַריין אין דער טיר פון שול. פון דרויסן זענען געשטאַנען די רייען אין אָרדנונג ניט זעענדיק, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. איך בין נאָר אַריבער געטראָטן די שוועל, ווי פון ביידע זייטן האָבן דייטשן מיר גענומען שלאָגן מיט סענקעוואַטע שטעקנס. יעדער דורכגייער האָט באַקומען זיין חלק און זיך צוגעשטעלט צו זיין גרופּע אין אַ באַזונדער ווינקל. דאָ זענען געזעסן דייטשן ביי אַ טישל און צוגענומען ביי אַלעמען די דאָקומענטן. ווער עס האָט ניט געהאַט קיין פּאַס, איז באַפוילן געוואָרן צו ברענגען אים. אַלע זענען פאַרשריבן געוואָרן אין אַ ליסטע און יעדער גרופּע באַזונדער איז באַפוילן געוואָרן צו גיין אַרבעטן אין אַ געוויסן אָרט. מיר האָבן געדאַרפט צורעכט מאַכן די צעשטערטע רעלסן אויף דער באַן, וועלכע די סאָוויעטן האָבן באַוויזן צו צעשטערן. אויף 6 אַ זייגער אין אָונט האָט מען אונדז באַפוילן קומען צו דער בריק, אָפּנעמען די פּאַספּאָרטן. אַ צווייטע גרופּע האָט געדאַרפט קומען צו דער אַרבעט אין מיל העלפן שלעפּן זעק מעל. אַ דריטע האָט געדאַרפט נעמען רידלען און קומען צו דער בריק.

### ביי דער אַרבעט

מען פירט אונדז צו 5 אין אַ ריי צו דער באַן־סטאַנציע. מיר גלייכן אויס די ערד מיט די שפּאַלן, שרויפן צונויף די רעלסן און גרייטן צו די ליניעס. די איבערגעקערטע וואַגאָנעס גלייכן מיר אויס און שטעלן אַרויף אויף די רעלסן. די אַרבעט איז אַ גאַנץ שווערע. די דייטשישע אויפזעער שלאָגן מיט גומענע שטעקנס און שרייען "שנעלער, שנעלער". דאָס איזדעקעווען זיך איז ערגער ווי די שווערקייט פון דער אַרבעט.

### אַ דאַנק מיין ווונד

איין וואַגאָן איז זייער אַ הויכער, איך דערגרייך ניט דעם אויבערשטן טייל. ווען דער דייטש דערזעט עס, כאַפּט ער זיין ביקס און מיט דער שטיכע האַקט ער מיר אַריין אין הינטערשטן חלק און הויבט מיר אין דער הויך. איך קען ניט שרייען, איך שפּיר בלויז, ווי איך בין אָפּגעגאָסן מיט בלוט. איך דריק צו מיט די הענט דעם אָפענעם ווונד און בייס מיט די ציינער די ליפּן פון יסורים און שווייג.

5 אַ זייגער פאַרנאַכט האָבן מיר געענדיקט די אַרבעט. מיר גייען אַהיים. 6 אַזייגער פאַרנאַכט דאַרפן מיר גיין צום בריק

נאָך די פּאַספּאָרטן. איך גיי ניט. איך דאַרף שוין ניט קיין פּאַספּאָרט. איך לייג אין שטוב טיכער מיט וואַסער צו מיין ווונד. היינט, בין איך זיכער, אַז אַדאַנק דעם רוצח בין איך געבליבן לעבן. אָט די לעקציע האָט מיר אַ סך געגעבן, איך געדענק, ווי מיין טאַטע האָט אַריינגעטענהט צו די ברידער: זלמן נתן, ראובן און יצחק־משה, זעליקס קינדער, אַז זיי זאָלן ניט גיין צו דער בריק. מען דאַרף ניט ביים רוצח קיין פּאַספּאָרטן. עס האָבן ניט געהאָלפן זיינע רייד. אַזוי נאַאיוו זענען מיר אַלע געווען. מען האָט געגלויבט, אַז מען גייט בלויז צו נעמען פעסער. זיי זענען אַוועק און ניט צוריקגעקומען. ווייזט זיך אַרויס, אַז די גרופּע פון דער פרי, האָבן אויסגעגראָבן אין מאַלוניער וועלדל גריבער־קברים, פאַר זיך און פאַר די איבעריקע ווילייקער יידישע איינוווינער.

### ליל־שימורים

עס זענען צונויפגעקומען אַלע שכנים פון גאַס אין אונדזער הויף און מען וואַרט, עס זאָלן זיך אומקערן די אַוועקגעגאַנגענע. עס איז ניט געבליבן קיין הויז ווו עס איז ניט אַוועק איינער, אָדער מער. אַלע השערות זענען גענומען געוואָרן אין באַטראַכט און קיינער האָט ניט געקענט זיך פאַרשטעלן דעם אמת. עס איז אַריבער די נאַכט אין וואַרטעניש. גאַנץ ווילייקע האָט געהאַט אַ וואַך־נאַכט און קיינער איז ניט געקומען. בלויז איין איסר ריער פון וויאַזין איז אַנטלאָפן גלייך פון דער בריק, נאָך פאַר דער שחיטה.

ווען אין דער פרי האָבן קריסטן איבערגעגעבן בסוד זייערע יידישע באַקאַנטע, אַז די אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן אין וועלדל פון מאַלוני, האָט מען ניט געוואָלט גלויבן. ליידער, האָבן אַלע סימנים באַשטעטיקט זייערע רייד. די גאַנצע באַפעלקערונג האָט געטרויערט.

אין די שעה'ן 7.00–6.30 אין אָוונט האָט מען געהערט אין שטאָט שיסערייען פון דער ריכטונג מאַלוני. קיינעם איז ניט איינגעפאַלן, אַז דאָס זאָלן די דייטשישע בעסטיעס דערשיסן אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע.

עס זענען קיין עדות געבליבן. אפילו די שכנים, די גויים זענען ניט בייגעווען. ווער ווייס, וואָסערע יסורים האָבן זיי דאָרט אויסגעשטאַנען.

### דער ברודער־קבר

מען ווייסט בלויז צו דערציילן, אַז כאָטש דער קבר איז באַדעקט געוואָרן מיט ערד און פלאַרקע, דאָך האָט ער ניט גערוט און ביז דריי מעת־לעת האָט זיך באַוועגט דער אָנגעשאָטענער באַרג ערד. יעדע ווילע פלעגט דורכרייסן פרישע שטראָמען מיט בלוט און אַריבערגיין איבער די ברעגעס. דאָס איז געווען דאָס פרישע בלוט פון די נאָך ניט־אומגעקומענע, וועלכע זענען לעבעדיקערהייט באַערדיקט געוואָרן. זייער בלוט האָט זיך ניט געקענט באַרויקן און צונויפמישן מיט דעם בלוט פון די דערמאָרדעטע.

אַלע הייזער זענען געוואָרן בתי־אבלים: עס האָבן געוויינט קינדער, געטרויערט פרויען און אַלטע. די פראַגע, פאַרוואָס און פאַרוועמען איז פון קיינעמס ליפּן ניט אַראָפּ.

עס זענען אין דער אַקציע דערמאָרדעט געוואָרן בערך 150 מענער.

### מאַלוניער וועלדל

עס איז איצט דער דריטער טאָג נאָך די אַקציע. מיר היטן זיך ניט אַרויסגיין אין גאַס, זיך ניט באַווייזן פאַר די רוצחים. אונדזער בהמה און העניע נאַרמאַנ'ס שטייען אין שטאַל. מיר האָבן מורא צו גיין געבן זיי עסן. זיי פאַרשרייען די קעפּ. וואָס זענען זיי, נעבעך, שולדיק? עס איז באמת אַ צער בעלי חיים. איך מיט העניען באַשליסן זיך דורכגנבנען דורך די גערטנער, צום טייך, און דאָרט זיי פּאַשען אין די פעלדער. מיר זענען דערגאַנגען ביז דער געוועזענער בריק איך זאָג צו העניען: "איך לאָז איבער די בהמה אין פעלד אויף עטלעכע מינוט און וועל צולויפן צום וועלדל אין מאַלוני, סך־הכל 2 קילאָמעטער". די כוונה איז קלאָר, איך וויל זען, צי איז אַן אמת וואָס די גויים דערציילן וועגן קבר.

"גוט! – זאָגט העניע – מיר גייען צוזאַמען. דער טייך איז דאָ ניט טיף, מיר בראָדזען אַריבער און שפּריזן צום הייליקן אָרט. הלואי, זאָלן אַלע דערציילונגען זיין בלויז אויסגעטראַכטע מעשיות. מיר דערנענטערן זיך צום וועלדל, איך באַמערק צווישן די שיטערע ביימער אַן אויפגעשאָטענעם לאַנגן בערגל געלע זאַמד. מיט אונטערגעבראָכענע פיס דערנענטערן מיר זיך צום קבר. יאָ! עס איז ניט קיין מעשה, נאָר אַ ביטערער אמת. דאָ און דאָרט איז דורכגעבלוטיקט דער זאַמד. אין עטלעכע ערטער איז איינגעפאַלן דאָס בערגל און שוואַרצע גרויסע פייכטע פלעקן גלאַנצן פון דער ווייטנס אין אָפּשיין פון דער זון. אָט רינט נאָך אַ פרישער דינינקער שטראָמעלע פון טונקל רויטע, אודאי בלוט, פון אונדזערע נאָענטסטע. אויפן העכסטן אָרט איז כמעט ווי אָפן דער קבר. ווי אַ מאַגנעט ציט מיך אַהין. אָט דערקען איך פון אויבן, דעם ערשטן הרוג, ישראל שפּריירעגן, פרידע גרינהויז'ס מאַן פון בוצלאָוו.

ווייזט אויס אַז אַלץ וואָס די קריסטן האָבן דערציילט איז אמת. עס איז ריכטיק, אַז דער קבר האָט ניט גערוט אין משך פון 3 מעת־לעת. מיר דוכט זיך, אַז ער באַוועגט זיך נאָך אויף יעצט. ווער ווייס, וויפל לעבנס האָבן זיך נאָך געדאַרפט פייניקן, ביז זיי זענען ענדליך אומגעקומען.

מיר זעצן זיך באַרוועסע ביים ברעג קבר, מיר זענען די אבלים. אפשר די איינציקע, וועלכע באַזוכן דעם הייליקן אָרט. דער מאַלוניער וועלדל איז געהייליקט געוואָרן מיטן בלוט פון אונדזערע אומשולדיקע קרבנות, פון אונדזערע בעסטע און טייערסטע ווילייקער יידן.

מיר האָבן אין אָוונט געבראַכט דעם טרויעריקן גרוס אין שטאָט. עס איז געוואָרן אַ צווייטער תשעה־באב אין ווילייקע.

### רעפערענט פאַר יידן

די ניט־געקרוינטע ראשי־קהל, זענען געוואָרן ברוך נאַרמאַן, אשר פליאַרמאַן, שלמה שאַץ, לייב באַלאַשינסקי און משה קאַפעלאַוויטש (רייזלס). קיינער האָט זיי ניט געקליבן. זיי האָבן אַליין גענומען די איניציאַטיוו און אָנגעהויבן זוכן, ווי אַזוי צו העלפן די רעשטלעך איבערגעבליבענע יידן. סאַפּיעשקע האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום געמאָלדן, אַז ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער יידישער רעפערענט, און פון היינט אָן וועט מען געבן יעדן יידן 300 גראַם ברויט אַ טאָג לויט קאַרטן. די יידן וועלן קריגן מעל און אַליין באַקן דאָס ברויט. מען האָט אָנגעהויבן ווייטער גלויבן אין ניסים און גערעדט, אַז פון איצט הויבט זיך אָן אַ נייע, רויקע צייט פאַר אונדז. דעם זעלביקן טאָג איז געבראַכט געוואָרן דאָס מעל צו אונדז אין בעקעריי (ביי דוד־מרדכי׳ן). איך מיטן טאַטן האָבן זיך גלייך געשטעלט באַקן.

### דער אַדרעס פון יידנראַט

די בעקעריי איז געוואָרן דער צענטראַלער פונקט פון אַלע יידן אין שטאָט. דאָ פלעגט זיך געפינען כמעט אַ גאַנצן טאָג דער ניט־געקרוינטער יודנראַט. אַהער קומען די דייטשן בעטן אַרבעטער. פון דאַנען פלעגן אַרויסגיין די יידן אַרבעטן אין די איינהייטן. דאָ איז דורכגעפירט געוואָרן די ערשטע רעגיסטראַציע, וועלכע האָט באַוויזן, אַז אין ווילייקע געפינען זיך בערך 300 יידישע נפשות.

אין די אָוונטן קומען זיך צונויף אַלע אין הויף ביי אונדז, אָדער ביי ברוך נאַרמאַנען און מען דערציילט פון דער טאָג־אַרבעט, פון יחידים וועלכע הונגערן, ווו מען דאַרף העלפן און ווו מען דאַרף שיקן שטאַרקערע אַרבעטער, אין וועלכע איינהייטן איזדזעקעוועט מען זיך איבער יידן און ווו מען קריגט אַ שטיקל ברויט. די שווערסטע פראַגע נאָך אַלע געשפּרעכן בלייבט אָן אַ תשובה. וואָס וועט זיין מיט אונדז? ווי לעבט מען זיי איבער?

### איינהייטן

די אַרבעטער זענען צוגעשטעלט געוואָרן פאַר די איינהייטן, וועלכע זענען געווען איינקוואַרטירט אין די געוועזענע פּויילישע געביידעס. אַזוי, צום ביישפּיל, איז איינגעשטאַנען דער געביטס־קאָמיסאַר אין די בנינים פון סטאַראָסטע, די פעלד־זשאַנדאַרמעריע – אין גימנאַזיע, ס. ס. און ס. ד. – אין די בנינים פון דער טורמע.

דאָס רוב פרויען האָבן געאַרבעט ביי ריייניקן די צימערן, די אָפּטרעטן, וואַשן, זעגן האָלץ און אָנגרייטן עס אויף ווינטער.

די איבערגעבליבענע יידן האָבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן. פרויען האָבן פשוט מורא געהאַט צו וווינען אַליין אין די הייזער. מען האָט זיך געשראָקן פאַר די פיר ליידיקע ווענט, פאַר דעם אייגענעם שאָטן. אַזוי האָבן זיך אויפגערעדט די פרויען און אַריין וווינען צוזאַמען עטלעכע משפחות אין איין שטוב. ביי אונדז אין הויז, האָבן זיך איינקוואַטירט: לאה גורביץ, שרה־מרים נאַרמאַן, ברײנע נח׳ס. בלויז איין אבא סאָסענסקי האָט זיך איינגעעקשנט און ניט פאַרלאָזט זיין הויז. בייטאָג פלעגט מען גיין מיט די געלע לאַטעס אויפן ברוק צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט. אויסער דעם האָט מען ניט אָנגעזען קיין יידן אין גאַס. ווער עס האָט געדאַרפט צו וועמען פלעגט זיך דורכגנבענען דורך די פאַרקאַנעס און גערטנער.

### מען טיילט שיינען

ווי דער רעפערענט האָט דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יידן און מען האָט געטיילט ברויט אויף קאַרטן, האָט ער אָנגעהויבן צו פאָדערן מענטשן אויף אַרבעט. היות ווי אַלע זענען אין דער אמתן איינגעאָרדנט ביי אַרבעט אין די איינ־הייטן, למשל, איך אין דער בעקעריי פון יודנראַט, יוסף נאַר־מאַן אין דרוק ביים געביטס־קאָמיסאַר, די רימאַרעס אין זייער פאַך, האָט סאַפּיעשקאַ אַרויסגעגעבן אַלעמען שיינען מיט אַ שטעמפּעלע (האַקנקרייץ) פאַר אַלע איינהייטן. דער שיין האָט געגעבן רעכט צו קריגן די פּאַרציע ברויט, צווייטנס: ניט יעדער דייטש קען כאַפּן אַ ייד אויף אַרבעט אָן אַ דערלויבניש, אויב דער ייד האָט אַ שיין.

### פּרנסות

שווער צו זאָגן, פון וואַנען האָבן יידן געלעבט. פאַרדינען האָבן געקענט נאָר די רימאַרעס אין זייער פאַך. די אַנדערע פלעגן פאַרקויפן זאַכן אָדער בייטן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אויף עסנוואַרג. די וועלכע זענען געבליבן אָן זאַכן און אָן געלט, האָבן פשוט געליטן הונגער. עס זענען געוועזן פאַלן, ווען מען האָט געליען געלט איינגעשאַצט אין פּודן תבואה, געמאַכט אַ שטר אָפּצוצאָלן אין גוטע צייטן. ניט דער לייער און ניט דער פאַרלייער האָבן דערלעבט צו באַ־צאָלן, אָדער איינמאָנען אַ חוב פון יענע צייטן.

### די צווייטע אַקציע

ה׳—ו׳ מנחם אב תש״א (29—30.8.41)

6 אַזייגער פאַרטאָג האָט עס זיך אָנגעהויבן. עס האָבן זיך צעוויסגעלאָזט ס.־ס.־לייט, אין לאַסט־אויטאָס, איבער די גאַסן פון ווילייקע. זיי גייען איבער די הייזער און הייסן די פרויען און מענער, אפילו קינדער, זיך אָנטאָן, נעמען עסן און שמאַ־טעס און פאָרן אַרבעטן אין ליובאַני. וויבאַלד אַלע טאָג גייען איינציקע ס.־ס.־לייט, און כאַפּן פרויען צו וואַשן די פאָדלאָ־געס, האָט זיי קיינער ניט חושד געווען אין שלעכטע כוונות.

אָבער, פאַרוואָס האַלטן זיי אין איין שלאָגן אַלעמען און זוכן אין אַלע לעכער? דאָס איז עפּעס ניט פאַרשטענדלעך. די פּוילישע און ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן זענען ניט בעסער פאַר די ס.־ס.־לייט. מיט גוטינקע ווערטער רעדן זיי איין די יידישע פרויען און קינדער צו פאָרן אַרבעטן.

משה טייץ און דעם ווילנער שניידער פורמאַן, ביי צעסאַקאָוון אין הויף, האָט מען פאָרויס אַרויסגעשיקט אין דער ריכטונג פון דאָרף פּאַרסע און מען האָט זיי באַפוילן צו גראָבן אַ גרוב. עס איז זיי גאָרניט איינגעפאַלן צו קלערן, אַז זיי גראָבן פאַר זיך און פאַר די נאָענטע אַ ברודער־קבר. די אַלע געכאַפּטע זענען אַרויפגעלאָדן געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס און אַוועק־געפירט געוואָרן אַהינצו.

2 טעג האָט געדויערט די אַקציע, פון 6 באַגינען ביז 12 בייטאָג. דאָס רוב זענען אַוועק פרויען, אַ סך היימלאָזע פון ווילנע, באַראַנאָוויטש, מינסק און פון אַרומיקע שטעטלעך, וועלכע זענען צופעליק געווען אין ווילייקע. אַ געוויסע צאָל מענער, צווישן זיי פייווע גורביץ, זונדל קריינעס, ר׳ אליהו־לייב. איך געדענק, אַ זייגער צוועלף בייטאָג, האָבן די פּוילישע פּאָליציאַנטן גענומען משה־רייזלס פרוי און קינדער, אַרויפגעזעצט זיי אַזוי רויק אויפן אויטאָ, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן פאָרן אויף אַ דאַטשע. עס האָט זיך אין שטאָט ניט געפילט קיין פּאַניק. אַזוי זיכער איז מען געווען אָדער נאַיוו, מיינענדיק, אַז מען נעמט בלויז אויף אַרבעט.

נאָך איידער די שכנים־קריסטן האָבן דערציילט, וואָס עס איז געשען מיט די צוגענומענע, האָט דער יודן־ראַט געשיקט אַ שליח אין ספּירט־פאַבריק ליובאַני, זען ווו אַרבעטן אַלע צוגענומענע.

ערשט אין 2 טעג אַרום האָבן די קריסטן דערציילט, אַז אַלע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין דאָרף קריוואַיאַ סלאַבאָדאַ און דאָרט דערמאָרדעט און באַגראָבן געוואָרן אין אַ גרויסן ברודער־קבר. מען האָט דעמאָלט אויך ניט געוואָלט גלויבן. מען האָט געזאָגט, אַז די ערלים מאַכן אַ פּאַניק. זיי פאַרגינען ניט דאָס לעבן און כל זמן עס האָט ניט באַזוכט דעם ברודער־קבר אַן אייגענער ייד, האָט מען ניט געגלויבט.

ענדלעך איז איינער פון די רימאַרעס, אַן איבערגעטאָנענער אַלס קריסט, אַוועק אין קריוואַיאַ סלאַבאָדאַ. ער האָט געפונען דעם אָפענעם ברודער־קבר, געבראַכט לזכרון קינדער־זאַכן אַלס אַ באַווייז. ערשט דאַן איז קלאָר געוואָרן דער גאַנצער ביטערער אמת, ווי אַזוי מען נאַרט אונדז אַריין מיט כל מיני תירוצים. דער פּועל־יוצא איז בלויז איין אמת, זיי ווילן אונדז אויסמאָרדן אָן אונטערשייד, צי מען אַרבעט יאָ, צי ניט, צי פאַך־אַרבעטער, אָדער שוואַרצע אַרבעטער. ווען מען האָט זיך אין אָוונט צונויפגעקליבן דאַווענען מעריב און קדיש זאָגן נאָך די אומגעקומענע, האָט מען ניט געציילט, ווער איז אַוועק, נאָר ווער עס איז געבליבן. עס זענען איבערגעבליבן אין ווילייקע ס״ה ביי 100 נפשות, דאָס רוב פרויען.

מען האָט זיך ניט געקענט שיינקען, פאַרוואָס איז מען ניט אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד בעסער פירן אַ מלחמה מיט די כוחות פון דער נאַטור, מיט דער קעלט און מיטן הונגער, איידער מיטן "הערן־פאָלק" ימח שמם.

### נייס פון פראָנט

די ידיעות פון פראָנט זענען גאָרניט קיין פריילעכע. אויף דער לאַנדקאַרטע, וועלכע איז אַרויסגעהאָנגען נעבן געביטס־קאָמיסאַר, טראָגט מען איבער אַלע טאָג די פענדלעך טיפער צו מזרח, אין רוסלאַנד. מען ווייזט דערמיט, ווי דער פראָנט רוקט זיך פאָרויס.

דער ראַדיאָ דערציילט בלויז פון נצחונות איבער די רוסישע חיילות. די פּאָליאַקן און ווייסרוסן, אונדזערע שכנים, וועלכע זענען דאָ מיט אַ פאָר מאָנאַטן צוריק געווען פאַרברענטע פּאַרטיי־לייט און אַזוי גוט געקענט אויסנוצן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, זיי זעט מען אינגאַנצן ניט. מען הערט נאָר פון צייט צו צייט, אַז איינער איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ פאַרוואַל־טער אין אַ קאָאָפּעראַטיוו, דער צווייטער דינט ווי אַ פאָרמאַן אין אַ דייטשישער איינהייט. זיי ווייסן ווי זיך איינצואָרדנען.

### ברויט־קאַרטן

צו קליין איז די ווילייקער יידישע באַפעלקערונג, אַז די יידישע איינציקע בעקעריי זאָל קענען באַקן פאַר זיך ברויט. אַזוי האָט געמאָלדן אויף מאָרגן נאָך דער אַקציע דער רעפע־רענט סאַפּיעשקאָ. פון היינט אָן וועט איר קריגן אייער פּאָרציע ברויט, געבאַקן אין דער שטאָטישער בעקעריי לויט די אַר־בעטס־שיינען, די פּאָרציע איז פאַרקלענערט געוואָרן, פון 300 גראַם, אויף 200 גראַם אַ טאָג, פאַר אַ נפש.

פינף אַזייגער פאַרטאָג. עס איז נאָך פינצטער, גייען ברוך נאָרמאַן און משה רייזלס אין דער שטאָטישער בעקעריי ברענגען דאָס ברויט. אין דער פינצטער קען מען לייכטער אַרויסנאַרן, אָדער אונטערקויפן דעם מאַגאַזינער און באַקומען נאָך אַ פאָר לעבלעך.

### ימים נוראים תש״ב—1941

דאָס רוב איבערגעבליבענע מענער זאָגן קדיש. ווער נאָך עלטערן, ווער נאָך אַ פרוי, אַ קינד, אַ ברודער, אַ שוועסטער. מען דאַוונט אין דער ליובאַוויטשער שטיבל. אין דער וואָכן דאַווענען אונדזערע שכנים ביי ר׳ משה־שמעונ׳ען אין הויז.

ימים־נוראים קומען אַלע אין שול. מאַלאַשקעוויטש לאָזט ניט אָפּ דעם עמוד. דאָס דאַווענען איז ניט געוויינלעך. איך ווייס ניט, צי די ליובאַוויטשער שטיבל האָט ווען עס איז געהערט אַזאַ דאַווענען. עס איז געווען אויף וועמען און וואָס צו בעטן און וויינען.

ביי משה־שמעונען אין הויף האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ סוכה, צו להכעיס אַלע שונאים. ר׳ שמואל דער שוחט איז אונדז מזכה אַ מאָל מיט אַ שטיקל כשר פלייש. און, אַז העניעס

בהמה איז טריף געוואָרן, האָט זי פּרקופּט דאָס פלייש דעם קריסטלעכן רעסטאָראַן ביי סאָסענסקי'ן. מיר זענען ניט דערגאַנגען צו פּיקוח־נפש, אַז מיר זאָלן דאַרפן עסן ניט קיין כשר פלייש.

### האלץ

דער ווינטער איז אַ קאַלטער. מיר האָבן דערפון אַביסל נחת, זעענדיק, ווי די רוצחים דרייען זיך אין דרייען פון קעלט.

אין די איינהייטן זענען פאַרנומען די יידן מיט זעגן און האַקן האָלץ צום הייצן פאַר די רוצחים. אין אָוונט, אַהיים קומענדיק, זוכט מען ערשט פאַר זיך אַ שטיקל האָלץ, וואַרעם מאַכן דאָס ליידיקע הויז און קאָכן אַ וואַרימען יושניק. די פאַרקאַנעס האָבן די גויים שוין לאַנג פונאַנדער גענומען און פאַרניצט. די טירן און פענצטער פון די יידישע הייזער – שוין אויך לאַנג אַרויסגעריסן. היינט רייסט מען שוין די פאָדלאָגעס אין די חרובע הייזער.

### ארבעטער פון דער פרעמד

די היגע באַפעלקערונג קען ניט אויספילן די אַלע אַרבעטן, וועלכע עס פאָדערן די איינהייטן. דעריבער ברענגען די איינהייטן טעגלעך גרופּעס יידן פון קורעניץ. אין דער פרי קומען זיי און אין אָוונט קערן זיי זיך אום אַהיים. עס זענען דאָ אויך מינסקער און באַראַנאָוויטשער יידן. זיי שטייען איין אין אַ געוועזענעם סקלאַד פון תבואה, נעבן דער באַן־סטאַנציע. זיי לעבן פון די באַקומענע פּאָרציעס, ליידן שטאַרק הונגער און קעלט. זיי האָבן ניט קיין סאַניטאַרע באַדינגונגען. זיי שטאַרבן אויס איינציקווייז פון קראַנקהייטן און הונגער. אונדזער קאָנטאַקט מיט זיי איז זייער אַ שוואַכער.

### נפטרים

די פרעסט אין שבט זענען זייער שטאַרקע. אין איין פרימאָרגן קומט אַריין אין בעקעריי יעקב נאָרמאַנס פרוי און רופט אונדז זען, וואָס מאַכט איר מאַן, וועלכער איז געלעגן אַ לענגערע צייט קראַנק. זי האָט אַריינגערופן אַ מנין יידן, איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין איר כוונה. איר מאַן, יעקב, איז געלעגן טויט. די זעלביקע נאַכט איז אויך געשטאָרבן ציפּע קאָפּעלאָוויטש. יצחק אהרן־דודס, פון די לעצטע חברה קדישא־לייט, האָט מיך געבעטן גיין אויפן בית־הקברות, אויסגראָבן אַ קבר פאַר ביידע נפטרים. איך מיט לייזער אהרן־דודס זון זענען אַוועק אויפן פעלד, גראָבן די קברים. מיר האָבן געוואַרעמט די ערד מיט אַ פייער, וואָס מיר האָבן דאָרט געמאַכט. אין משך פון גאַנצן טאָג האָבן מיר אויסגעגראָבן בלויז איין קבר און באַערדיקט ציפּע קאָפּעלאָוויטש. אויף מאָרגן האָבן מיר ערשט אויסגעגראָבן דעם צווייטן קבר און באַערדיקט יעקב נאָרמאַנען. זאָל די ערד זיי גרינג זיין. וויפל יידן האָבן שוין דעמאָלט מקנא געווען די געשטאָרבענע, וועלכע זענען אַוועק פון דער וועלט מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

### קריסטן דערציילן

מיר ווייסן, אַז די סאָוויעטישע אַרמיי איז צעקלאַפּט געוואָרן אין אָנהויב פון דעם קריג. די סאָלדאַטן זענען אַוועק אין געפענגעניש. געציילטע זעלנער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערפער און אין די וועלדער. זיי האָבן ניט געקענט און ניט געוואָלט בלייבן פּאַסיוו אין צייט פון מלחמה, האָבן געגרינדעט דעם קערן פון די אָרגאַניזירטע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס. עס האָבן זיך צו זיי אָנגעשלאָסן אויך יידישע בחורים, וועלכע האָבן מיטגעבראַכט יידישע חכמה און גבורה.

די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס האָבן געמוזט האָבן אַ נאָענטע פאַרבינדונג מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיי אויסגעהאַלטן מיט עסן און מיט ידיעות וועגן שונא. זיי האָבן געשאַפן אין וואַלד אַ כוח און אויף אייגענער אחריות, פירן זיי אויס דיווערסיע טאַטן. אַזוי האָבן זיי הונדערטער טעלעפאָנען־סלופּן אויפגעריסן, אַמוניציע־סקלאַדעס אונטערגעצונדן, און אַ סך צוגן אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן. מיט דער צייט, האָבן זיי געשאַפן אַ פאַרבינדונג מיט דער סאָוויעטישער אַרמיי, באַקומען פון זיי געווער, הילף און אויסגעפירט זייערע באַפעלן. די ערשטע צייטן, ווען זיי האָבן אַלץ געטאָן אויף אייגענער האַנט, און געדאַרפט אָנקומען נאָך עסן צו די קריסטן אין די דערפער, פלעגן ניט אַלע פויערים וועלן געבן, איבערהויפּט די רייכע דערפער, וועלכע פאַר דער צייט פון די סאָוויעטן, האָט זיך זיי געלעבט ניט אַזוי גוט. בלית ברירה, פלעגן די פּאַרטיזאַנער נישט שאַנעווען די יעניקע. ניט איין הויז איז אונטערגעצונדן געוואָרן. דער נאָמען פּאַרטיזאַן איז געוואָרן אַ שרעק־וואָרט. און פאַר אונדז איז עס געוואָרן אונדזער לעצט ציל, וועגן וועלכער מיר האָבן געחלומט בייטאָג און ביינאַכט.

### קארטאפל

נאָך דער צווייטער אַקציע קומט אַ קריסט פון דאָרף האָראָדישטשע צו משה־שמעונען, און זאָגט: דיין יעקב'ס (משה־שמעונס איידעם) פעלד מיט קאַרטאָפל שטייט ניט אויסגעגראָבן. יעקב איז ניטאָ (ער איז אַוועק מיט דער אַקציע), נעם און גראָב אַרויס די קאַרטאָפל. עס איז אַ גאַנצער העקטאַר. "גוט, זאָגט משה־שמעון, אָבער ווער וועט אַקערן דאָס פעלד און ברענגען אין שטאָט? קיין געלט ווילט איר ניט נעמען". "וואָס קענסטו געבן אַן אַנדער זאַך?" – פרעגט דער פויער. דערמאָנט זיך משה־שמעון אַז ביי אים אין שטאַל איז דאָ אַ צענומענער וואָגן מיט רעדער. דעם גוי איז געפעלן דער געשעפט. ר' משה־שמעון זוכט גרעבערקעס. ביי אונדז און ביי אים אין שטוב, זענען דאָ פרויען. זיי זאָגן, איידער

גיין צום גזלן (דייטשן) אַרבעטן, וועלן מיר בעסער גיין אויסגראָבן די קאַרטאָפל.

דער פויער פירט אונדז אַלעמען אַוועק אין האַראָדישטשע, און ברענגט מיט זיין פור די גאַנצע קאַרטאָפל. ביי משה־שמעונען אין שטוב קלייבן מיר פונאַנדער די קליינע פאַר די בהמות, די גרויסע צום עסן. ביי נח׳ן אין הויף האָט מען אויסגעגראָבן אַ גרוב און צוגעדעקט מיט ערד. אין אַ האַלב יאָר אַרום, זייענדיק ביי די רימאַרעס, האָבן מיר ניט געהאַט צופיל צו עסן. האָב איך דערמאָנט יוספן, אַז עס שטייט די גרוב קאַרטאָפל ניט קיין געעפנטע. די רימאַרעס האָבן דערציילט אַ דייטש פון זשאַנדאַרמעריע, אַן עלטערער מענטש. ער האָט מסכים געווען אַכטונג געבן, אַז די פּאָליציי זאָל ניט שטערן ביים אַרויסנעמען די קאַרטאָפל. מיר האָבן געדונגען אַ שליטן און אַריבערגעפירט די גאַנצע קאַרטאָפל צו די רימאַרעס. מיר האָבן זיי ניט אויסגעניצט אינגאַנצן און איבערגעלאָזן נאָך אונדזער אַנטלויפן אין וואַלד.

## פורים תש״ב

די דריטע אקציע 3.3.1942

דער זייגער האָט געשלאָגן פיר (פאַרטאָג). מיר הערן עס רודערט זיך אין דרויסן. בלויז געציילטע מינוטן זענען אַריבער. מען קלאַפּט אין טיר, אין די פענצטער. צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן הייסן זיך גיך אָנטאָן, נעמען עסן. מען פאָרט אַרבעטן.

אין דרויסן שטייען 5 דייטשן מיט ביקסן אין די הענט און ווייזן דעם וועג צום לאַסט־אויטאָ, וועלכער שטייט נעבן טראָטואַר. שווער זיך צו אָריענטירן, וואָס וויל מען פון אונדז. שוין איבער אַ האַלב יאָר ווי עס איז שטיל אין ווילייקע און דאָ פּלוצלונג עפּעס נייעס. די פרויען אין שטוב טרייבן אונטער איינע די צווייטע און דערביי רעדן זיי, ווי צו זיך אַליין: עס זאָל נאָר אויסגיין צום גוטן.

די פּאָליציאַנטן האַלטן רשימות און זוכן לויט זיי די מענטשן. זיי דראָען די שכנים, אַז זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די, וועלכע זענען ניטאָ.

איך גיי מיט מיין עלטערער שוועסטער און פאָטער. מיין מוטער און יינגערע שוועסטער זענען אַוועק מיט דער צווייטער אַקציע.

אין אויטא

אין געציילטע מינוטן ווערט דער אויטאָ פול. דאָ זענען כמעט אַלע פון אונדזער גאַס: איטקע – ברײַנע נח׳ס, לאה גורביץ, העניע, שימקע. משה־שמעון האַלט אין איין איבערחזרן ״שמע ישראל״. ער פילט, ווייזט אויס, אַז דאָס זענען זיינע לעצטע מינוטן, דעריבער דאַרף מען אַריינכאַפּן און תפילה־טאָן. דער אויטאָ איז איבערגעדעקט מיט אַ ברעזענט. מיר זענען אינעווייניק אויפגעפרעסט. מען שפירט קיינעם ניט, בלויז פון צייט צו צייט פילן מיר די קלעפּ אין קאָפּ, פון אַ דייטש, וועלכער זיצט אין דער הייך און שלאָגט איבער די קעפּ מיט אַ פלאָקן. ווייזט אויס, אַז כדי צו צעברעכן די מאָראַל ביי די מענטשן און כדי עס זאָל זיי זיין לייכטער דער וועג צום אומקום, האָבן זיי זיך באַנוצט מיט די אַלטע אויסגעפּרובטע מיטלען.

מען פירט אונדז אין דער ריכטונג צו דער טורמע.

דער ערשטער ווידערשטאנד

די ברידער אַלפּעראָוויטש, קאָפּלס קינדער: אהרן און הירשקע, האָבן געאַרבעט אַלס פאַך־אַרבעטער, אין איידלמאַנס טאַרטאַק. די פאַרוואַלטונג פון מיל און טאַרטאַק האָט געזאָרגט פאַר זיי, אַז זיי זאָלן האָבן שיינען און קומען צו דער אַרבעט. די ברידער האָבן באַצייטנס דערקענט די נייע בעלי־בתים און געוווּסט אויף וואָס זיי זענען פעיק. זיי האָבן דורך די קריסטן, וועלכע פלעגן קומען אין טאַרטאַק, אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט די יידן אין אַנדערע שטעטלעך. זיי פלעגן האַלטן אין איין טענהן, אַז מען טאָר ניט גיין ״כצאן לטבח״. מיר זענען במילא פאַרמשפּט צום טויט. ווען פורים פאַרטאָג האָבן די פּאָליציאַנטן אָנגעקלאַפּט ביי די אַלפּעראָוויטשעס אין הויז, און געהייסן זיך אָנטאָן און מיטנעמען עסן, ווייל מען פאָרט צו דער אַרבעט, האָבן די ברידער געפרעגט, נאָכוואָס האָבן מיר צו פאָרן אַרבעטן אַנדערשוווּ? מיר אַרבעטן דאָך אין טאַרטאַק און מיר האָבן שיינען. ווען די דייטשישע קוליגאַנעס האָבן זיך פונאַנדערגעשריען און מיט די ביקסן אָנגעהויבן טרייבן צום אויטאָ, האָבן די ברידער ניט געקלערט קיין סך. יעדער האָט געכאַפּט זיינע צוגעגרייטע כלים, איינער אַ האַק, דער צווייטער אַ לאָם, און האָבן אָנגעהויבן שלאָגן די דייטשן. אין טומל זענען אָנגעלאָפן נאָך דייטשן און מיט געווער אין די הענט געשאָסן אין די ברידער. אין אַ גוססדיקן צושטאַנד האָבן די דייטשן זיי אַריינגעוואָרפן אין אונדזער לאַסט־אויטאָ, מיטנעמענדיק זיי מיט אונדז.

אין טורמע אויפן הויף, ווו מען האָט אונדז געבראַכט, האָט מען זיי אַראָפּגענומען פון אויטאָ און אַוועקגעטראָגן אין דעם פאָרויס צוגעגרייטן קבר. זיי האָבן די ערשטע באַנייט דעם אָפענעם ברודער־קבר. אָבער זייער ווונש איז דערפילט געוואָרן. זיי זענען ניט געגאַנגען ״כצאן לטבח״. די פּוילישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן איבערגעגעבן וועגן זייער ווידערשטאַנד, האָבן ניט געקענט זיך אָפּוווּנדערן פון זייער העלדישקייט און מוט. ערע זייער אָנדענק!

אין טורמע אויפן הויף

דער בנין פון קרייז־געריכט געפינט זיך נעבן דער טורמע. דאָרט איז דאָ אַ גרויסער גאַראַזש פון אויטאָס, וועלכן די

סאָוויעטן האָבן אויפגעשטעלט. אין דעם גאַראַזש האָט מען אונדז געבראַכט. מיר האָבן דאָ געטראָפן כמעט אַלע איבער־געבליבענע ווילייקער. אין דער גרויסער האַלע פון גאַראַזש שטייט אַ טיש, ביי וועלכן עס זיצט גראַווע דער ס.־ס.־מאַן און בעט די שיינען. די אַנדערע שטייען ביי די ווענט און טירן מיט די ביקסן אין די הענט, גרייט אויף אַלץ. איין דייטש שרייט, מען זאָל אָפּגעבן געלט, רינגעלעך, זייגערלעך, אויער־רינגלעך, און בראַסלעטן. די קופּע אָפּגעגעבענע געלט און שמוק האַלט אין איין וואַקסן אויפן טיש. איך גיב אָפּ מיין שיין. גראַווע קאָנטראָלירט אים גוט און ווייזט מיר אָן אויף לינקס. אַ צווייטער דייטש פירט מיר אַריין אין אַ קליינע האַלע אין זעלביקן גאַראַזש. דאָרט טרעף איך די רימאַרעס מיט די פאַמיליעס, 5 ווילנער בחורים, צווישן זיי מולער פון שניפּישאָק, מולקע ווייסמאַן, דער אַלטער ר׳ לייב מאַלאַש־קעוויטש און זיין פרוי, חיה־גיטה, זונדל דער מילנער מיט זייער זון, יוסף שמוקלער און מיין קוזין יוסף נאָרמאַן.

איך קען ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס זענען מיר אַזוי נאַאיוו געווען און ניט פאַרשטאַנען, וואָס מען וויל טאָן מיט אונדז. נעכטן אין אָוונט איז געקומען אונדזער געוועזענער אַרבעטער אָזשעקאָווסקי (אַ קריסט) און איינגערוימט אַ סוד דעם טאַטן, אַז מאָרגן גרייט מען זיך אויסצוהרגענען אַלע איבערגע־בליבענע יידן אין ווילייקע. איך געדענק, ווי דער טאַטע האָט צו מיר געזאָגט: ״ווייזט אויס, אַז דער גוי איז געקומען ירשנען אונדז ביים לעבן״.

דער ברודער־קבר

הינטער דער וואַנט פון טורמע, נעבן דעם גאַראַזש, איז פאַראַן אַ גרויסע גרוב מיט אַ ברעט צוגעדעקט. אַהער פירט מען אַרויס גרופּנווייז צו פינף מאַן. מען שיסט אין זיי און מען וואַרפט זיי אַריין אין גרוב. איך פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס האָבן מיר ניט געהערט, ווי מען פלעגט צעשיסן אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע. סך־הכל איז עס געווען געציילטע מעטערס פון אונדזער צימער. איינמאָל אַ זייגער 11 אין דער פרי האָבן מיר געהערט אַ שטאַרקן אויפרייס.

דער געראַטעוועטער

איין בלוטיקער עדות האָט זיך געראַטעוועט ממש פון גרוב. באָרשיי, דער גלאָז־קרעמער, האָט באַקומען אַ קויל אין האַלדז און איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן מיט אַלע דערשאָסענע אין גרוב. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרחלשטקייט און דערשפּירט, אַז ער לעבט און געפינט זיך אַ צונויפגע־דריקטער צווישן זיינע דערשאָסענע ברידער, איז ער געבליבן ליגן, ביז עס איז פינצטער געוואָרן, אַרויסגעשלייכט זיך פון ברודער־קבר, אָפּווישנדיק פון זיך דאָס אייגן און פרעמד בלוט. ער איז אַנטלאָפן אַ לעבעדיקער מת קיין קורעניץ.

וואָס באָרשיי האָט איבערגעלעבט אין די געציילטע שעהן, ליגנדיק אַלס אַ הרוג צווישן זיינע ברידער און פילנדיק די גסיסה־מינוטן פון די לעבעדיקע, דאָס ווייס נאָר באָרשיי אַליין. ניט אומזיסט פלעגט מען זאָגן אין ווילייקע און אַרום, אַז באָרשיי וועט אַ צווייטן מאָל ניט שטאַרבן. ער איז אַנטלאָפן קיין קורעניץ. אין אַ קורצע צייט אַרום איז ער געקומען, אַלס קורעניצער אַרבעטען אין ווילייקע ביים געביטס־קאָמיסאַר. ווען ער איז געקומען אונדז באַזוכן ביי מאַלאַשקעוויטשן אין ווינונג, האָט ער אַזוי פיל געוויינט, און האַרציק זיך געקושט, זאָגנדיק, אַז ער ברענגט אַן אמתן גרוס פון אונדזערע בעסטע און טייערסטע פון יענער וועלט.

עלף אַ זייגער ביינאַכט

עס קומט אַריין אַ ס.־ס.־מאַן און פירט אונדז צוריק אין דער גרויסער האַלע פון גאַראַזש. איצטער איז דאָ גערוים. איך זוך דעם טאַטן, די שוועסטער. זיי זענען ניטאָ. אָט זע איך מנוחה מעלצער מיט אַזאַ שאַרפן קוק. אונדז פירט מען צו צום טיש אין מיטן האַלע. עס ליגט אויף אים אָנגעלייגט אַלע גאָלדזאַכן. מען הייסט אונדז נעמען אונדזערע זייגערס, וועלכע מיר האָבן דאָ איבערגעלאָזן אין דער פרי. איך גיב אַ סימן אויפן טאַטנס זייגער, איך וויל האָבן אַן אָנדענקונג פון אים. ער געפינט אים גלייך און גיט מיר אים אָפּ. אָט זע איך נאָך געציילטע פרויען. איך קען ניט פאַרגעסן דעם שאַרפן קוק פון מנוחהס אויגן. אָט זע איך ווי איר מיידעלע האָט זיך געבעטן אין דער פרי ביי דעם דייטש אַז ער זאָל איר ערלויבן צוגיין אין גאַראַזש אין אַ ווינקל עפּעס טאָן. איך זע, ווי ער האָט געכאַפּט דעם רעוואָלווער און דוקא געוואָלט די פאַר־פלוכטע יודין דערהרגענען.

אָט שטייט סלאַווע קראָמניק ביי דער זייט פון איר פאַראַ־ליזירטער טאָכטער. עס שיינט אַרויס דער ווייסער ליילאַך אויף דעם בעט, וווּ עס ליגט איר טאָכטער אין דעם גאַראַזש.

העניע קאָפּעלאָוויטש גייט צו צו מיר און זאָגט, אויב דו וועסט איבערלעבן די צרות און די רוצחים, געדענק איבער־געבן אַ גרוס, דעם לעצטן לעבנס־גרוס מיין זון ניאַניע.

פאַר מיינע 15 יאָר זענען די איבערלעבונגען צו שטאַרקע. איך זוך און טראַכט, וועלכע מינוט האָב איך געזען מיין טאַטן, מיין שוועסטער.

איך זע ווי עס שטייען געציילטע פרויען. מען האָט זיי היינט ניט באַוויזן צו דערמאָרדן, זיי וואַרטן אויף זייער טויט אויף מאָרגן. איך זע יוספס שוועגערן מיט אַ קינד אויף דער האַנט. איך קלער בלויז, ווי אַזוי קען מען זיי ראַטעווען, בלויז אַ נס. דער שומר אונדזערער, דער ס.־ס.־מאַן, טרייבט אונדז פאָרויס גיכער, גיכער.

אהיים

מען האָט אונדז די איבערגעלאָזענע געקרוינט מיט אַ נייען נאָמען ״פאַך־אַרבעטער״, וועלכע דאַרפן העלפן בויען דאָס

רייך. און אַלס נוצלעכע יידן דאַרפן מיר זיין איבערגעגעבן דער אַרבעט. דערמיט וועלן מיר אויסקויפן אונדזער לעבן. מיט דער בשׂורה פירט אונדז דער ס.־ס.־מאַן אַ היים.

מיר גייען ווי נאָך אַ לוויה אַ היים. איך גיי צוזאַמען מיט יוספן. דער עכאָ פון אונדזערע טריט קלינגט אָפּ אין קאָפּ און מיר דוכט זיך, אַז איך זע מיין טאַטנס שאָטן גייט מיר נאָך. ער הערט מיינע טריט און איך הער זיין שטים: ״מוליע! זיי געשטאַרקט. דו מוזט זיי אַריבערלעבן. זאָל בלייבן איין אָנדענק פון אונדזער משפחה״.

דער ס.־ס.־מאַן זאָגט צו מיר און יוספן: עס וואָלט זיין גוט, אַז איר זאָלט זיך איינקוואַרטירן אין איין וווינונג, צוזאַמען איז היימלעכער. איך קלער, אַז דער דייטש האָט רעכט. די שטוב איז פאַרשלאָסן, די טירן צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעס. איך גיי צו יוספן אין שטוב, אַ פּוסטקייט, אַן אומעט. ווער קען גיין שלאָפן. מיר וועלן שוין איבערזיצן די נאַכט. עפּעס אַ מורא שלאָגט פון די ווענט. עס ווילט זיך זיין צווישן יידן, מיט זיי איז אַלץ לייכטער. איך האָב מורא פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. מען וועט דאַרפן באַשליסן, וווהין צו גיין און וואָס צו טאָן. איך שטעל זיך ניט פאָר, ווי קען מען באַשליסן זאַכן אַליין, אָן די עלטערן.

די רימאַרעס

ווי ריכטיק זענען די ווערטער פון אונדזערע חכמים: ״הכל תלוי במזל, אפילו ספר־תורה שבהיכל״. איך טראַכט עס שטענדיק וועגן די רימאַרעס. די מזלדיקסטע משפחה אין ווילייקע זענען זיי געווען. פון ערשטן טאָג אָן זענען זיי געוואָרן מיוחסים ביי די דייטשן און ביי די פויערים. מען פלעגט ביי זיי אָפּקלאַפּן די שוועלן. אַז ביים געביטס־קאָמיסאַר דאַרף מען פאַרריכטן די געזעסן אין די אויטאָס, ברעזענטן, אָדער פאַריכטן די לעדערנע אָנגעראַבירטע מאַנטלען, וועמען זוכן זיי? די רימאַרעס, אַלץ מאַכן זיי. די דייטשן פלעגן זיי צוואַרפן פון צייט צו צייט בלויז אַ שטיקל ברויט, אָבער די פויערים פלעגן צאָלן מיט מעל, קאַרטאָפל, ברויט און אפילו פּוטער פאַר יעדער קלייניקייט. אַז די בעקעריי ביי נאָרמאַנען איז חרוב געוואָרן, איז געוואָרן דער אַדרעס פון יידן אין ווילייקע, ביי די רימאַרעס. די פינף ברידער האָבן באמת שווער געאַרבעט, און געפילט פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַרן כלל. זיי האָבן געהאָלפן יעדן, ווער עס האָט זיך צו זיי געווענדעט. ווען שושן־פּורים אין דער פרי, נאָך אַ שווערער נאַכט פון איבערלעבענישן און וואַכקייט, זענען מיר אַלע איבערגעלאָזענע, זיך צונויפגעקומען צו די רימאַרעס, געמאַכט אונדזער סך־הכל פון אַלע ווילייקער איבערגעבליבענע יידן, האָט די ציילונג לאַנג ניט געדויערט. אינגאַנצן זענען מיר געבליבן 29 נפשות, צווישן זיי 10 קינדער – איינציקע אָפּגעריסענע צווייגן פון געוועזענע פאַרצווייגטע משפחות.

די גראַטעווועטע

ביי די רימאַרעס האָט מען שוין געוווּסט דעם סוד, אַז נח נאָרמאַן מיט זיין פרוי העניע און בתיה די הינקענדיקע, האָבן זיך גראַטעווועט און אַנטלאָפן אין דאָרף נייקע.

ביי נח׳ן אין הויז האָט געוווינט אַ ״וואָסטאָטשניק״ מיט זיין פרוי. נח האָט פאַרנומען די דירה פון הויף־זייט. ווען די פּאָליציי האָט אָנגעקלאַפּט אין הויז, האָט דער קריסטלעכער שכן געזאָגט, אַז דאָ וווינט אַ קריסט. די דייטשן האָבן אַזוי אַרום אויסגעמיטן דאָס הויז. אין דער זעלבער צייט זענען נח מיט העניע׳ן און בתיה׳ן געלעגן אין קעלער, על כל צרה שלא תבוא און אויסגעמיטן די אַקציע. דעם זעלביקן אָוונט זענען זיי אַנטלאָפן קיין נייקע צו באַקאַנטע. איך מיט יוסף נאָרמאַן זענען געשטאַנען די גאַנצע צייט מיט זיי אין קאָנטאַקט. מיר פלעגן זיי צושיקן דורך באַקאַנטע קריסטן זאַכן און עסנוואַרג, ביז מיר אַליין, זענען אַנטלאָפן אין פּאַרטיזאַנקע. דאָרט האָבן מיר פאַרלאָרן דעם קאָנטאַקט מיט זיי. מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז די נייקער פויערים האָבן זיי דערהרגעט אין יאָר 1943. דאָס לעצטע יידישע הויז אויף פּילסודסקער גאַס, פון וואַנען מען האָט גענומען יידן, איז געווען קאָפּל אַלפּעראָוויטשעס שטוב. די יידישע איינוווינער, וועלכע האָבן געוווינט נעבן באַן, האָט מען ניט גערירט. אגב, דאָרט איז שוין קיין איין ייד ניט געווען; – זיי זענען זיך צעלאָפן, ווער קיין קורעניץ און ווער קיין נייקע.

נייע פּאַכן

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, ביז דאָס הייפל איבערגעבליבענע האָבן זיך צעטיילט מיט דער אַרבעט אין שטאָט. אַזוי האָב איך און מולע ווייסמאַן זיך איינגעאָרדנט אַלס געהילפן ביי די רימאָרעס. יוסף איז אַוועק אַלס דרוקער אין דער דרוקעריי, וועלכע איז געווען ביים געביטס קאָמיסאַר אין הויז. דער אַלטער מאַלאַשקעוויטש האָט אויסגעאַרבעט זייף און ליכט. שמוקלער איז געוואָרן אַ גלעזער. חיה־גיטעס מאַן האָט געאַרבעט אויף דובינס טאַרטאַק.

די רויכערדיקע גרוב

פיר אַזייגער פאַרנאַכט, איז שרה־חנה, מענדל דעם בלעכערס פרוי, געקומען צו אונדז, ביי די רימאַרעס, טרעפן לעבנגעבליבענע ווילייקער יידן. זי ווייס אַליין ניט, פאַרוואָס האָבן די רוצחים אויסגעמיטן זייער הויז. די גויים, זייערע שכנים, האָבן באַמערקט, אַז שרה־חנה מיטן מאַן האָבן די דייטשן ניט צוגענומען, האָבן זיי גלייך געמסרט אין געסטאַפּאָ, און ווען זי איז נאָך געווען ביי אונדז, זענען געקומען ס.־ס.־לייט און צוגענומען איר מאַן, מענדל דעם בלעכער, פון זיין הויז.

ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ שינעל. מיר האָבן דורכן פענצטער געזען, ווי מען האָט אים אַוועקגעפירט צום גרוב,

נעבן דער טורמע און דאָרט דערשאָסן. מיר האָבן זיך געבעטן ביי שרה־חנה׳ן זי זאָל בלייבן ביי אונדז. זי האָט אָבער בשום אופן ניט געוואָלט הערן. זי האָט באַשלאָסן צו גיין אין דעם זעלביקן וועג, ווו איר מאַן איז געפירט געוואָרן און זי איז אוועק.

מיר האָבן געזען דורכן פענצטער דעם הינטערשטן טייל פון דער טורמע און די גרוב, וועלכע האָט זיך די גאַנצע צייט געריוכערט. דער ריח פון געסמאָליעטע פלייש האָט געריסן דעם נאָז. מיר האָבן געזען, ווי שרה־חנה איז דער־שאָסן און אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דער ברענענדיקער, רויכערנדיקער גרוב. אין אָט דער גרוב פלעגט מען טעגליך ברענגען 5–6 יידן, זיי דערשיסן, און דערנאָך פאַרברענען.

אויף מאָרגן, נאָך דער אַקציע, איז דער ריח געווען ניט אויסצוהאַלטן.

### נייע דירות

איך מיט מיין פריינט יוסף, האָבן באַשלאָסן איבערגיין וווינען צו מאַלאַשקעוויטשן. די רימעריי איז שוין לאַנג אַריבער אין אַ צווייטן אָרט, ביי לאַמפּערטן אין שטוב, וועלכע איז גע־שטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון ס.ס.

מיר האָבן פאַרריכט די טירן און פענצטער פון באָד און איינגעאָרדנט דאָרט אַ "מלינה", אַ באַהעלטעניש אין פאַל פון אַן אַקציע. אין די אָוונטן קומען מיר צו מאַלאַשקעוויטשן. דאָס פענצטער האַלטן מיר אָפן. עס גייט אַרויס אין גאָרטן. פון דאָרט איז אָפן דער וועג גלייך אין מרחק. מיר זיצן האַלבע נעכט, ביים אָפענעם פענצטער, ריכטנדיק זיך אויף דאָס ערגסטע. מיר זענען שטענדיק גרייט.

### דער ברודער־קבר

מיר אַרבעטן ביי לאַמפּערטן אין שטוב רימעריי. מען ברענגט אַ סך באַשטעלונגען און מיר גיבן אַרויס אין משך פון טאָג אַרבעט. אַלע אונדזערע מחשבות זענען געצילט אַהין, צום גרוב אויפן הויף פון טורמע. מען ברענגט ידיעות פון דאָרט, אַז יידן אויסבאַהאַלטענע פון גאַנצן קרייז ברענגט מען אַהין און דאָרט דערמאָרדעט מען זיי. אין וואַלד האָט מען געכאַפּט אַ קורעניצער משפחה, 6 נפשות, געבראַכט אין טורמע און דערשאָסן אין גרוב. אַ 11 יאָריקער יינגל פון דער משפחה האָט באַקומען אַ קויל אין אויער, און אַ צווייטע קויל אין פנים און איז געפאַלן אין גרוב אַ פאַרוווּנדעטער אָן באַוווּסט־זיין. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער דערפילט, ווי מען שלעפּט אַראָפּ די שיך מיט די קאַלאָשן פון די פיס. ווען עס איז פינצטער געוואָרן, איז ער אַרויס פון גרוב און אַנטלאָפן. ביינאַכט איז ער אָנגעקומען צו אונדז. ביי מאַלאַשקעוויטשן אין דירה האָבן מיר אים געהאַלטן בגניבה, געבראַכט צו אים מיקוליטש דעם פעלדשער, וועלכער האָט אים אַ לענגערע צייט געהיילט. ביז עס איז געקומען אַ קריסט, געשיקט פון זיינעם אַ קרוב, ביי די פאַרטיזאַנער און אים אַריבערגעפירט צום קרוב אין וואַלד.

### זאַלץ

ביי איטשע־מענדל גורוויטש אויפן הויף האָבן די סאָוויעטן איבערגעלאָזן אַ וואַגאָן זאַלץ. איך ווייס ניט ווי אַזוי איז איבערגעבליבן די זאַלץ און די גויים האָבן עס ניט צוגע־רויבט. היות אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ, איז ניט געווען ווייט, פלעגן מיר זיין אָפטע געסט אין הויף, און יעדעס מאָל צו־שלעפּן אַביסל זאַלץ, פאַרקויפן און דערפון געהאַט צום לעבן. ביי אונדז אין שטוב, אין קעלער, איז געווען אַ פאַרלאָזענער אויוון פון דער בעקעריי. אין דעם אויוון, האָט דער טאַטע פאַרבאַהאַלטן אונדזערע זאַכן, פאַרמויערט מיט ציגל דעם עפענונג. איצטער גיי איך מיט יוסףן, פון צייט צו צייט אַהין ביינאַכט. מיר גנבנען זיך אַריין אין קעלער און נעמען אַרויס אַ ביסל זאַכן צו פאַרקויפן אָדער פאַרטיילן.

### אַ קעסטל זייף

איך האָרעווע זיך ניט איבער ביי די רימאַרעס. אמת, איך העלף צו ביי דער אַרבעט. איך האָב גענוג צייט צו טראַכטן און זוכן אַ פּאָר גילדן, כדי קענען זיך איינשאַפן געווער. דאָס זיין ביי די רימאַרעס, אויף זייער קעסט, איז גאָרניט אָנגענעם. איך דערמאָן זיך, אַז ביי אונדז אויפן הויף איז דאָ באַגראָבן אַ קעסטל זייף "שיכט". אַ גוט שטיקל זייף קען מען פאַר קיין געלט ניט באַקומען. מאַלאַשקעוויטשעס זייף, אויס־געאַרבעטע פון געפּגר׳טע הינט און קעץ האָט אַ טעם און ריח פון אַ פּגר. איך רעד אָפּ מיט יוסףן, אַז זונטאָג, ווען די ערלים גייען אַוועק אין קלויסטער, וועלן מיר זיך צוכאַפּן אויפן הויף, אַרויסגראָבן און ברענגען אַ היים צו די רימאַרעס. גלייך זונטאָג גנבנען מיר זיך צו צום הויף, גראָבן אויס דעם קאַסטן, לייגן איבער די זייף אין 2 זעקלעך, און טראָגן זיך אָפּ. מיר גייען דורך די גערטנער. נעבן פלעסניאַנקע פאַרהאַלטן אונדז 2 פּאָליציאַנטן. שקצימלעך האָבן אונדז באַמערקט גראָבנדיק, האָבן זיי געמסרט דער פּאָליציי. יוסף גייט פאָרויס, איך פון הינטן. איך טראָג אַ פּאָר נייע שטיוול מיט קאַלאָשן. טאָמער דאַרף מען אַנטלויפן, זאָל איך זיין גרייט לפּחות מיט גוטע שטיוול. דער פּאָליציאַנט פירט מיך אַריין אין דער רואינירטער צוקערניע פון מיכל קאַפּעלאָוויטש, און הייסט מיר אויסטאָן די שטיוול. ניטאָ קיין ברירה. איך טו אָן זיינע שיך, ליטווישע אויסאַרבעטונג. עס האָט אים שוין געלוינט. איך קום אין דער פּאָליציי, יוסף רעדט מיטן פּאָליציאַנט. זיי וואַרטן אויף אונדז. יוסף באַמערקט שוין אויפן פּאָלי־ציאַנטס פיס מיינע נייע שטיוול. ער זאָגט גלייך צו מיין פּאָליציאַנט: "וואָס מיינסטו, די דייטשן וועלן דיר געבן אַ דאַנק, אויב דו וועסט זיי ברענגען גוטע זייף? נעמט צו

פאַר זיך און דערפאַר לאָזט אונדז גיין אַ היים. מיר זאָגן צו, אַז מיר וועלן קיינעם ניט דערציילן". זיי האָבן זיך איבערגעקוקט. עס איז זיי געפעלן דאָס געשעפט. "גייט אַ היים", זאָגן זיי, "אָבער האַלט די צונג". מיר זענען ווידער ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. אַז מיר זענען אָנגעקומען צו די רימאַרעס, איז די שמחה געווען גרויס. זיי האָבן שוין געוווּסט וועגן אונדזער אַרעסט און אָפּגעקלאָגט אונדז באַצייטנס.

### דער אדרעסן־צענטער

איך ווייס ניט, ווי אַזוי האָבן אַלע איבערגעבליבענע יידן פון ווילייקע און געגנט זיך דערוווּסט אונדזער אַדרעס. עס האָבן דאָך געלעבט אין ווילייקע די רימאַרעס, חיה־גיטע מיט איר פאַמיליע, מאַלאַשקעוויטש, שמוקלער, און ווייסמאַן. צו קיינעם שרייבט מען ניט. איך מיט יוספן נאָך קיין פולע 18 יאָר האָבן מיר נאָך ניט; דאָך באַקומען דוקא מיר בריוועלעך, פון וויינערס איידעם, אַז מיר זאָלן גיין צו זיי אין קעלער אַרויסגראָבן זאַכן און אָפּשיקן דורך אַ קריסט. פון יענטעצקע די פאַנאַטשיטשער, פון פעטער נח, דעם ווייסינקער'ס שוועגערין און נאָך אַנדערע. אַלע מיט דעם זעלביקן נוסח. די גויים ווילן אונדז ניט האַלטן, שיקט אונדז לעדער, שטאָפּן, זאַכן, אָבער ווו נעמט מען די שטאָפּן? אין ווילייקע האָבן יידן געלאָזן גענוג, גיי איבער די קעלערס און נעם. מיר האָבן שוין אַרויסגעשלעפּט ביי אונדז פון קעלער און פון אויוון אַלץ. און פונאַנדערגעשיקט, קיין איין בקשה ניט געלאָזן אָן אַ תשובה, נאָר עס איז אַלץ ווייניק. אַודאי, פאַר די גויים איז ניט גענוג. אויב נאָר זיי שפּירן אַז עפּעס איז ערגעץ ווו איבערגעבליבן. מיר וווּנדערן זיך, ווי אַלע ווייסן גענוי נאָר אונדזער אַדרעס. עס פאַרדריסט אַמאָל, פאַרוואָס שרייבן זיי מיט אַזאַ טאָן. ווייסן זיי דען ניט, אַז מיר זענען ניט אויף דער פריי? מיר זענען איינמאָל אַוועק צו יוספן אין שטאַל דאָרט איז געווען באַגראָבן אין אַ גרוב זאַכן. מיר האָבן זיך אַריינגעגנבעט אינעווייניק און אָנגעהויבן גראָבן. עס איז געווען אַ זייגער 8 אין אָוונט. אין מיטן דער אַרבעט, עס פאַלט אַ ציגל אין טיר פון שטאַל. מיר זענען געבליבן וואַרטן. מיר האָבן שוין פאַרשפּאָרט צו גראָבן. מיר זענען אָבער געווען גרייט אויף דאָס ערגסטע. ווייזט זיך אויס, אַז פון דרויסן האָבן זיי זיך געשראָקן ניט ווייניקער פאַר אונדז. גיי דערצייל זיי, אַז ניט איינמאָל האָט מען מיר פאַרהאַלטן גייענדיק אין זייערע שליחותן. איך האָב זיך אַרויסגעדרייט, ווייל דער תירוץ, וואָס איז פאָרויס צוגעטראַכט און צוגעגרייט געוואָרן, האָט געהאָלטן. מיר זענען דער אַדרעסן־צענטער פאַר ווילייקער אויסבאַהאַלטענע יידן אין שטאָט און אין דאָרף.

### און אויפגעהאנגענער — על דאטפת...

די גויים גייען נאָך די דייטשן. ווען די רוצחים כאַפּן יידן, אָדער פירן דורך אַקציעס, קומען גלייך די קריסטן און צעראַבירן די הייזער. אַזוי האָט פּעטראָווסקי, דער פורמאַן, צוגענומען נאָך דעם זעלביקן טאָג, אונדזער קו.

ווען אַ ס.־ס.־מאַן איז געגאַנגען רויבן יידישע הייזער, האָט ער צופעליק געטראָפן דאָרט אַ קריסט, וועלכער האָט געטאָן דאָס זעלביקע. ער האָט דעם קריסט גלייך אַרעסטירט, דורכגעפירט אַ מיליטערישן משפט און אויפגעהאָנגען אים אויף אַן עלעקטרישן סלופּ, למען ישמעו וייראו.

פינף מעת־לעת, איז געהאָנגען דער קערפּער אויפן מאַרק, כדי צו באַווייזן דער באַפעלקערונג, וואָס באַקומט מען פאַרן רויבן דאָס פאַרמעגן פון דער ווערמאַכט.

### פ.ז.א. לאגער

ניט ווייט פון שעכטהויז האָבן די סאָוויעטן אויפגעשטעלט אַ הילצערנעם באַראַק, וועלכער האָט געדינט אַלס שולע און קינדער־היים פאַר קינדער פון אַרבעטער. דער באַראַק איז געשטאַנען אַ רואינירטער. די טירן אַרויסגעריסן, די אויוונס צעבראָכן. די דייטשן האָבן דאָרט איינקוואַרטירט אויף מאָרגן נאָך דער דריטער אַקציע אין ווילייקע (3.3.42) 100 קורעניצער יידן, וועלכע אַרבעטן אין ווילייקע. זייער אָנפירער, שאַץ, איז אַן עסטרייכישער ייד, וועלכער רעדט גוט דייטש. די געקומענע האָבן פאַרריכט דעם באַראַק, אויפגעשטעלט וואַרשטאַטן: אַ סטאָלעריי, שלאָסעריי, שוסטעריי, שניידעריי א. א. וו. ווייבאַלד זיי זענען אַוועק פון דער היים, פון קורעניץ און מיטגענומען זאַכן איז ניט געווען אַזוי לייכט, האָבן זיי ניט געהאַט וואָס צו בייטן אויף עסן. דאָ האָבן זיי באַקומען בלויז 200 גראַם ברויט אַ טאָג. אַ טייל האָט שטאַרק געהונגערט. מיר האָבן געהאַט מיט זיי אַ נאָענטן קאָנטאַקט. אין דער זעלביקער צייט פלעגט מען ברענגען טעגליך פון קורעניץ פרויען אויף שוואַרצע אַרבעט, ווי קערן די גאַסן פון שניי, זעגן און האַקן האָלץ, ראָמען די אָפּטרעטן. אין אָוונט פלעגן זיי זיך אומקערן אַהיים.

### ערב פסח תש"ב — 1.4.1942

עטלעכע טעג פאַר פסח האָבן מיר ביי מאַלאַשקעוויטשן געכשרט דעם אויוון און געבאַקט מצה פאַר די עטלעכע איבערגעבליבענע יידן. מיר האָבן אויך באַזאָרגט מיט מצה אַ טייל פון די לאַגער־יידן. די סדרים האָבן מיר געפּראַוועט ביי די רימאַרעס. וויין האָט אפילו אויסגעפעלט פאַר די פיר כוסות, דערפאַר האָבן מיר געהאַט מרור איבער גענוג...

### אמנין

ביי די רימאַרעס האָבן מיר באַקומען אַ צימער, ווו מיר אַלע פלעגן קומען 3 מאָל אַ טאָג דאַווענען און זאָגן קדיש.

### צינגסטאַנגס לאַגער

נעבן שטאָטישן שפּיטאָל שטייט אַ ליידיק הויז, וועלכעס „גוטע" שכנים האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ חורבה. די בעלי־בתים פון הויז זענען פאַרשיקט אין סיביר. דאָס געהילץ פון די טירן, פענצטער, פּאָדלאָגע האָבן די שכנים צעשלעפּט.

אין דעם הויז האָט שאַץ איבערגעפירט איבער 100 משפּחות פאַך־אַרבעטער, וועלכע זענען איינגעשטאַנען אין בנין פון פּ. ז. א. דער קאָנטאַקט מיט די אַלע איז זייער אַ שווערער. זיי איז ניט דערלויבט אַרויסצוגיין פון לאַגער. אַהין אין פּ. ז. א. האָט מען אַריבערגעפירט צינגסטאַנגס לאַגער. ער באַשטייט פון יונגע קינדער, עלטערע שוואַרצע אַרבעטער, אויפגעכאַפּטע און געבראַכטע פון קורעניץ, דאָלהינאָוו, סמאָרגאָן, איליע און מיאָדל. דער רוצח האַנדזעל וויל שאַפן אַ ספּאָרט־פּלאַץ און די קינדער דאַרפן עס צוגרייטן.

### בערטע פון דעם דאָרף כאַלאַפּי

עס איז מיר שווער צו באַגרייפן נאָך היינט, ווו האָט גענומען אַ געוויינלעך, יידיש דאָרפיש מיידל אַזוי פיל מוט, ענערגיע און גרייטקייט צו העלפן דעם צווייטן ביז מסירות־נפש ממש.

אינמיטן העלן טאָג איז זי געקומען צו אונדז אין וואַרשטאַט, ביי לאַמפּערטן אין הויז, אָן געלע לאַטעס, אין אַ פּעלצל ווי אַ קריסטין מיט אַ רעוואָלווער אין קעשענע און געמאָלדן, אַז זי איז געשיקט געוואָרן דורך די פּאַרטיזאַנער. אויב מיר זענען גרייט צו גיין אין וואַלד וועט זי אונדז העלפן. אַלענפאַלס, די פּאַרטיזאַנער ווילן שטיין מיט אונדז אין קאָנטאַקט.

איך מיט יוסף נאָרמאַן האָבן געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט. מיר האָבן שוין לאַנג באַשלאָסן צו אַנטלויפן אין וואַלד. עס האָט זיך בלויז געהאַנדלט ווען און ווי אַזוי? ווייל, וויפל מען קען אויסנוצן די צייט, און זיין אין שטאָט, איז אַלץ בעסער, ווי זיך וואַלגערן אין וואַלד.

### באַראַטונגען

ביי די רימאַרעס אין שטוב, איז געוואָרן לעבעדיק. טעג און נעכט איז מען געווען פאַרנומען מיט באַראַטונגען. יאָ גיין אין וואַלד, ניט גיין. מיר מיט יוספן איז גוט, מיר זענען יתומים און האָבן ניט קיין פאַמיליעס. מיר וואַרטן בלויז אויף דער פּאַסיקער צייט אַוועקצוגיין.

ר' לייב מאַלאַשקעוויטש מיט זיין פרוי האָבן אונדז קורץ און קלאָר געזאָגט: „קינדערלעך, ווער עס קען און האָט בלוט אין זיך, זעט ראַטעווען זיך. אויף אונדז קוקט ניט. ניט פאַר אונדזערע יאָרן און כוחות צו גיין אין וואַלד".

חיה־גיטעס מאַן מיטן זון האָבן באַשלאָסן ניט צו גיין. זיי ווילן נאָך צוּוואַרטן און זען וואָס וועט די צייט ווייזן. מולע ווייסמאַן גייט מיט אונדז. שמוקלער גייט אויך אַוועק, נאָר באַזונדער. ער האָט באַקאַנטע קריסטן, וועלכע שטייען מיט אים אין קאָנטאַקט. עס אַרבעט ביי אונדז אַ דאָלהינאָווער בחור, יוסף־ברוך, וועלכער געפינט זיך אין קורעניצער לאַגער. ער גייט מיט. עס האָבן זיך נאָך ניט געענדיקט די באַראַטונגען ביי די רימאַרעס, כאָטש עס זענען שוין אַריבער 2 וואָכן. בערטע איז ווידער דאָ מיט 2 אַרישע דאָקומענטן. אַ ריינע שטיקל אַרבעט. איך הייס מאַראַזאָוו. איין דאגה האָבן מיר איצטער, ווי קריגט מען געווער. איינער פון די ברידער רימאַרעס האָט באַקומען אַ גרויסן נאַגאַן (רעוואָלווער) מיט געציילטע קוילן. בערטע האָט אונדז געגעבן אַ קורצן אַדרעס, גייט גלייך, אין רוסאַקאָווער פּושטשע (וואַלד). דאָרט וועט איר אונדז טרעפן.

### ערב ראש השנה תש"ג

דער זומער האַלט ביים ענדע. מען וואַרט אויף רעגנס. ביי אונדז אין וואַרשטאַט איז פול מיט גויים. זיי האָבן אַראָפּגענומען פון די פעלדער. איצטער קומען זיי און ווילן באַקומען ביי אונדז לעדער אויף שיך, טיילן צו כאָמוטן, רימענס. זיי זענען גרייט צו צאָלן מיט תבואה, מעל, און פעטס. זיי קווילן אָן צו דערציילן וועגן געציילטע יידן, יחידים, וועלכע די דייטשן כאַפּן און דערשיסן אין טורמע אויפן הויף. מיר וואַרטן, אַז נאָך ראש־השנה וועט שוין קומען אַ ניי יאָר. זאָל מען פּטור ווערן פון די אַלטע צרות. און דאָס האַרץ קלעמט עפּעס פאַר יום־טוב. מען האָט אונדז צוגעווינטש, אַז יעדער יום־טוב מוז מיט עפּעס פאַרשטערט ווערן.

יעדער טאָג איז אַ געווונענער. מיר זענען זיכער, אַז לאַנג וועלן מיר ניט קענען בלייבן אין ווילייקע. דערווייל, אַרבעט מען אויס אין שאַצס לאַגער הילצערנע טרונעס, פאַר די געהרגעטע דייטשן דורך די פּאַרטיזאַנער.

### די אַקציע אין קורעניץ

מיטוואָך, דעם 9 סעפּטעמבער, 2 טעג פאַר ראש־השנה, הערן מיר שוין די טרויעריקע בשורה. אין קורעניץ האָט מען דורכגעפירט אַן אַקציע. אַן אויטאָ מיט יידן האָט מען געבראַכט קיין ווילייקע אויפן הויף פון טורמע. ווייזט זיך אַרויס, אַז נאָך דער שחיטה אין קורעניץ, האָט גראַוועז אויפגעזוכט 30 איבערגעבליבענע יידן און געעפנט אַ נייעם לאַגער. עס פעלט זיי אַרבעטס־הענט.

דאָס ראש־השנה־דיקע דאַווענען איז ביי אונדז ווי ביי אבלים. מיר טרויערן נאָך אונדזער שכנטע, די מזלדיקע קורעניץ. אַזוי פלעגן מיר זי רופן. מיר פלעגן זאָגן, אַז ווילייקע, צוליב דעם, וואָס זי איז אַ קרייז־שטאָט, האָט זי באַצאָלט טייער, אָבער קורעניץ איז אַ מזלדיקע. מיר זענען זיכער, אַז אונדזערע טעג זענען געציילטע. מיר זענען אָבער גרייט אויף יעדן רוף צו גיין אין וואַלד.

עס זענען אַריבער די ימים נוראים, מיט שמחת־תורה. מיר

שטייען אין קאָנטאַקט מיט די לאַגער־מענטשן. זיי האָבן אַ פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער דורך בערטען.

סוף חודש חשון (5.11.1942) איז געקומען צו גאַסט אין ווילייקע פון מינסק, קובאַ, דער אויספירער פון די יידן־אַקציעס.

### ליקווידירט צינגסטאַנגס־לאַגער

פרייטאָג־צו־נאַכט האָט מען, לויט זיין פאַראָרדנונג, אויפגענומען אַלע קינדער און עלטערע אין צינגסטאַנגס־לאַגער, אַרויפגעלאָדעט אויף אַ לאַסט־אויטאָ און אין וועלדל נעבן בית־הקברות זיי אַלע דערשאָסן. אויף מאָרגן אַ גאַנצן טאָג האָט מען געשיקט מענטשן צו פאַרברענען די קערפּערס, כדי עס זאָל ניט אויסברעכן קיין עפּידעמיע.

יוסף קומט צולויפן אין מיטן טאָג אין וואַרשטאַט און פרעגט, צי האָבן מיר געהערט די נייעס. מיר זענען גרייט אויף דאָס ערגסטע. מיר האָבן באַשלאָסן ניט גיין צו דער שחיטה מיט אונדזער אייגענעם ווילן.

### דער לעצטער באַשלוס — 12.11.42

היינטיקער טאָג האָט דעצידירט ביי די רימאַרעס. די פרויען האָבן מסכים געווען צו גיין מיט די מענער אין פּאַרטיזאַנקע. מיר זענען זייער צופרידן. זיי, די רימאַרעס, האָבן גרויסע פאַרבינדונגען מיט קריסטן. מיר רעדן אָפּ, זיך טרעפן נעבן מאַיאַק, אויפן וועג פון דאָרף סאָלאָוויטש.

עס איז היינט דאָנערשטאָג. אין אָוונט טרעפן מיר זיך אַלע ביי די רימאַרעס אין שטוב. עס איז אונדזער לעצטער אָוונט אין ווילייקע. מיר באַשליסן צו גיין איינציקווייז מיט קליינע פּעקלעך. איך מיט יוספן נעמען מיט פּעקלעך פאַר די רימאַרעס קינדער.

8 אַ זייגער אין אָוונט. איך גיי אַרויס פון הויז, שאַר זיך פאַרביי די ווענט פון די הייזער, מען זאָל ניט באַמערקן. עס איז דאָך פאַרבאָטן צו גיין אין אָוונט. אַ שכן, אַ קריסט, באַמערקט מיך. ער פאַרשטייט, אַז איך אַנטלויף. ער ווינטשט מיר אַ גליקלעכן וועג. פאַרוואָס ניט. אין עטלעכע מינוט שפּעטער וועט ער באַלעבאַטעווען אין אונדזער דירה. ער וועט געפינען גענוג, וואָס צו ירשענען פון פאַרשוווּנדענע יידן.

איך גיי אין דער ריכטונג צום מאַיאַק. דאָרט דאַרפן מיר זיך אַלע טרעפן. איך גיי גלייך אין דער ריכטונג פון דער עלעקטראָווניע צום וועג, וועלכער פירט דורך קריוואָיאַ סלאָבאָדאַ. מיר גייען אַריבער איינציקווייז, איינער הינטערן צווייטן די באַן־ליניעס, אויף אַ בערגל. פון דער צווייטער זייט איז אַ טאָל. מיר גליטשן זיך אַראָפּ אין טאָל. ווער פון די קינדער האָט געגעבן אַ געשריי. מיר הערן אַ שיסעריי פון ביקסן. מיר בלייבן רויק ליגן, כאָטש דאָס האַרץ פּויקט ווי מיט האַמערס. איך באַוועג זיך שטיל, פּאַרזיכטיק, אָבער האַסטיק. איך אייל מיך, וואָס גיכער אָוועקצוגיין פון דאַנען.

מיר טרעפן זיך אַלע ביים מאַיאַק. מיר ציילן זיך אויס, אַלע זענען דאָ. עס פעלט איינער, יעקב ברוך פון דאַלהינאָוו. מער האָבן מיר פון אים ניט געהערט.

### די סמאַליאַרניע

פון מאַיאַק גייען מיר אַלע צוזאַמען. מיר קומען אָן צו דער סמאָלאַרניע פון קאַפּלאַנס שוואָגער אין האַראָדישטשע. איך גיב דעם בעל־הבית אַ גאָלדענעם פינגער. ער גיט אונדז געקאָכטע אַרבעס און קאַרטאָפל. די סמאָלאַרניע געפינט זיך אין אַ וועלדל, דאָרט באַהאַלטן זיך אויס די פרוי פריידל קאַפּלאַן, אירע קינדער, אַ שוואָגער מיט אַ מיידעלע.

3 מעת־לעת געפינען מיר זיך אין וועלדל. אין אָוונט מאַכן מיר אַ פייער.

### אַן אַבלאַווע

אויפן דריטן טאָג הערן מיר אַ שיסעריי. ווייזט אויס, אַז מען האָט איבערגעגעבן די דייטשן, אַז פּאַרטיזאַנער געפינען זיך אין וואַלד. דער קריסט ווייזט אונדז אָן אַ פינצטער פאַרוואַקסענעם ווינקל אין וואַלד. מיר באַהאַלטן זיך דאָרט און וואַרטן אויף נסים. פּלוצלונג 4 פּאַרטיזאַנער זענען דאָ ביי אונדז. ווייזט אויס, אַז די אַבלאַווע איז צוליב זיי. מיר וואַרטן אַלע ביז אין אָוונט. איינער פון די פּאַרטיזאַנער איז וואָלינעץ פון דאָרף בילטשעוויטש, ווילייקער קרייז (שפּעטערדיקער העלד פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד).

ער לאָזט אונדז איבער אַ קורצן ביקס (אָטרעז). זיי גייען קיין מאָלאָדעטשנע, איבעררייסן די באַן־ליניעס. די רימאַרעס נעמען דעם ביקס. ער איז אונדז שפּעטער גוט צונוץ געקומען. מיר פאַרמאָגן שוין 2 כלים, אַ ביקס, און אַ נאַגאַן, וואָס יחיאל האָט געקויפט פאַר 25 רובל גאָלד ביי אַ בילטשעוויטשער גוי.

### איבער די דערפער

די נאַכט איז אונדזער שומר. מיר גייען דורכן דאָרף קאָלאָוויטש, און קומען אָן קיין בילטשעוויטש צו אַ באַקאַנטן קריסט פון די רימאַרעס. ער פירט אונדז אַריין אין שטוב, אָן מורא. מיר גיבן אים אָפּ די זאַכן און פּעקלעך, וועלכע מיר שלעפּן. די רימאַרעס בלייבן ביים קריסט. מיר גייען ווייטער, אַרום ליובאַנע אין דעם וועג פון קורעניץ דורך אַ בעריאָזענעם וועלדל. מיר ווייסן ניט, אַז מיר געפינען זיך אַ 200 מעטער פון דער ספּירט־פאַבריק. דאָרט זענען דאָ דייטשן. מיר שניידן איבער דעם בוצלאָווער וועג און גייען זייער פאַרמאַטערטע קיין אוזלע, אַ קליין דערפעלע מיט אַ גרויסע וואַסער־מיל. דובינס מילנער פירט אונדז אין מיל אויפן בוידעם, ברענגט קאַרטאָפל און מילך. דער פּלאַץ אַרום מיל איז ליידיק, ניטאָ קיין ביימער. מיר זיצן אויפן בוידעם אַ גאַנצן טאָג. אין אָוונט

גייען מיר דורך אַ דאָרף. פּאַרטיזאַנער זענען דאָ. מען לאָזט אונדז ניט גיין ווייטער און זיך ניט אומקערן. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געבליבן אין דאָרף ביזן סוף פון זייער אַקציע. דער פאַראַנטוואָרטליכער פאַר דער אַקציע, איז געווען אַ ייִד, מיטן נאָמען סוגאַלסקי. מיר האָבן אים געבעטן, אַז מען זאָל אונדז אָננעמען אַלס פּאַרטיזאַנער, האָט ער ניט געוואָלט אפילו הערן. אין דאָרף האָבן מיר געפונען דוד אַלפּעראָוויטש פון קורעניץ, אַ טעכניקער, סאָניע פּיאַסטונאָוויטש פון ווי־לייקע, און וויכנע פון דאַלהינאָוו. זיי זענען מיטגעגאַנגען מיט אונדז. מיר גייען צוזאַמען צו די רוסאָקאָווער פּושטשעס.

די פרויען פון די רימאַרעס זענען געבוירן געוואָרן אין זיידנע העמדער. זיי קענען ניט ליידן דאָס וואַלגערן זיך אין די וועלדער. אויפן 3־טן טאָג האָבן זיי באַשלאָסן אַז דער וואַלד איז ניט פאַר זיי, כאָטש די קינדער זענען גאָרניט אַזוי צופּיעשטשעט. זיי האָבן געשיקט איינעם פון די ברידער קיין ווילייקע צו די דייטשן בעטן אַ דערלויבעניש זיך אומצוקערן. זיי האָבן זיך אומגעקערט מיט די פאַמיליעס קיין ווילייקע. מיר האָבן זיי ניט געקענט און געוואָלט מוחל זיין פאַר זייער טאַט.

### פויערן — גוטע פריינט

אונדזער גרופּע ציילט 7 מאַן, 5 מענער און 2 פרויען. מיר האָבן אַ ביקס. אין אַ געוויסן דאָרף נעמען מיר אַ פערד מיט אַ וואָגן און מיר פאָרן ביז לאַהויסק, נעבן פלעשטשיניעץ, ביי דער אַלטער, רוסישער גרענעץ. מיר געפינען אַ געדיכטן וואַלד און מיר בלייבן דאָ.

פּאַרנאַכט גייען מיר אין דאָרף שעלעשץ, מיר זוכן פּאַר־טיזאַנער. די היגע קריסטלעכע איינוווינער זענען אַנדערע מענטשן. אַן אַנדערע שטימונג אין דאָרף. זיי העלפן מיט און באַהאַלטן אויס די פּאַרטיזאַנער. מיר גיבן אַ פויער אַ פּאָר שיך און ער ווייזט אונדז אַן אין וואַלד, אין אַ געוויסער זייט, ווו עס געפינט זיך אַ פּאַרטיזאַנער אָטריאַד.

ביי מיר איז אָנגעשוואָלן די פיס. איך שפּיר, אַז איך קען ניט גיין. איך בלייב אין שעלעשץ, ביי אַ קריסט, ביז עס וועט אַריבער די געשווילעכץ. דעם קריסט רופט מען באַלשעוויק. ער גיט מיר עסן, און האַלט מיך פאַר איינעם פון די פּאַר־טיזאַנער.

אין דאָרף איז דאָ יעקב אַלפּעראָוויטש פון קורעניץ. ער געהערט צו די פּאַרטיזאַנער. ער דערציילט, אַז אַ סך יידן צאָלן געלט און די פּאַרטיזאַנער פירן זיי אַריבער איבערן גרענעץ קיין רוסלאַנד.

איך ליג אין "אַבעלעס קרענק". די פיס געשוואָלן ווי בערג, איך קען זיך ניט רירן. ווי לאַנג וועלן מיך די קריסטן וועלן האַלטן. אונדזער גרופּע איז אַוועק ווייטער. איך האָב מורא אפילו פאַר די בעלי־בתים, די קריסטן. איך קלער מאין יבוא עזרי?

### באגעגניש

ליגנדיק אין בעט, נעבן פענצטער, קוק איך אַרויס, אין דאָרף אין גאַס. איך באַמערק פון ווייטן אַ רייטער מיט אַ ביקס דערנענטערט זיך אין דער ריכטונג פון מיין וווינונג. איך דערקען דעם רייטער; ער איז ניט קיין אַנדערער ווי נח דינערשטיין פון ווילייקע. איך שריי צו אים ניט מיט מיינע כוחות. ער דערהערט און קומט אַריין, ער פרעגט ניט קיין שאלות, און ווי אַ געבוירענער מנהיג, רופט ער צו דעם בעל־הבית, און זאָגט אים, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר מיין לעבן, ווייל איך געהער צו זיין אָטריאַד, פון די פּאַרטיזאַנער. ער באַפעלט אים, מיר צו העלפן און היילן. דעם זעלביקן טאָג האָט דער בעל־הבית געבראַכט אַ באַבקע, זי האָט מיר באַשמירט מיט אַ פעטס און עס איז מיר געוואָרן לייכטער.

ערשט אין 3 טעג אַרום האָט זיך אומגעקערט יוסף מיט דער גאַנצער גרופּע. זיי האָבן מיר געבראַכט דעם ביקס. איך האָב אים אַריינגעלייגט אין בעט.

### א ראדיא־סטאנציע

דעם דריטן אָוונט זענען אָנגעקומען אין דאָרף פּאַראַשוטיסטן פון מאָסקווע, 16 סאָלדאַטן. אין מיין וווינונג האָבן זיי איינ־מאָנטירט אַ ראַדיאָ־סטאַנציע. איך געדענק, ווי זיי האָבן איבערגעגעבן קיין מאָסקווע, אַז אַלע זענען אָנגעקומען בשלום, אויסער איינעם, וועלכער האָט אויסגעדרייט די פיס. די קריסטן, מיינע בעלי־בתים, האָבן געמאָלדן די פּאַראַשוטיסטן, אַז איך געהער צו די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן מיר אויפגעוועקט, כאָטש איך האָב מיט אַן אויג ניט צוגעמאַכט. זיי פרעגן מיך, צו וועלכן אָטריאַד געהער איך. איך האָב מודה געווען, אַז מען האָט מיך נאָך ביז היינט ניט צוגענומען אין קיין אָטריאַד. אין דער פרי זענען זיי אַוועק.

### מיר בויען זעמליאנקעס

אין אַ פּאָר טעג אַרום, יוסף איז דאָ. איך גיי שוין אויף מיינע אייגענע פיס. אונדזער גרופּע גייט אין דאָרף דערעווניאַ. 5 ק"מ נאָכן דאָרף שטייט אַ פּאַרטיזאַנער אָטריאַד, אויפן נאָמען פון קאַטאָווסקי. מיר געפינען דאָרט אַ יידישן קאָמי־סאַר באַרקאָוו. מיר בעטן אים אָנצונעמען אונדז אין פּאַר־טיזאַנער אָטריאַד. ער וויל ניט רעדן וועגן דעם. 2 טעג זענען מיר געווען אין אָטריאַד. די פרויען זענען אָנגענומען גע־וואָרן אין קיך. אונדז, די מענער, שיקט מען אין לאַהויסק, בויען אַ לאַגער פאַר די פּאַרטיזאַנער. די אַזוי גערופענע זעמליאַנקעס. יעדע זעמליאַנקע איז פאַר 100 מאַן. מען גראָבט אויס אַ גרוב. דער דאַך איז פון קלעצער, אויף די קלעצער שטרוי און אויפן שטרוי ערד. פון די בלעכן פון בענזין מאַכט מען אויוונס. מיר האָבן אויסגעבויט 6 זעמליאַנקעס.

קיין געווער האָבן מיר ניט. נאָר די קריסטן פון דער געגנט

האָבן אָנגעשלעפּט פון די סאָוויעטישע מאַגאַזינען אַ סך געווער. גייען מיר צו די קריסטן און מיט כל מיני קאָמבינאַציעס באַקומען מיר אַרויס פון זיי געווער. דאָס העלפט אונדז ענטגילטיק אָנגענומען ווערן אַלס פּאַרטיזאַנער.

מיר קריגן פּלעצער אין איינער פון די זעמליאַנקעס. קיין לייז פעלט ניט, אָבער די שטימונג איז בעסער ווי ביי די רימאַרעס אין ווילייקע. די טעג זענען מיר פאַרנומען, מען לערנט אונדז שיסן, לייגן מינעס, אויפרייסן בריקן, אַראָפּלאָזן טעלעפאָן־סלופּעס. מיר קריגן וואַרעמע זאַכן, אַ פּאָדיאַווקע, אַ וואַטענע. ביינאַכט שטייען מיר אויף שמירה. דאָס עסן איז ניט שלעכט. נאָך אַ פּאָר טעג פון מיליטערישע איבונגען, קומט אַראָפּ צו אונדז דער יידישער קאָמיסאַר באָרקאָוו, נעמט מיך מיט יוספן און פירט אונדז אַריבער צוריק, אין גרעסערן לאַגער, נעבן דערפל דערעווניאַ. דאָ שטייען 2 דיוויזיעס פּאַרטיזאַנער געמוסטערטע, פּאַרטיקע סאָלדאַטן. פון דאַנען גייט מען אויף "זאַדאַניעס" (אויפגאַבעס). דער לאַגער אין לאַהויסק איז אַ רעזערוו. ער באַשטייט פון עלטערע זעלנער.

### מיר רייסן בריקן

דעצעמבער 1942

איך קריג אַן אויטאָמאַטישן ביקס מיט 80 קוילן און 2 גראַנאַטן. איך געהער צו אַ גרופּע פון 5 געוועזענע סאָלדאַטן. מען שיקט אונדז אין מינסקער געגנט, אויפרייסן אַ בריק. איבער דער בריק גייען צוגן מיט אַמוניציע. מיר האָבן 5 טעג צו אונדזער דיספּאָזיציע. די דייטשן ווייסן דעם סוד. יעדע בריק איז גוט באַוואַכט. 200 מעטער פון יעדער בריק האַקן זיי אויס די ביימער, כדי צו קענען בעסער היטן.

מיר גייען אין די נעכט, בייטאָג באַהאַלטן מיר זיך אויס ביי קריסטן, אָדער אין וועלדער. מיר האָבן מיטגענומען עסן.

איך גיי היינט מיט 2 סאָלדאַטן, אַנטלאָפענע דייטשן פון זייערע איינהייטן. איך מוז גיין מיט זיי. און אין דער אמתן היט איך זיי אויך, ווייל איך וויל זיך היטן. אין אָוונט, זענען מיר אָנגעקומען ניט ווייט פון דער בריק.

איך קלעטער אַרויף אויף אַ בוים, און זיץ אַ גאַנצן מעת־לעת. איך פאַרצייכן די שעהן, ווען עס גייען דורך צוגן מיט אַמוניציע און סאָלדאַטן, און וועלכע שעהן בייט זיך די וואַך. דעם צווייטן אָוונט פאַרגלייכן מיר די שעהן און באַשטימען די גענויע צייט, ווען דורכצופירן דעם אויפרייס. דער אָרט איז באַשטימט געוואָרן אין פּאַרטיזאַנער־שטאַב.

מיר גנבענען זיך אונטער אין דער פינצטער ביז די רעלסן (שינעס). מיר לייגן אונטער דעם אויפרייס־מאַטעריאַל און אַנטלויפן אַ קילאָמעטער אין וואַלד. מיר וואַרטן עס זאָל אויפרייסן. עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז פון אַלע זאַדאַניעס, וואָס איך בין געגאַנגען מיט די דייטשן, האָט זיך קיין איינע פון זיי ניט איינגעגעבן. ביז היינט איז מיר ניט קלאָר, פאַרוואָס?

### דער ערשטער איבערפאַל

איך בין דאָ אין לאַגער (שעלעשץ) שוין 2 מעת־לעת. היינט האָט געמאָלדן אונדזער ראַזוויעדקע (אויסשפּירער), אַז אין דאָרף סקוואַראַדאָ, 8 ק"מ פון אונדז, זענען אָנגעקומען דייטשן, זיי גייען אין אונדזער ריכטונג. מיר באַקומען אַ באַפעל, נעמען געווער און מקבל־פּנים זיין זיי. מיר גייען 4 קילאָמעטער אין וואַלד, באַהאַלטן זיך אונטער ברייטע ביימער און וואַרטן, זיי זאָלן אָנקומען.

ווען זיי דערנענטערן זיך צו אונדז, הויבן מיר אָן שיסן. זיי גייען אויף אַן אָפענעם פּלאַץ, מיר זענען פאַרבאַהאַלטן הינטער ביימער. זיי ענטפערן, מיט אַ שטאַרקן פייער צוריק. 2 פון אונדזערע אויסשפּירער בלייבן פאַרוואונדעט. איינער שטאַרק. ער האָט באַקומען אַ קויל אין בויך. מיר ברענגען אים אין זעמליאַנקע, ער איז מיין שכן, זיין געלעגער איז נעבן מיר. איך ווייס אפילו ניט, צי איז ער אַ ייד. אַלע רעדן רוסיש. זיי זענען וואָסטאָטשניקעס, אינטעליגענטע חברה. צופעליק דערוויס איך זיך שפּעטער, אַז ער איז געווען באמת אַ ייד.

דער פעלדשער האָט איבערגעבונדן די ווונד. עס העלפט גאָרניט, ער גוססט און גייט אויס אויף זיין געלעגער. אַ צווייטער דערהרגעטער איז אַ פּאַראַשוטיסט. עס קומען אָן זיינע חברים, און נעמען אים מיט. זיי ווילן אים באַערדיקן ביי זיך אין אָטריאַד. אַ דריטער ליגט ביי דער טיר. ער איז פון אַ צווייטן אָטריאַד.

אויף מאָרגן פרי איז באַשטימט געוואָרן אַ בכבודיקע לויה. מען פירט ביידן צום פּאַרטיזאַנער בית־עולם. זיי רופן עס "פּאָליאַנאַ". דאָס איז אַ גרויסע לאָנקע אין מיטן וואַלד, אויף יעדן קבר שטייט אַ מצבה מיט אַ שטערן, אַ נאָמען און פאַמיליע און אָרט פון געבוירן.

די דייטשן שעמען זיך ניט און גראָבן אויס די קברים מיט די טרומנעס, און זענען בודק, ווער איז באַגראָבן געוואָרן. זיי פירן זייערע חשבונות, אפילו נאָכן טויט אויך.

אויף מיר מאַכט עס אַ שווערן רושם. שוין אויפן צווייטן טאָג דאַרף איך זען, ווי מיין שכן מאַטערט זיך און הויכט אויס זיין נשמה. אודאי, גייט יעדע קויל מיט איר אַדרעס, אָבער ווער ווייסט, ווער עס שטייט אין דער ריי.

## אַן אָנפאַל

דעצעמבער, 1942

מיר גייען אַרויס פון לאַגער אין מיטן טאָג, 15 מאַן אָנגעטאָן אין גרינע דייטשע מונדירן. מיר גייען אין אַ ריי, און זינגען דייטשע מאַרש־לידער. אונדזער אויפגאַבע איז, אויפרייסן די צענטראַלע בריק, איבערן טייך נעבן פּלעשטשעניץ. די בריק געפינט זיך אויפן הויפּט־שאָסיי, וועלכער פאַראייניקט לאַהויסקער און אַלקאָוויטשער געגנט מיט מינסק. מיר גייען אַרויף זינגענדיקערהייט אויף דער בריק. די דייטשע וואַך

איז אויף דער צווייטער זייט בריק. עס פֿאַלט זיי ניט איין אונדז חושד זיין אין שלעכטע כוונות. מיר דערנענטערן זיך צו זיי געציילטע טריט. מיר באַקומען דעם אָפּגערעדטן סימן, אַ העלפֿט פֿון די ערשט זינגענדיקע סאָלדאַטן שיסן אין דער דייטשער וואַך, אין דער רעכטער זייט בריק. די צווייטע העלפֿט, שיסט אין דער לינקער זייט בריק. די וואַך האָבן מיר דערליידיקט. די דינאַמיט וועט שוין צורעכט מאַכן די בריק אין געציילטע מינוטן. 4 מאָל האָב איך זיך באַטייליקט אין אויפֿרייסן די בריק, יעדעס מאָל פֿאַריכטן אים די אָרטיקע קריסטן. זיי האָבן פֿון איר אַ נוצן.

### טעלעפֿאָן־סלופּעס

מיינע ערשטע איבונגען אין דעם פּאַרטיזאַנער אָטריאַד איז געווען אויפֿרייסן טעלעפֿאָן־סלופּעס. די פּאַראַשוטיסטן ברענגען באַפֿעלן פֿון מאָסקווע. מיר מוזן זיי אויספֿילן. קילאָמעטערס סלופּעס מוזן מיר אויפֿרייסן. מיר נעמען גאַנצע דערפֿער פּויערים, מיר באַפֿוילן יעדן פּויער אונטערצוזעגן 2 סלופּעס. איך וווּנדער זיך, וואָס זיי גייען מיט חשק. פֿאַרוואָס? ווייזט זיך אַרויס, אַז פֿאַר יעדער אַזאַ אַקציע צינדן די דייטשן אונטער זייערע הייזער, און היות ווי קלעצער אין די וועלדער איז דאָ גענוג, בויט מען גלייך נייע הייזער. די איינציקע פּראַגע איז, ווו נעמט מען טשוועקעס, צוצוקלאַפּן די דראַניצעס אויפֿן דאַך. דאָס מאַכן זיי פֿון די טעלעפֿאָן־דראָטן. אויף מאָרגן נאָך דער זאַדאַניע (אויפֿגאַבע), געפֿינט מען ניט אַ מעטער דראָט. די באַפֿעלקערונג נעמט עס גלייך צו.

### 1־שטע אבלאווע (בלאקאדע)

### דעצעמבער 1942 (חנוכה צייט)

2 אָבלאַוועס האָבן מיר איבערגעלעבט אין משך פֿון 3 יאָר, אין יעדערער האָבן זיך באַטייליקט ביי אַ 120.000 דייטשן. די ערשטע, אין חנוכה תש״ב, די צווייטע פֿאַר דער באַפֿרייאונג. איך האָב געהערט צו קאָטאָווסקיס לאַגער אין פּלעשטשענעץ "נאַראָדני מסטיטעל", נעבן שעלעשטש. אין מינסקער אָבלאַסט האָבן מיר געציילט 70.000 פּאַרטיזאַנער. אונדזער לאַגער אין פּלעשטשענעץ האָט געציילט 2000 מאַן און איז געווען איינגעטיילט אין פֿיר ראָטעס, 500 מאַן אין יעדערער. די דייטשן האָבן אונדז אַרומגערינגלט אין 2 קייטן און געטריבן צו די האָמעלער בלאָטעס, צום טייך בערעזינאַ. זיי זענען ניט געגאַנגען מיט דעם הויפּט־שאָסיי, נאָר אין די זייטיקע וועגן, מיט וועלכע מיר באַנוצן זיך. דער הויפּט־שאָסיי פֿאַראייניקט לאַהויסק, פּלעשטשענעץ־מינסק־בערעזינאַ. די צווייטע זייט: אַלקאָוויטש־ווילייקע־סמאָרגאָן־נאַראָטש, איז געווען באַזעצט פֿון די דייטשן און זייער שוץ־פּאָליציי. דערפֿאַר זענען די זייטיקע וועגן געווען אין אונדזערע הענט. ביינאַכט פֿירן ניט די דייטשן קיין אָפּעראַציעס. זיי אָרדענען איין לאַגערן אין געצעלטן און שטעלן שומרים, מען זאָל זיי ניט באַפֿאַלן.

### אַן אָנפֿאַל

אין פּאַרטיזאַנער־בריגאַדע האָט מען באַשלאָסן צו מאַכן אַן אָנפֿאַל אויף די דייטשן דווקא ביינאַכט. מיר האָבן געשיקט אַ ראַזוועדקע (אויסשפּירער) פֿון אָרטיקע שקצים, וועלכע קענען גוט די געגנט. זיי זענען אַוועק און איבערגעריסן די טעלעפֿאָן־פֿאַרבינדונג. קומענדיק צוריק האָבן זיי געמאָלדן, אַז זיי זענען גרייט אונדז דורכצופֿירן דורך דער דייטשישער קייט. מיר האָבן מיטגענומען ביקסן־אויטאָמאַטן, לייכטע מאַשינען־געווער. די שווערע האַרמאַטן האָבן מיר באַגראָבן אין וואַלד. מיר זענען דערגאַנגען ביינאַכט, פֿון זעמליאַנקע אין פּלעשטשעניעץ ביזן דאָרף אַמנישאָווע, 30 ק״מ, און געקומען אויף אַ בערגל. די דייטשישע קייט איז געווען אין טאָל, אין געצעלטן. 12 ביינאַכט זענען מיר זיי באַפֿאַלן, מיט אַ שיסעריי פֿון מאַשינען־געווער און אויטאָמאַטן. שרייענדיק "וופּעריאָד" (פֿאָרויס) זענען מיר געלאָפֿן און געשאָסן אָן אַ ציל. די דייטשן האָבן גלייך אָנגעהויבן שיקן ראַקעטעס און באַלויכטן דעם הימל. ערשט דעמאָלט האָבן מיר געזען, ווו מען דאַרף שיסן. די שיסעריי איז געווען אַ שרעקלעכע, מיט ברען און אימפּעט פֿון אונדזער זייט. עס האָט זיך געדוכט, אַז הימל און ערד העלפֿן אונדז מיט.

סך־הכל האָבן מיר דערהרגעט איבער הונדערט דייטשן פֿון דער קייט. צוגעכאַפּט זייערע "כלעבאַקעס" (ברויט־טאָרבעס) מיטן עסן, די געצעלטן און בגדים. די שיך ניט באַוויזן אַראָפּשלעפּן. מיר האָבן דורכגעריסן די קייט, און זיך אומגעקערט אין דאָרף דערעווניאַ, אין אַ געוועזענעם זומער־לאַגער, ווו מען מאַכט מאַנעווורעס. פֿון אונדזערע זענען געפֿאַלן 7 פּאַרטיזאַנער, דאָס רוב פֿון דער געגנט. די דייטשן האָבן זיך באַנוצט מיט מינאַמיאָטן. מיר האָבן באַוויזן זיי אויסצומיידן.

### אַ הייסע באָד

יאַנואַר, 1943

אין דאָרף אַמנישאָווע איז דאָ אַ באָד. דאָרט קענען זיך וואַשן 5 מאַן מיטאַמאָל. מיר זענען דאָ אַ גרופּע פֿון 60 פּאַרטיזאַנער. מיר וואַרטן אין ריי. אַ פּויער האָט פֿאַרמסרט די דייטשן, אַז מיר וואַשן זיך אין באָד. זיי זענען גלייך אָנגעפֿאָרן אויף אויטאָס, וועלנדיק מאַכן אַן אָבלאַווע אויף אונדז. אונדזער וואָך האָט גלייך דערשפּירט און געעפֿנט אין אַריינגאַנג פֿון דאָרף אַ שיסעריי אויף די דייטשן. עס זענען פֿאַרוווּנדעט געוואָרן 6 פּאַרטיזאַנער און 3 זענען דערהרגעט געוואָרן. אין צוויי וואָכן אַרום זענען מיר געקומען צום פּויער, דעם מוסר. איבער זיין הויז און שייער, האָבן מיר געמאַכט די ברכה: בורא מאורי האש. און די לעבעדיקע געשיקט אויף יענער וועלט.

### וואגאנעס שמעלץ

פברואר, 1943

25 וואַגאָנעס אָנגעלאָדן מיט אַמוניציע, צעבראָכענע טאַנקען, אַעראָפּלאַנען, אייזן, מעש, אלומיניום, זענען געשיקט געוואָרן פון דעם מזרח־פראָנט אין דער ריכטונג מינסק־באַראַנאָוויטש, קיין דייטשלאַנד. 15 ק״מ פאַר מינסק, אין אַ געוויסן טאָל, האָבן מיר, אַ גרופּע פון 5 מאַן, אָפּגעהיט דעם צוג. אין אָוונט האָב איך מיט נאָך איינעם זיך אונטערגעגנבעט צו די רעלסן (שינעס), אונטערגעלייגט דאָס זעקעלע דינאַמיט, זיך אומ־געקערט גלייך אין וואַלד, און געבליבן וואַרטן. דער לאָקאָ־מאָטיוו איז אַרויף אויפן זעקעלע, עס האָט עקספּלאָדירט. אַ שרעק איז געווען בלויז צו זען, ווי די וואַגאָנעס זענען געפלויגן באַרג אַראָפּ, איינער איבער דעם אַנדערן, געיאָגט דורך אַ ווילדער ענערציע די איבערגעקערטע וואַגאָנעס מישן שמעלץ, זענען געבליבן ליגן. די פויערים פלעגן מאַכן פאַר זיך געשיר פון דעם ברוך.

### אַ באַגעגעניש

מארס, 1943

אונדזער לאַגער געפינט זיך אין שעלעשטש. די לאַגער־פירער האָבן באַשלאָסן, ווייזט אויס צוליב געוויסע סיבות, אַריבער־פירן דעם לאַגער אין אַ פאַרויס צוגעגרייטער זעמליאַנקע, נעבן לאַהויסק, ביי דעם דאָרף דערעוווניאַ.

דער גאַנצער לאַגער איז אַריבערגעפאָרן. איך מיט נאָך 3 פּאַרטיזאַנער זענען געבליבן אין שעלעשטש. איך האָב באַ־דאַרפט פאַרענדיקן דאָס באַקן ברויט, און איבערפירן אין סקלאַד אין דערעוווניאַ, אין אַלטן מיליטערישן לאַגער. איך האָב געבראַכט און איבערגעגעבן די אויסגעבאַקטע 130 לעב־לעך דעם יידישן פּאַרטיזאַן וואָלק, וועלכער האָט געאַרבעט ביים סטאַרשינאַ. דער סקלאַד געפינט זיך אין אַ דאָרפישער בעדל. דאָרט האָב איך באַמערקט אַ באַקאַנטן פּנים. טאַניע הולעצקי פון ווילייקע. ער האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט.

### אַ שפּאַציר אין ווילייקע

מאַי, 1943

דער 2־טער סעקרעטאַר פון רייקאָם, פּאָפּאָוועץ, איז איינגע־שטאַנען ביי ליפשיץ דעם בעקער. ער איז אַ ״וואָסטאָטשניק״. מען האָט אים אַראָפּגעוואָרפן אַהער אַלס פּאַראַשוטיסט. ביים אָפּגעבן אַ באַריכט אין שטאַב, דערקענט ער מיר אַלס ווילייִ־קער. איך געדענק אים ניט. ער פאַרשרייבט מיין נאָמען. דעם ערשטן מאַי 1943 איז געווען אַ ״נאַליאָט״ (אָנפאַל) פון סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען. איך האָב באַקומען פון צענטראַלן שטאַב (7 ק״מ פון אונדזער לאַגער), אַ באַפעל דורך אַ ספּעציעלן רייטער, אַז איך זאָל זיך דאָרט צושטעלן 2 אַ זייגער בייטאָג. איך געפין דאָרט אַ גרופּע ווילייקער שקצים. צווישן זיי טאַניע הולעצקי, וועלכער וווינט נעבן דובינס סאַרטאַק. ער געהערט צום 2־טן אָטריאַד. פּאַוולוק, אַגאַטעס זון, האָט געוווינט נעבן יצחק אהרן־דוד׳ס. אין דער צייט פון מיין זיין אין ווילייקע איז ער געווען אַ פּאָליציאַנט. ווייזט אויס, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן אים ספּעציעל געשיקט דינען אין דער פּאָליציי. ער איז ביי נח דינערשטיין אין אָטריאַד. איליוק־אַ שאָפער און שמיד, האָט געוווינט נעבן איידלמאַנס טאַרטאַק. ער איז דאָ אַלס ציווילער פאַרבינדלער פון ווילייקער אונ־טערגרונט מיט די פּאַרטיזאַנער. ער האָט צו זיין דיספּאָ־זיציע 8 פאַרבינדלער, ציווילע שקצים. מען פרעגט מיך, צי איך קען דייטש. מען גיט אונדז פעקלעך זאַכן. איליוק איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן עסן. מען גיט אונדז איבער צו איליוקס דיספּאָזיציע. וואָס מיר דאַרפן אויספירן, וועלן מיר זיך דערוויסן אין ווילייקע. מיר באַשטימען צוויי בייאַכט אַרויסצוגיין אין וועג. מיר דאַרפן גיין דורך לאַהויסק, אַל־קאָוויטש, אָנלייגן אַ 15 ק״מ וועג דורך אַרומיקע דערפער. מיר האָבן גענומען אַ וואָגן מיט אַ פערד. דער קריסט האָט אונדז געפירט פון איין דאָרף אין צווייטן. מיר גייען צופוס אַ 10 ק״מ ביז דער ווילייע. פון דער צווייטער זייט טייך שטייט אַ דייטשישער גאַרניזאָן. אַ 3 ק״מ נאָכן איבערגיין די בריק, הויבט אָן שיינען די זון. מיר רוען זיך אָפּ אין וואַלד. קיין עסן האָבן מיר ניט מיטגענומען. צו קריסטן ווילן מיר ניט גיין בעטן. מיר גייען ווייטער מיטן וואַלד ביי דער זייט פון שאָסיי אין דער ריכטונג פון ווילייקע. אין אַ פּאָלוואַרק קריגן מיר ברויט און מילך. אין אָוונט דערגייען מיר ביז איוואַנ־צעוויטש, 10 ק״מ פון ווילייקע. אַ פאַרבינדלער באַגעגנט אונדז, און ווייזט, ווי אויסצומיידן דעם דאָרף. עס וווינען דאָרט 4 מיליציאַנערן, וועלכע אַרבעטן פאַר די דייטשן. מיר גייען גלייך אין דער ריכטונג פון כאָלאָפּי. זיי פירן אונדז אַריין נעבן כאָלאָפּי, אין די הויכע אייאיר־גראַז, נעבן דער ווילייע. איליוק איז אַוועק צוגרייטן זיינע מענטשן, הולעצקי איז צוגעגאַנגען אַ היים. מיר בלייבן אין אייאיר ביז 12 ביי־נאַכט; פּונקט 12 טרעפן מיר זיך אין אַ פּאַרלאָזענעם שייער, נעבן דעם מיליטערישן שטאָל. ביי מאַראַזאָווס שטוב. אין די גערטנער אין ווילייקע גיט איליוק אָפּ אַ באַריכט און מעל־דעט, אַז מיר בלייבן דאָ אַ טאָג און אַ נאַכט. אויף מאָרגן 10 אָוונט טרעפן מיר זיך אינעם זעלביקן אָרט. ער קומט מיט זיינע פאַרבינדלער, היגע שקצים, מיט אַ פערד און וואָגן. מיר קערן זיך אום מיט סיגאַרעטן און עסן, אין די אייאיר נעבן כאָלאָפּי.

### אין ווילייקע

אויף צומאָרגנס 10 אָוונט, וואַרטן 8 שקצים ווילייקער אָן געווער אין שייער מיט אַ פערד און וואָגן, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט. אין שטאָט מעג מען גיין בלויז ביז 9 אין אָוונט.

מיר טוען זיך איבער אין דייטשישע בגדים, נעמען געווער און טוען אַרויף גומעס אויפן סטוואָל (רער) פון ביקס, כדי מען זאָל ניט הערן ווען מען שיסט. מיר דאַרפן גיין אויפ־עפענען די קוזניע, ביי אַלי־יאַשען אויפן הויף, אַרויסנעמען די אַמוניציע און אַריבערפירן אין וואַלד.

מיר 4 גייען די ערשטע פאַרביי דעם טייך, דורך הויכע גראָז, אַנטקעגן דער בריגאַדע, דורכן גערטעלע. נעבן וואַנט זענען מיר דערגאַנגען ביזן הויכן בוים, מיט אַ הילצערנעם פּאַרקן. מיר זעען דעם דייטשישן וואַכמאַן, וועלכער גייט אַרום און היט די קוזניע.

דער פערד מיטן וואָגן וואַרטן הינטערן הויז. מיר זענען דאָ אַ 10 מעטער פון דעם סאָלדאַט. אַ שאָס פון אונדזערן אַ ביקס פון 10 מעטער וויט איז ניט צו שווער. מיר לויפן גלייך צום הרוג, שלעפן אים אַראָפּ אין טאָל, אין די גראָז, נעמען צו דעם ביקס, די זאַכן און ראַפּטאַם לאָזן מיר זיך גיך צו דער קוזניע. מיר רייסן אַראָפּ דעם טעלעפאָן דראָט און מיטן לאָם פּרווון מיר אויפרייסן די טיר. עס גייט ניט. מיר הויבן אונ־טער די טיר מיטן לאָם. די קוזניע איז אָפן. מיר האָבן ניט קיין שוועבעלעך. אָבער מיר דערטאַפּן גוט אין דער פינסטער. עס ברענט אַ צינד־מאַשינקע. מיר איילן זיך אונטער, מען נעמט צו 2 רוסישע מאַשינען־געווער, 6 קעסטלעך קוילן, ביקסן אויטאָמאַטן דייטשע אויסאַרבייטונג, קעסטלעך גראַ־נאַטן. דער וואָגן איז פול אָנגעלאָדן. אַ שאָד, וואָס נאָר איין וואָגן האָבן מיר מיטגענומען. דאָס געווער האָבן די דייטשן פאַרכאַפּט ביי פּאַרטיזאַנער און אַוועקגעלייגט דאָ. מיר האָבן מורא, אַז עס זאָלן ניט קומען סאָלדאַטן בייטן די וואַך. די היגע שקצים פאָרן אַריבער די ווילִיע, כדי צו פאַרווישן די טריט. דאָרט פאָרן זיי מיטן ברעג ביז די לאַזאַרעצעס. מיר גייען זיי נאָך, געבראַכט די סחורה אין די אייאיר, און אָפּ־געפירט דעם פערד מיטן וואָגן אַ היים. מיר וואַרטן אויף ראַקעטן, מען זאָל אונדז גיין זוכן. נאָר אומזיסט.

## מיר נעמען נקמה

1) מיר בלייבן אַ גאַנצן טאָג אין די אייאיר. אויף מאָרגן 10 אָוונט טרעפן מיר זיך ווידער אין אַ בעדל, אויף כאַלאַ־פּיער גאַס, נעבן מאַראַזאַוון. מיר טוען זיך איבער אין ווער־מאַכט־מונדירן. מיר גייען פאַרביי דעם טייך ביז קוגעלס האָטעל. אין קאַרידאָר באַקוקן מיר דוביציכעס וווינונג. מיר דאַרפן זי מיטנעמען, זי אַרבעט פאַרן געסטאַפּאָ. זי האָט מזל. אָט דעם אָוונט איז זי ניטאָ אין שטוב. 2 פון אונדז גייען אין ווערמאַכט אוניפאָרמען. אויך איך, 2 אין זאַכן פון דער שוץ־פּאָליציי.

2) אַנטקעגן שפּיטאָל איז דאָ אַ ווייס הויז, אַ בעקעריי. דער עלטסטער זון אַרבעט פאַרן געסטאַפּאָ. ער האָט אויף זיין געוויסן ניט איין קרבן. נאָך 1 ביינאַכט גייען מיר פאַרביי די ווילִיע, מיר דערגייען בגניבה ביזן שפּיטאָל. מיר רופן אים צום געביטס־קאָמיסאַר. עס פאַלט אים ניט איין ניט צו גלויבן אונדז. ער איז שוין צום געביטס־קאָמיסאַר ניט דערגאַנגען... נעבן פּוילישן קלויסטער האָט ער באַקומען זיין פּסק.

3) אין קאַשיקאַרניע האָט געוווינט אַ פּוילישער מוזיקאַנט. ער האָט אַ סך "גוטס" געטאָן אין די פּאָר יאָר, וואָס דער דייטש איז געווען. ביי אים אין הויף האָט ער באַצאָלט דעם חוב מיט זיין לעבן.

4) אַנטקעגן מאַלאַשקעוויטשן איז געווען אַ קראַקאָוויאַק, אַ דייטשישער שפּיאָן, מיט אַ טעלעפאָן און געווער. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס עס רופט אים דער געביטס־קאָמיסאַר אין מיטן נאַכט? דאָך איז ער מיטגעגאַנגען, בלויז ביז קאַרטמשערס הויז... מיר האָבן זיך נאָך אומגעקוקט צו אים אין וווינונג, געזוכט גרינטלעך און צוגענומען 16,000 מאַרק און אַ זייגער.

5) נעבן שמעון־שעיהן האָט געוווינט אַ פּאָליציאַנט. ער האָט עפּעס געפילט און מיטגענומען מיט זיך דעם ביקס. נאָר פון הינטן ווירקט אויך אַ קויל ניט געזעגנערהייט...

6) אין פּאַזשאַרנע האָבן מיר שוין ניט באַוויזן צונעמען אַ "צונג". עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. מיר גייען צוריק אין דער ריכטונג פון דער ספּירט־פאַבריק אין ליובאַני. אונדזער אויפגאַבע האָבן מיר דערפילט, כאָטש ניט 100 פּראָצענט. דער שפּאַציר אין ווילייקע האָט אונדז געלוינט, ניט נאָר דער וואָגן מיטן געווער, נאָר דאָס באַווייזן דער באַפעלקע־רונג, אַז מיר זענען אומעטום דאָ.

## ליובאַני

דאָס געווער, וואָס ליגט אין די אייאיר אין כאַלאָפּי, מוזן מיר אַריבערפירן אין פּאַרטיזאַנער־שטאַב. מיר האָבן באַשלאָסן מיט אליוקן צו נעמען דעם לאַסט־אויטאָ, פון דער ספּירט־פאַבריק אין ליובאַני און איבערפירן דאָס געווער ביז סאָ־סענקע. ווייטער קענען ניט פאָרן די אויטאָס. פון סאָסענקע דאַרף מען עס טראָגן איבער דער ווילִיע (אָן אַ בריק). מיר, 4 מאַן, אין דייטשישע מונדירן און 8 ווילייקער שקצים, זענען אָנגעקומען, אויפן דריטן טאָג פאַרנאַכט, אין ליובאַני. מיר גייען דורך דעם דאָרף קאָלאָוויטש. דעם שומר פון פאַבריק גיבן מיר איבער אין די הענט פון די ציווילע שקצים. די 2 דייטשישע בעלי־בתים, זיצן אין זייער צימער, און שפּילן אין שאָך. דעם טעלעפאָן־דראָט רייסן מיר איבער אין הויף און שטילע קוילן ליקווידירן ביידע דייטשן. די זאַכן זייערע הענגען אויף די שטולן, די ביקסן זענען פאַר אונדז סחורה. אליוק זיצט שוין אין אויטאָ און מיר פאַרלירן ניט קיין צייט. דער שומר פאָרט מיט אונדז מיט. אין מיטן וועג לאָזן מיר אים אָפּ.

מיר פאָרן פאַרביי קורעניץ און כאַלאָפּי. מיר טראָגן דאָס געווער אַ היפּשע שטיקל וועג און לאָדן עס אָן אין אויטאָ. דורכן הויפּט־שאָסיי פאָרן מיר אָפיציעל גלייך אין דער ריכ־טונג פון סאָסענקע. אַ 2 ק"מ פאַר סאָסענקע, נעבן אַ פאָל־וואַרק האָבן מיר אַראָפּגעלייגט אין וואַלד דעם גאַנצן "פּגר".

דער אויטאָ, געפֿירט דורך איליוקן מיט די שקצים, האָט זיך אומגעקערט, און ביי ווילייקע האָבן זיי געדאַרפֿט אים אונטערצינדן. אַזוי האָבן זיי געטאָן. מיר ווערן אויס דייטשן, אויסגעטאָן זייערע מונדירן, און צוריק פּאַרטיזאַנער. מיר קריגן אַ פֿערד מיט אַ וואָגן און פֿירן די אַמוניציע און געווער דורך אַלקאָוויטש, ביז אונדזער אָטריאַד. אויף מאָרגן אָוונט זענען מיר אָנגעקומען אויפֿן אָרט.

## אין ווילייקע צום צווייטן מאָל

ערשטער יוני 1943

אַ שיקסע אַ פֿאַרבינדלערין פֿון ווילייקע, האָט איבערגעגעבן אין שטאַב, אַז אין ווילייקע איז דאָ אַ מלעטשאַרניע (מילכיקעריי). מען מאַכט דאָרט פּוטער פֿאַר דער דייטשישער אַרמיי. אין סקלאַד זענען דאָ פֿאַרפּאַקטע קאַסטנס, גרייט אַרויסצושיקן צו דעם פֿראָנט.

מיר, 7 מאַן, קריגן גלייך אַ באַפֿעל צו ברענגען די צוגעגרייטע פּוטער פֿון סקלאַד. מיר גייען אין אונדזער אַלטן אויסגעטראָטענעם וועג. מיר קומען אָן אין די לאַזאַרצעס. מיר בלייבן אין וועלדל ביזן אָוונט. ביי יעקב חסיע־העניעס אין שטוב איז די מילכיקעריי. ביי שמעון־שעיהן און פֿליאָרמאַנען אויפֿן הויף, איז דאָ אַן אייז־קעלער. דאָרט ליגן 103 קאַסטנס פּוטער צו 25 ק"ג אין יעדן איינעם. דאָס דאַרפֿן מיר אַריבערפֿירן אין וואַלד. דעם סקלאַד היטן 2 באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן. די ווילייקער שקצים האָבן גענומען פֿיר פֿורן אַרויפֿגעלייגט אויף זיי האָלץ אין מעטערס. 4 שקצים 13–15 יאָריקע, זענען געבליבן שטיין נעבן פּלעסניאַנקע, ביי דער ליובאַוויטשער־שטיבל אויפֿן אָפֿענעם פּלאַץ. ווי עס איז פֿינצטער געוואָרן, זענען מיר אָנגעקומען פֿון די לאַזאַרצעס, ביז פֿליאָרמאַנס הויף. די 2 שומרים האָבן מיר גלייך ליקווידירט, געפֿינט עטלעכע פֿאַרקאַנעס. די פֿורן נעבן דער ליובאַוויטשער־שטיבל זאָלן קענען אַריינפֿאָרן אין הויף און ניט דאַרפֿן דורכפֿאָרן דורך דער גאַס. אויפֿגעריסן דעם סקלאַד, אַרויפֿגעלייגט די קעסטלעך אויף די פֿורן, איינגעדרייט אין היי און שטרוי. דאָס האָלץ געלאָזן נעבן דער ליובאַוויטשער שטיבל, און גלייך אַוועק דורך די גערטנער צו פֿאָרסער וועג צום דאָרף האָראָדישטשע. אין טהרה־שטיבל, וועלכע געפֿינט זיך אויפֿן האָראָדישטשער קריסטלעכן בית־הקברות, האָבן מיר אַראָפּגעלייגט די 103 קאַסטנס פּוטער, אָפּגעשיקט די פֿורן מיט די פֿערד אַ היים קיין ווילייקע.

אין דאָרף האָראָדישטשע האָבן מיר גענומען נייע פֿורן, אַרויפֿגעלייגט די קאַסטנס, אַריבער די ווילִיע און געפֿאָרן דירעקט אין אונדזער פּאַרטיזאַנער־שטאַב.

## דער דריטער באַזוך

מען לאָזט אונדז, די ווילייקער, ניט רוען. עס זענען קוים אַריבער 3 טעג פֿון דער לעצטער אויפֿגאַבע, רופֿט מען אונדז ווידער אין שטאַב. עס פֿעלט דאָרט אויס בינדן, יאָד, פּראָשקעס, שפּריצערס מיט נאָדלען. מען שיקט אונדז, 4 מאַן, ברענגען אָט די זאַכן. נאָוואָש דער פֿעלדשער האָט אַן אַיידעם, דער נאַטשאַלניק פֿון דער שוץ־פּאָליציי. מען דאַרף זיין מיט אים זייער פֿאָרזיכטיק. איינער פֿון אונדז לאַדעט אים איין צו אַ חולה מיט היץ. ער האָט ניט שטאַרק חשק צו גיין ביינאַכט. נאָר פֿאַר אַ גוטן לוין טוט ער עס דאָך, בפֿרט, אַז ער איז דער איינציקער ציווילער פֿעלדשער.

ער נעמט מיט זיין טשעמאָדאַן מיט די מעדיקאַמענטן. אַ צען טריט פֿון זיין הויז האָבן מיר דעם טשעמאָדאַן צוגענומען און אים געהייסן זיך אומקערן אַ היים און קיינעם ניט דערציילן.

## זאַדאַניע נומער 4 אין ווילייקע

ביי קרייטשיקן אין מויער איז דאָ אַ קאַזינאָ. יעדן זונטאָג קומט דאָרט פֿאַר אַ טאַנץ־אָוונט, פֿון דער ווערמאַכט, ס. ס. און געסטאַפּאָ מיט אָרטיקע שיקסעס. די פֿאַרבינדלער האָבן געמאָלדן די שיקסעס, אַז זיי זאָלן זיך ניט באַטייליקן אין די טאַנץ־אָוונטן. זיי האָבן אויף די וווינונגען ביי די קריסטן אָנגעקלעפּט וואָרנונגען, אָבער די שיקסעס פֿאָלגן ניט. זיי לאַכן אויס די וואָרנונגען. מיר זענען 8 מאַן אָנגעקומען צו דעם קאַזינאָ. עס האָט געשפּילט אַן אַקאָרדיאָן. עס זענען געווען איבער 80 מענטשן דייטשן מיט דייטשקעס און שיקסעס. פּונקט 10 מינוט נאָך 11 האָבן מיר אַריינגעוואָרפֿן דורך די פֿענסטער האַנט־גראַנאַטן, און זיך גלייך אָפּגעטראָגן. די גראַנאַטן האָבן אויפֿגעריסן. מיר האָבן אונדזערס דערפֿילט בשלמות.

## צעריסענע שטיוול

מיר חלומען בייטאָג און ביינאַכט וועגן אַ גוטן שטיוול, אַ טרוקן טיכל. מיר ניצן אַזוי פֿיל די פֿיס און קענען זיי ניט היטן. מיר דאַרפֿן שטיוול, סיי ווינטער אין די קעלט און שנייען און סיי זומער אין וואַלד. מיר זענען אַזוי מקנא די דייטשן. זיי טראָגן הויכע גומענע שטיוול שטאַרקע, טרוקענע. ביי יעדער געלעגנהייט זוכן מיר, ווי צו קריגן אַ פּאָר שטיוול. ווען מיר באַפֿאַלן אויטאָס אויף די שאָסייען, שלעפּן מיר גלייך אַראָפּ די רעדער, דערוואַרעמען די אָפּאָנעס, און ציען אַרויס די ווייכע גומע אויף זוילן. מיר ספּעציאַליזירן זיך אין בייע פֿאַכן. מיר מוזן פֿאַריכטן אונדזערע צעריסענע שטיוול.

## אַ קאַלכאַזנע בהמה

סעפּטעמבער 1943

דער קאָמאַנדיר מעלניקאָוו, אַ געוועזענער אָפֿיציר, האָט געלעבט פֿאַרן קריג אין דער סביבה פֿון פּלעשטשעניעץ. ער קען

א קריסט, וועלכער האָט געירשנט אַ קאַלכאַזונג בהמה. קיינער פון די חברה וויל ניט גיין צונעמען זי. איך ווייס ניט אינ־גאַנצן פון דעם. איך בין דאָ אין לאַגער אַ צייטווייליקער, ער שיקט מיך ברענגען די בהמה. דער קריסט ווייגט פאַר מיר. דאָס איז זיין איינציקער אַנהאַלט. די קינדער וועלן שטאַרבן פון הונגער. 150 מעטער פון הויז שטייט אַ דייטשי־שער גאַרניזאָן. איך ווייס ניט דעם קאָמאַנדירס כוונות. איך קער זיך אום אָן דער בהמה. דער קאָמאַנדיר ווייזט אַרויס זיין אמתן פּרצוף, אַ פּשוטער שונא־ישראל. אויף צומאָרגנס גרייט ער פאַר מיר אַ נייע זאַדאַניע. ער מוז זיך נוקם זיין. איך קען עפּעס העלפן? איך האָב ניט אפילו, וועמען צו דערציילן.

## די הילצערנע הייזקע

ספּטעמבער 1943

איך מיט אַ קליינעם שייגעץ פון 13 יאָר (אָן עלטערן) קריג אַ באַפעל פון מיין קאָמאַנדיר אויפצורייסן אַ הילצערן הייזל, אין וועלכע עס געפינט זיך די וואַך, דייטשישע סאָלדאַטן, וועלכע היטן די צענטראַלע בריק, 30 ק״מ פון פּלעשטשעניץ. ער גלויבט, אַז איך ווייס ניט דעם וועג און איך מיטן שייגעץ וועלן געוויס אומקומען. איך ווייס דעם סוד און קען גאַרניט טאָן קעגן דעם. מיר באַקומען יעדער 3 האַנט־גראַנאַטן, אויסער מיינע שטענדיקע 2 גראַנאַטן, אָן וועלכע איך ריר זיך ניט. מיר גייען לאַנגזאַם נאָר אין די נעכט, בייטאָג זענען מיר באַהאַלטן אין די וועלדער. די בריק היטן די דייטשן, אָבער אויך די ציווילע באַפעלקערונג נוצט זי. מיר גייען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. מיר האָבן באַשלאָסן אָנקומען צו דער בריק פון דער צווייטער זייט.

200 מעטער פון דער בריק שטייט אַ הילצערנע הייזקע. אין איר געפינען זיך 12 סאָלדאַטן, וועלכע היטן די בריק. אַרום דער הייזקע זענען אויסגעהאַקט די בוימער. מיר קריכן אַרויס פון וואַלד אין דער פינצטער אויף אַלע פיר, דערנענ־טערן מיר זיך צום פאַרקאַן פון שטעכיקע דראָט. איך שנייד אויס אַ לאָך אין אַ ווינקל. מיר שאַרן זיך אריין אין אַרומ־געצוימטן הויף און בלייבן ליגן נעבן דער אוביקאַציע. מיר ווילן כאַפּן אַ ״צונג״ (אַ לעבעדיקן סאָלדאַט). מיר ליגן און וואַרטן 15 מינוט, צו להכעיס קומט קיינער ניט אַרויס. מיר באַשליסן דורכפירן די זאַדאַניע. מיר דערנענטערן זיך צו דער הייזקע. איך וואַרף דורכן פענצטער דעם ערשטן גראַנאַט און זאָג צו זיך: פאַר מיין טאַטנס בלוט, דעם צווייטן – פאַר מיין מאַמעס בלוט. דער שייגעץ וואַרפט 2 גראַנאַטן איינעם נאָך דעם אַנדערן. זיי רייסן זיך אויף. מיר טראָגן זיך גלייך אָפּ אויף אַלע פיר. מיר לויפן דורכן הויף, שאַרן זיך דורך דער לאָך פון פאַרקאַן און זענען שוין ווידער אין וואַלד.

ערשט אין אַ 10 מינוט אַרום האָבן זיך באַוויזן אויפן הימל ראַקעטעס און אַ געדיכטע שיסעריי האָט זיך געעפנט אין



דער זייט פון דער בריק. פּונקט אין דער פאַרקערטער ריכ־טונג, ווו מיר זענען אַנטלאָפן.

מיר זענען אין וואַלד ווי ביי זיך אין דער היים. מיר גייען לאַנגזאַם. ווער וואַרט אויף אונדז? דעם זעלביקן אָוונט האָט מען אין פאַרטיזאַנער שטאַב געוווּסט, אַז אונדזער פּלאַן האָט זיך איינגעגעבן. מיר האָבן אויפגעריסן די הייזקע און דער־הרגעט 7 דייטשן.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אין 2 טעג אַרום אין דער זעמליאַנקע, האָבן זיי ניט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי זענען מיר געבליבן לעבן.

## נייע אויפרייסן

אָקטאָבער 1943

45 וואַגאָנעס מיט סאָלדאַטן פוסגייער, מאָטאָריזירטע און אַמוניציע דאַרפן דורכגיין פון מינסק קיין סמאָלענסק דורך שעלעשטשער פושטשע. מיר, אַ הייפעלע פון 6 פּאַרטיזאַנער, צווישן זיי 2 דייטשן, דאַרפן דורכפירן די זאַדאַניע. 30 ק״מ פון מינסק, אין וואַלד, דאַרפן מיר אויפרייסן די רעלסן (שינעס). עטלעכע גרופּן זענען געשיקט געוואָרן דורכצופירן דאָס שטיקל אַרבעט און ניט מצליח געווען.

מיר מיידן אויס די דערפער. מיר באַהאַלטן זיך בייטאָג אין וועלדער. עס איז דאָ גענוג עסן. 10 ביינאַכט דאַרפן מיר דורכפירן די אַקציע. אַלע 6 גנבענען זיך צו צו דער באַן־ליניע, לייגן אַוועק דעם שאַמפּעל (דראָט פון ביקס) מיט 5 ק״ג דינאַמיט, גראָבן איין אין דער ערד, אַנטלויפן פון אָרט 2 ק״מ און בלייבן וואַרטן. 11 אַזייגער ביינאַכט איז אָנגעקומען דער צוג. דער אויפרייס האָט אָפּגעהילכט אויף קילאָמעטערס. אין 10 טעג אַרום האָבן מיר זיך אומגעקערט אין פושטשע.

## ווינטער

די ווינטער־אַקציעס זענען זייער שווער דורכצופירן. דער שניי איז אַ מוסר. יעדער טראָט איז קענטיק. ווען מען קומט שוין צו דער ליניע מיטן אויפרייס־מאַטעריאַל, דאַרף מען ערשט זיך באַנוצן מיט אַ קינזשאַל, דורכשניידן דעם פאַר־פראָרענעם אייז. יעדער שניט קלינגט אָפּ קילאָמעטערס. ניט איינמאָל האָבן די דייטשן אַראָפּגענומען דעם צוגעגרייטן דינאַמיט, נאָך פאַרן אויפרייס.

## רו־טעג

דעם טאָג, ווען מען גייט ניט אויף זאַדאַניעס, ליגט מען אין זעמליאַנקע. אַנדערע שפּילן אין קאָרטן, איינער פאַרמאָגט אַ מאַנדאָלינע און שפּילט אויף איר. איך בין איין ייד צווישן 80 מאָסקוויטשן. ווען זיי טרינקען זיך אָן מיט ״סאַמאַהאָן״, רופן זיי מיך אַבראַמאָוויטש, ראַבינאָוויטש ״טי סוואָי״ (דו ביסט אָן אונדזעריקער).

### י י ד ן א י ן ו ו א ל ד

כאָטשענטשיטש איז אַ יידישע שטעטעלע אויפן אַלטן רוסיש־פוילישן גרענעץ. די יידן זענען זיך צולאָפן אין די וועלדער. זלמן כאָטשענטשיטשער איז פּאָפּולער אין דער פּאַרטיזאַנקע. ער איז געקומען מיט זיין פרוי און 6 קינדער. געפינט זיך אין אונדזער אָטריאַד.

אין וואַלד אַרום שעלעשטש באַהאַלטן זיך אויס 30 יידישע משפחות, וועלכע געהערן ניט צו די פּאַרטיזאַנער. זיי אַרבעטן ביי די אָרטיקע קריסטן אַלס פּאַכלייט, ווי שניידער, שוסטער, אין פעלד. אַזוי פאַרדינען זיי זייער שטיקל ברויט. פון צייט צו צייט העלפן מיר זיי צו.

### מ ע ן ב א ק ט ב ר ו י ט

אין אַ הויז אין שעלעשטש האָבן מיר אַן אויוון צו אונדזער דיספּאָזיציע. ווען מיר קריגן מעל, באַק איך אין אים. דעם טאָג ווען מען באַקט ברויט, איז אַ שמחה אין זעמליאַנקע, דער עיקר ביי די עטלעכע יידן. זיי קריגן מעשר, פון יעדן געבעקס. דאָס רוב מאַכט מען פון מעל לעפּיאָשקעס, אַזוינע ווייכע שוואַרצע פלעצלעך.

### א ה י י ל י ק ע נ ש מ ה (כשרות)

איין עלטערער ייד, אַ סטאָליער פון פאַך, האָט זיך אָפּגעהיט פון עסן טריפה. ער האָט טאַקע געליטן גאַנץ אָפט הונגער. עס פלעגן דורכגיין וואָכן, ווען קיין ברויט איז ניט געווען אין דער גאַנצער סביבה. אונדזער עסן איז געווען אין יענער צייט פלייש. דער ייד איז נעבעך געשטאָרבן פון הונגער.

ווען מיר האָבן פאָרגעוואָרפן דעם לאַגער־פירער, פאַרוואָס ער האָט ניט געהאָלפן דעם אַלטן יידן מיט עסן, האָט ער געענטפערט, וויפל מאָל האָב איך אים געהייסן נעמען פלייש, האָט ער ניט געוואָלט. ברויט האָב איך אַליין ניט. זאָלן די פּאָר ווערטער זיין אַן אָנדענק אויף זיין הייליקן, פאַרלאָזענעם קבר אין וואַלד נעבן שעלעשטש.

### ל א ס ט ־ א ו י ט א ס

מאַי, 1944

דער שאָסיי סמאָלענסק–מינסק–וואַרשע איז שטענדיק באַזעצט און ווערט געהיט דורך פּאַרטיזאַנער, וועלכע בייטן זיך פון צייט צו צייט און קאָנטראָלירן די באַוועגונג פון דייטשישע אויטאָס און אַמוניציע.

אונדזער אָטריאַד באַטייליקט זיך אין דער אויסשפּיר־אַרבעט. זומער, 1944, איז מיר אויסגעקומען צו האַלטן וואַך אין וואַלד און היטן דעם שאָסיי מינסק־סמאָלענסק, בערך אַ 30 ק"מ פון מינסק. אין מיטן טאָג מעלדעט מען אונדז, אַז עס דאַרפן באַלד דורכגיין 16 לאַסט־אויטאָס מיט אַמוניציע פון מינסקער ריכטונג. מיר זענען דאָ 200 פּאַרטיזאַנער פון פאַרשידענע אָטריאַדן. מיר גרייטן צו אַ זאַסאַדע (אָנגריף), באַשליסנדיק צו פאַרנעמען אַלע לאַסט־אויטאָס. אין לענג פון 300 מעטער, אויף אַ בערגל, ליגן מיר אויסגעלייגט, צו הונדערט מאַן אין יעדער זייט, מיט געווער. מיר וואַרטן אויף די אָנקומענדע לאַסט־אויטאָמאָבילן.

דער שאָסיי געפינט זיך אין טאָל. מיר ליגן פוןביידע זייטן אויף די בערגלעך. פאָרויס האַקט איבער דעם שאָסיי דער טייך ביסטריץ. פון די זייטן פון שאָסיי האָבן מיר אויסגעגראָבן טיפע קאַנאַלן. ווען די אויטאָס זענען אָנגעקומען אין טאָל, אויפן שאָסיי, האָבן מיר פון אויבן זיי באַשאָסן. זיי זענען אַראָפּ אין די אויסגעגראָבענע קאַנאַלן און געבליבן שטיין. אין מיטן דער שיסעריי באַמערקן מיר, אַז מען רינגלט אונדז אַרום, פון דער דרויסנדיקער זייט, און מען איז אונדז באַפאַלן מיט אַ העפטיקער שיסעריי.

מיר טרעטן אָפּ צום טייך ביסטריץ. די פּאַרטיזאַנער פון דער לינקער זייט זענען אַריבער דעם טייך בשלום. די פון דער רעכטער זייט זענען 4 פּאַרטיזאַנער דערטרונקען געוואָרן אין טייך. אין אָט דער זייט איז דער טייך געווען טיף און זיי האָבן ניט געקענט שווימען. צווישן די דערטרונקענע – 2 ווילנער בחורים, איינער אַ צאָן־דאָקטאָר. אויף דער צווייטער זייט טייך האָב איך געטראָפן גולעצקין, אַ קריסט פון ווילייקע, מיט זיין קוזין.



# די צווייטע און לעצטע בלאָקאַדע

## דער לאַגער

אונדזער פונקט געפינט זיך אין וואַלד, נעבן דעם דאָרף דערעוווניאַ, וועלכער באַשטייט פון הונדערט הייזקעס (אַ געווזענער קאָלכאָז). אין וואַלד זענען איינגעאָרדנט זעמליאַנקעס אונטער דער ערד און הילצערנע הייזקעס אויף דער ערד. זיי זענען געבויט פון געזעגטע קלעצער.

אונדזער בריגאַדע באַשטייט פון 2000 פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן קאַנצעלאַריעס, ראַדיאָ־סטאַנציעס, אַ פאַרבינדונג פון רייטער און פוסגייער פון אָרטיקע פויערים, וועלכע אַרבעטן מיט מיט אונדז.

## מיר זענען אַרומגערינגלט

פון מינסק האָבן מיר באַקומען ידיעות, אַז די דייטשן גרייטן קעגן אונדז אַ בלאָקאַדע פון דער דרומדיקער זייט. אין דער ריכטונג פון מאָלאָדעטשנע, ווילייקע, סמאָרגאָן און נאַראָטשער אָזערעס גייען געשולטע דייטשישע זעלנער מיט אַמוניציע און פירן קאַמפן מיט די פּאַרטיזאַנער אין יענע געגנטן. זיי שפּאַרן מיט אַ שטאַרקן כוח צו צפון־זייט, צו אונדז. אין דער זעלביקער צייט פירן דייטשישע זעלנער עקשנותדיקע קאַמפן פון דער בערעזינע און דערנענטערן זיך צו אונדז, פון צפון־זייט. מיר זענען אַרומגערינגלט. אין דער דייטשישער זייט באַטייליקן זיך אין דער בלאָקאַדע ביי אַ 120,000 מאַן, רעגולערע זעלנער מיט אָן אַ שיעור אַעראָפּלאַנען.

מיר באַקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן אונדזער אָרט און גיין צו דער בערעזינאַ צום שטאַב. אונדזער וועג פירט דורך די זייטיקע שאָסייען ביי טאָג און ביינאַכט מיט לייכטן געווער אויף זיך. איך טראָג אַן אויטאָמאַט מיט אַ סך רעזערוו־קוילן. די מאַשינען־געווער, מינאַמיאָטן, האַרמאַטן 75 מ״מ, וועלכע מען האָט אונדז אַראָפּגעוואָרפן דורך פּאַראַשוטן אין וואַלד און פ.ט.ר. קעגן טאַנקען – דאָס אַלץ האָבן מיר באַגראָבן אין די אויסגעגראָבענע גריבער אין וואַלד.

## מיר גראָבן אָקאָפּעס

מיר גייען 3 טעג, אָפּגעגאַנגען בערך 90 ק״מ. נעבן דאָרף בערעזינקאַ באַקומען מיר אַ באַפעל, צו בלייבן שטיין און זיך אַרומגראָבן אין אָקאָפּעס. מיר עפענען דאָ אַ פראָנט, אָפּצוהאַלטן דעם דרוק פון די דייטשישע זעלנער. מיר שטייען צוויי טעג אין אָקאָפּעס. די דייטשן באָמבאַרדירן דעם גאַנצן שטח. זיי וואַרפן פיל אויפרייס־מאַטעריאַל, גראַנאַטן און באָמבעס. זיי גיסן פון די אַעראָפּלאַנען אַ געוויסע פליסיקייט, וועלכע הויבט אָן ברענען אין דער לופטן. שטיקער פייער פאַלן אַראָפּ און פאַרברענען וואָס זיי טרעפן אויף דער ערד. די דייטשן צינדן אונטער מיט דער זעלביקער פליסיקייט. עס איז דאָ אָנגעקומען די גאַנצע בריגאַדע, בערך אַ 2,000 מאַן.

מיט אונדז גייט מיט די ציווילע באַפעלקערונג, וועלכע אַנטלויפט פון דייטש. ווייל ווו נאָר ער פאַרנעמט, מאָרדעט ער אָן אויסנאַם. דאָ איז אויך אָנגעקומען אַ צווייטער אָטריאַד ״באָרבאַ״, פון אונדזער דיוויזיע. צוזאַמען ציילן מיר אַ זעקס טויזנט פּאַרטיזאַנער.

## אין קאַמף ביי דער בערעזינאַ

דער באַפעל הייסט באַגראָבן די מינאַמיאָטן און האַרמאַטן, די פערד דערשיסן, כדי זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן לעבעדיקע צו די דייטשן און די זאָטלען באַגראָבן. פון פאַרנאַכט אָן גראָבן מיר גריבער. מיר באַגראָבן די אַמוניציע. מיר גרייטן זיך ביינאַכט דורכצורייסן דעם פראָנט. מיר זענען שוין בערך 15,000 מאַן אַרומגערינגלט דורך די דייטשן אויף אַ שטח פון 5 ק״מ. מיר גרייטן צו טראָג־ברעטלעך פון דרענגלעך, כדי מיטצונעמען די פאַרוווּנדעטע, וועלכע מיר שלעפּן־מיט פון בערעזינקע. די פערד דערשאָסן, בלויז 2 אויסשפּיר־פערד האָבן זייערע רייטערס ניט געהאַט קיין האַרץ צו דערשיסן. די פערד גייען זיי נאָך ווי געהאָרכזאַמע משרתים און זענען אונדז, אגב, זייער צונוץ געקומען.

10 ביינאַכט. מיר וואַשן זיך אין טייכל און באַקומען גוט אָפּצועסן.

עס איז ווייניק די באָמבאַרדירונג פון די אַעראָפּלאַנען, האָבן די דייטשן אַרויסגעשיקט קעגן אונדז מינאַמיאָטן 5־סטוואָלנע (רעריקע), וועלכע באַוועגן זיך אויטאָמאַטיש, אָן מענטשן און שיטן פון זיך קוילן מיט פייער. ווען עס ענדיקן זיך די קוילן, בלייבן זיי שטיין. די דייטשן קערן זיי אום צוריק מיט קאַבעלן און קייטן. מיר באַמיען זיך אַז די מינאַמיאָטן זאָלן זיך ניט אומקערן צו די דייטשן, ווייל זיי לאָדן זיי אָן מיט נייע קוילן און שיקן די ״ליימענע גולמס״ ווייטער, כדי צו זייען טויט און אומגליק. די פ.ט.ר. אונדזערע צעשטערן זיי. אונדזער געווער קעגן אַעראָפּלאַנען איז זייער שוואַך. דערצו האָבן די דייטשן אין מינסק אַ שולע פון פליער און איצטער נוצן זיי אויס קעגן אונדז. מיר פירן אַ פאַרלאָרענעם קריג. מיר קענען ניט אויסהאַלטן דעם פייער. עס פאַלן פון אונדז קרבנות. יעדערער וואַרט אויף זיין ריי.

## צו דער בערעזינאַ

מיר באַקומען אַ באַפעל זיך צוריקציען צו דער בערעזינאַ. דער באַפעל הייסט, דורכרייסן דעם פראָנט אין דער מזרח־ריכטונג פון צפון־זייט פון מינסק. דאָס מוז אָפּגעטאָן ווערן היינטיקע נאַכט, ווייל מאָרגן וועט זיין שפּעט. עס איז ביי אונדז אַ פראַגע פון לעבן און טויט. יעדער אָטריאַד איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיינע מענטשן. ער באַקומט אַ באַשטימטן פּלאַץ, ווו ער דאַרף זיך דורכרייסן. אָנהויב אָוונט זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן 5 מאַן, אויסשפּירער, וועלכע האָבן אונדז אָנגעוויזן דעם אָרט, ווו עס ליגן די פאַרמאַסקירטע

דייטשן. מיר גייען רויק. יעדע 50 מעטער בלייבן מיר ליגן שטיל כדי מיר זאָלן ניט באַמערקט ווערן.

ביינאַכט רוען די דייטשן. זיי שלאָפן אין אויפגעשטעלטע געצעלטן אויף לאַנקעס נעבן וואַלד.

### דורכרייסן דעם פראָנט

מיר האָבן נאָר אָנגעהייבן גיין אין וואַלד, די טרוקענע צווייגן ברעכן זיך אונטער די פיס. איך האָב געקלערט, אָט ענדיקן מיר מיט אונדזערע 70 יאָר. מיר גייען אויסגעשטעלט אין רייען, פּאַרויס גייען די מאַשינען-געווער-טרעגער, די אויטאָ-מאַטן און פּ.ט.ר. איך טראָג אַן אויטאָמאַט. מיר גייען אין דער ערשטער ריי. מיר זענען אָנגעלאָדן מיט רעזערוו-קוילן און מיט 2 גראַנאַטן יעדער איינער. נאָך אונדז קומען די ביקסן-האַלטער.

אין אַ ברייט פון 50 מעטער דאַרפן מיר דורכרייסן דעם פראָנט. די ציווילע באַפעלקערונג רייסט זיך מיטגיין מיט אונדז. זיי ווילן זיין דווקא די ערשטע אין דער ריי. די הינ-טערשטע פּאַרטיזאַנער איילן זיך אונטער. קיינער וויל ניט בלייבן אָפּגעשטאַנען הינטערן פראָנט. אַלע ווילן וואָס גיכער געראַטעוועט ווערן. מיר זענען פּאַראינטערעסירט, אַז די דייטשן זאָלן אונדז ניט שפּירן, ביז וואַנען מיר וועלן צוגיין נאָענט צו זיי. מיר גייען שטיל רויק, דריי מאָל זיך אָפּגע-שטעלט, ביז מיר זענען דערגאַנגען נעבן די ערשטע דייטשישע פּאָזיציעס.

### הורא — פּאַרויס

מיט אַ געשריי "הוראַ - ווּפּעריאָד" (פּאַרויס), מיט אַ הילכי-קער שיסעריי פון אַלע כלים, וועלכע מיר האָבן געהאַט, זענען מיר געגאַנגען, געשאָטן מיט פייער און פּאַרניכטונג. די דייטשישע זעלנער, וועלכע מיר האָבן אָנגעטראָפן אויפן וועג, זענען ניט אַרויס קיין לעבעדיקע. אין אַ ברייט פון 50 מעטער, זענען מיר געגאַנגען איבער אָקאָפּעס און מענטשליכע קער-פּערס, סאָלדאָטן מיט געווער. דער שונא האָט וואָרשיינליך געמיינט, אַז מיר האָבן אים אַרומגערינגלט. ער האָט באַלויכטן דעם הימל מיט ראַקעטן, כדי צו אָריענטירן זיך וואָס עס קומט דאָ פאָר. דערמיט האָבן זיי אונדז בלויז געוויזן גענוי דעם וועג, וווּהין צו גיין. ביז זון-אויפגאַנג זענען מיר דערגאַנגען צום צענטראַלן שאָסיי,מינסק - מאָהילעוו. מיר זענען שטיין געבליבן און געמאַכט אַ ציילונג. עס האָבן ניט געפעלט קיין סך. מיר האָבן זיך געריכט אויף פיל מער. אין געפענגעניש זענען אַריינגעפאַלן בלויז 7 מאַן. אויפן הויפּט-שאָסיי האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קאַבעל פון טעלעפאָן דראָטן. מיר האָבן עס גלייך איבערגעשניטן און מיטגעשלעפּט מיט אונדז.

מיר זענען אָנגעקומען אַ 70 ק"מ פון צפון-זייט פון מינסק. ביינאַכט האָט מען גוט געקענט באַמערקן, ווי דער הימל איז רויט. דאָס האָט געברענט די שטאָט. אונדזער ריכטונג איז געווען צוריק צו דער לעצטער, אַלטער באַזע, אין שעלעש-צער וואַלד.

### אויסשפּירער

מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ 10 ק"מ, אַריין אין אַ וואַלד זיך אָפּרוען, געבליבן וואַרטן אַ פּאָר טעג, ווייטער געגאַנגען 20 ק"מ און געבליבן עטלעכע טעג אין וואַלד. עסן נעמען מיר ביי די פּויערים פון דער סביבה. מיר יאָגן זיך ניט. דאָס לעבן אין זעמליאַנקע איז אונדז גוט באַקאַנט... מיר שטויסן זיך אָן אויפן פינפטן טאָג אויף אַן אויסשפּירונג פון 40 מאַן רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען געגאַנגען פון פּאַלאַצקער פראָנט צופוס. מיר האָבן זיי ניט געגלויבט, ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז די רוסן האָבן אָנגעגריפן מינסק.

אונדזערע אָפּיצירן האָבן זיי גוט אויסגעפאָרשט און אַ דאַנק דער באַגעגעניש האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל אַרויסצוגיין אויף דעם הויפּט-שאָסיי און ניט דורכלאָזן קיין איין דייטש. מיר דאַרפן מיטהעלפן דער רעגולערער אַרמיי, וועלכע קעמפט און באַפרייט שטחים פון צפון און מזרח רוסלאַנד. סמאָלענסק איז שוין באַפרייט, דער קאַמף איז אַריבער אויף מינסק.

מיר זענען אָנגעקומען אין פּלעשטשעניץ. אונדזער באַפעל לויטעט: איבערהאַקן דעם וועג, קיין איין דייטש זאָל דאָ ניט קענען דורכגיין. מיר גראָבן זיך איין, באַהערשן דעם הויפּט-שאָסיי און די זייטיקע וועגן. מיר שפּירן שוין אונדזערע פעסטע טריט. מיר זוכן מעגלעכקייטן, ווי אַזוי נקמה צו נעמען פון די רוצחים.

די גויים פון דער אַרומיקער סביבה, פון די דערפער און קאָלכאָזן באַפאַלן די דייטשישע סקלאַדן און שלעפּן פון דאָרט שטיוול, בגדים און עסנוואַרג. וואָס זיי וועלן איצטער אַרויס-קריגן, וועט ביי זיי קיינער ניט צונעמען.

מיר באַקומען אַ באַפעל, מיטצוהעלפן דער רעגולערער סאָוויעטישער אַרמיי אין איר קאַמף. מיר היטן דעם שאָסיי מיט די וועגן, וועלכע פירן פון סמאָלענסק קיין מינסק.

די צווייטע נאַכט. מיר שלאָגן זיך אָן אויף אַן "אָבאָז" פון דער דייטשישער שוץ-פּאָליציי מיט זייערע ווייבער און קינ-דער. די מענער גייען איבערגעטאָן ציוויל, אָן געווער, פירן מיט בהמות, וועגענער מיט אַ סך זאַכן. זיי זעען זיך אָן אַזוינע שטילע לעמעלעך. זיי קענען נעבעך קיין צוויי ניט ציילן. זייער האַלטונג איז אַזאַ איידעלע, אַן אונטערטעניקע. גיי דערקען דאָס "הערן-פאָלק". מיר האַלטן זיי אָפּ, פירן זיי אַראָפּ פון הויפּט-טראַקט אויף אַ זייטיקן וועג. מיר פרעגן זיי אויס גענוי פון וואַנען זיי קומען, וווּהין זיי גייען. מיר קאָנטראָלירן די פּעסער ביי די מענער. איך ווייס ניט וויפל פון זיי זענען דערגאַנגען צו זייערע היימען...

### טאַנקען-בריגאַדע

די 12-טע טאַנקען-בריגאַדע גייט פאָרויס. זי איילט זיך איינ-צונעמען צוריק ווייס-רוסלאַנד. די פוסגייער קענען זיי ניט

נאָכיאָגן. דאָרט ווו די טאַנקען גייען דורך, לאָזן זיי נאָך זיך חורבות. די אויפגעריסענע באַזעס און צעלאָפּענע דייטשישע סאָלדאַטן דאַרף מען אויפקלייבן אין געפּענגעניש, אין לאַ־גערן. דאָס דאַרפן טאָן די פוסגייער. דער באַפעל הייסט אונדז זיך איינצוגלידערן אין דער אַרמיי, ווי פוסגייער ביי דער טאַנקען־בריגאַדע. צו צוועלף מאַן קריכן מיר אַרויף אויף די טאַנקען און פאָרן מיט אָנשטאָט די פוסגייער. דער באַפעל הייסט אונדז דערגיין ביז סמאָרגאָן.

## אויפגעריסענע בריקן

די געגנט איז מיר דאָ גוט באַקאַנט. עס איז ניטאָ קיין בריק, ווו איך האָב זיך ניט באַטייליקט אין אויפרייסן זי. ניטאָ קיין וועג, ווו איך בין ניט געגאַנגען צופוס אונטערזוכן טעלעפאָן־סלופּעס, א. א. וו. היינט דאַרפן מיר די זעלביקע בריקן אויפבויען. די טאַנקען זאָלן קענען אַריבערפאָרן.

מיר לאָזן זיך אַראָפּ מיטאַמאָל, 200 מאַן, פון די טאַנקען. מיר שלעפּן געזעגענע קלעצער, לייגן זיי אויף אין קלעטקעס. אויבן איבערגעלייגט מיט בעלקעס און מיר האָבן אַ בריק. אַז עס איז ניטאָ קיין פאַרטיקע קלעצער, נעמען מיר פונאַנ־דער הייזער און באַנוצן זיך מיט די קלעצער און ברעטער. אין געציילטע שעהן ווערן פאַרטיק די נויטיקע בריקן. עס אַרבעט זיך מיט ענערגיע, כוח און אימפּעט.

## ווילייקע אין פלאַמען

עס טרייסלען זיך אין מיר מיינע גלידער. מיר דאַרפן דורכ־פאָרן דורך ווילייקע. מיין היים־שטאָט. ווי זעט זי אויס? וועמען וועל איך דאָרט טרעפן? ווער וואַרט אויף מיר? איך ווייס דאָך, אַז קיינער איז איצט ניט געבליבן. דאָך גלויבט זיך ניט. ביי מיר אין געדאַנק לעבן נאָך אַלע. אָט וועל איך אַלעמען זען, געראַטעוועטע, לעבעדיקע. איז מאַלוניער קבר אַ חלום? איז די טורמע בלויז אַ קאָשמאַר געוועזן? די בייג־קעניש גייט איבער אין אַ נקמה־געפיל, נקמה פאַר מיינע, אונדזערע בעסטע און טייערסטע.

## אַן אויפגעריסענער טאַנק

מיר פאָרן פאָרויס. מיר שטויסן זיך ניט אָן אויף קיין ווידער־שטאַנד. ווו זענען זיי, די גרויסע העלדן? נעבן דאָרף אַל־קאָוויטש איז דער ערשטער פאָרויסגייענדיקער טאַנק אַרויף אויף אַ מינע. ווייזט אויס, אַן אייגענע. דער טאַנק איז אויפ־געריסן געוואָרן און דערהרגעט אַלע מיטפאָרער. די איבע־ריקע טאַנקען מיידן אים אויס און פאָרן ווייטער. די דער־הרגעטע זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן וועג, ניט ווייט פון פאַרברענטן טאַנק. עס פאַרנעמען זיך דערמיט ספּעציעלע סאָלדאַטן. נאָך דער מלחמה וועט מען זיי אויס־גראָבן און ברענגען מיט מיליטערישן פּאַראַד צו קבורה אין די מיליטערישע בית־עלמינס.

## אונדזערע עראָפּלאַנען

מיר פאָרן דורך דער ווילייע ביי סאָסענקע. דאָ איז ניט טיף. די טאַנקען זענען שוין אויפן צווייטן ברעג. ווי נאָר אויפן הימל באַווייזן זיך עראָפּלאַנען, זוכן מיר ווו צו באַהאַלטן זיך. מיר זענען זיכער, אַז דאָס זענען דייטשישע. פּלוצלונג באַגריסט מען פון די עראָפּלאַנען מיט באַוועגונגען פון הענט. "נאַשע", אונדזערע, הערט זיך אַן אויסגעשריי פון הונדערטער מיילער. די טאַנקען פירן אונדז ביז כאָלאָפּיער דאָרף. אונדזער מזל, מיר האָבן ניט געהאַט אַ שטאָך אַרבעט. די ערשטע טאַנקען האָבן אָפּגערייניקט דעם וועג.

## די חרובע היים

מיר גייען אַראָפּ נעבן דאָרף. מיר קלערן, צי וועלן זיך אָנ־הויבן קאַמפן מיטן דייטשישן מיליטער? מיר זעען פון ווייטן ווילייקע. זי שטייט אין פלאַמען. עס איז מיר שווער אויפן האַרצן. זיך פרייען? אפשר וועט לייכטער ווערן פון וויינען. אָט זענען מיר שוין נעבן איידלמאַנס טאַרטאַק. ער שטייט אַ גאַנצער. עס פאַרדריסט מיר, פאַרוואָס ברענט ער ניט ווי אַנדערע הייזער. פאַרוואָס זאָל יידיש בלוט אַריינפאַלן אין גויישע הענט. זענען די אייגנטימער אומגעקומען, זאָלן כאָטש שונאים קיין הנאה ניט האָבן פון יענעמס האָרעוואַניע. אויף כאָלאָפּיער גאַס שטייען געציילטע הייזער; דובינס טאַרטאַק איז פאַרברענט, אָבער אַרומגעצאַמט. אינעווייניק אַרבעט מען. מיר בלייבן שטיין ביי דעם געסעלע, וועלכעס פירט צו דער באַן. די גאַס איז איבערגעהאַקט מיט אַ הילצערנע וואַנט פון בעלקעס אָנגעשאָטן מיט ערד קרוב 3 מעטער. דאָס איז אַ באַריער, וועלכער דאַרף אָפּהאַלטן די אָנגריפן פון די טאַנקען. דאָ זענען געלעגן פיל דייטשן, געהרגעטע. נעבן זיי אַ סך אַמוניציע. די טאַנקען האָבן צעשמעטערט דעם באַריער, דער־הרגעט די סאָלדאַטן און אַוועק ווייטער אין שטאָט. מיר רוי־מען אָפּ די באָמבעס, טראָגן זיי אַוועק ווייטער אָן אַ זייט. זיי זענען דאָ פאַראַן אין די הונדערטער.

פאַנאַנדערגענומען די בעלקעס, פאַרגלייכט די ערד. אויפן גאַס שטייען אָפענע קאַסטנס מיט ציגאַרעטן. דאָס האָבן די גוים אַרויסגעשלעפּט פון די דייטשישע סקלאַדן. זיי טראָגן וויפל נאָר זיי קענען. מיר זענען זיך אויך מכבד, מיר נעמען מיט וויפל עס גייט נאָר אַריין אין די קעשענעס.

## אויפן מאַרק

מיר דערגייען צום מאַרק, איך קוק און דערקען ניט מיין שטאָט, מיין ווילייקע. וואָס איז פון דיר געוואָרן? גאַנץ פּילסודסקי גאַס איז אָפּגעברענט. עס שטייען נאָר קוימענס, איבערגעבליבענע מצבות נאָך הייזער, וועלכע זענען פאַר־ברענט געוואָרן, נאָך לעבנס, וועלכע זענען פאַרשניטן גע־וואָרן דורך היטלערישע האָרדעס. בלויז איין הויז איטשע־

דודס איז געבליבן אַ גאַנצע ווי אַ זכר לחורבן. מען זעט פון ווייטן דאָס בריקל איבערן טייכל פלעסניאַנקע. די ווענט פון מויער פון ״קאַסע סקאַרבאָווע״, דער בנין פון קאָשיקאַרנע און די פּראַוואָסלאַווגע צערקווע מיט אַן אַראָפּגעשאָסענעם צלם, פון ווייטן זעען זיי אויס אַזוי קליין און נישטיק.

מיר גייען צו פאַרסער גאַס, די פייערלעשער געביידע שטייט גאַנץ, אָבער ליידיק, די עלעקטראָווניע ברענט, איינגעהילט אין אַ געדיכטן רויך. דאָ זעט זיך גוט דער נייער בנין פון דער תרבות־שולע אויפן בערגעלע, ווי ער שטייט אין פלאַמען, אַזאַ ריינער ליכטיקער פייער ציט זיך צום הימל. עס ווערט מיר לייכטער אויפן האַרצן, אונדזער בלוט איז אַוועק מיטן רויך. פון אונדזער האָב און גוטס וועלן שונאים קיין הנאה ניט האָבן. עס איז פאַרנאַכט, איך זוך נאָך אַרום, איך וויל געפינען עפּעס אַ לעבעדיקן שפּור. איך באַמערק אַ סך פּלעצער, וווּ עס זענען געשטאַנען יידישע הייזער, איצטער אפילו קיין סימן ניטאָ פון זיי, קיין קוימענס ניט איבערגעבליבן. דאָס האָבן די קריסטן אָפּגעקויפט יידישע הייזער פאַר פּרוטות ביי די דייטשן, פאַנאַנדערגענומען און אָפּגעבויט זיי צוריק אין די דערפער. אין קאַלאָוויץ שטייען אַ סך יידישע הייזער פון ווילייקע. אונדזער הויז איז אַריבערגעפירט געוואָרן נעבן יידישן בית־עולם. אַזוי האָט מען געירשנט יידיש פאַרמעגן.

״זאַסאַדעס״

מען צעשיקט אונדז גרופּענווייז היטן באַשטימטע ערטער, דעם ״פּערעיעזד״ (אַריבערפאָר) אין פאַרסער גאַס, אַרויף־צו ביזן וואַקזאַל און ווייטער. מיר בלייבן היטן. שפּעטער פרעגן מיר זיך אַליין, וואָס וואָלטן מיר געקענט טאָן מיט אונדזערע ביקסן און גראַנאַטן, ווען עס וואָלט אָנגעקומען אַ פאַנצער־צוג?

מיינע חברים – פאַרטיזאַנער וואַרפן מיר פאָר, דו ביסט אַ היגער, געקומען אַ היים... צו זיך אין שטאָט, ביסטו ניט מכבד אפילו מיט אַ טרונק ״סאַמאָהאָן״. איך גיי מיט נאָך 2 פאַרטיזאַנער זוכן אַ באַקאַנטן קריסט. מיר געפינען דורייקע דעם טויבן, וועלכער אַרבעט אין דער עלעקטראָווניע. ער דערקענט מיך, איז אונדז גערן מכבד מיט סאַמאָהאָן. איך קען אים פאַר אַן אונדז'עריקן. זיין ברודער, דער פאַרוואַלטער פון דער עלעקטראָווניע איז אין דער צייט פון די דייטשן אויפגעהאַנגען געוואָרן דורך די נאַציס פאַר סאַבאָטאַזש. מיר פאַרבייסן מיט ברויט און באַדאַנקען אים. שוין אַ פּאָר טעג, ווי מיר קריגן ניט צום עסן. וואָס מיר שאַפן ניט אַליין, האָבן מיר ניט.

עס ווינט נעבן אים ראַציפּ. ראַציפּס פרוי איז געווען אַ משומדת. די דייטשן האָבן זי דערהרגעט מיט אירע קינדער. ביי זיי אין די אויגן איז זי געבליבן אַ יידישע. עס העלפט ניט קיין שמד אין גורלדיקן טאָג.

אויפן וועג קיין סמאַרגאַן

אויף מאָרגן פאַרנאַכט גייען מיר קיין סמאָרגאָן. קיין בריקן איבער די טייכן זענען ניטאָ. מיר שפּרייזן אַריבער דעם טייך. נעבן סאָלאָוויץ איז דאָ אַ גרויסער פלי־פּלאַץ, וועלכן די סאָוויעטן האָבן געבויט אין 1940. מיר באַמערקן, ווי מען לאָזט אַראָפּ פאַראַשוטיסטן – דיווערסאַנטן אויף דעם פּלאַץ. מיר באַקומען אַ באַפעל צו גיין קאָנטראָלירן, ווער זענען די דיווערסאַנטן. ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס זענען פעסלעך בענזין אַראָפּגעלאָזטע דורך פאַראַשוטן. אָט זענען מיר אין אַלט־סמאָרגאָן.

די ערשטע טאַנקען זענען פאַרהאַלטן געוואָרן פאַר סמאָרגאָן. דאָ זענען געווען אויסגעבויטע און פאַרפעסטיקטע פאָרטן מיט אָקאָפּעס פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָ איז געווען דער אַלטער רוסיש־דייטשישער פראָנט. די דייטשן האָבן אויסגענוצט די אָקאָפּעס און ניט צוגעלאָזן די סאָוויעטישע טאַנקען. די ״קאַטיושעס״ האָבן געזייט פייער. זייערע סנאַריאַדן האָבן דורכגעריסן די איינגעמויערטע טיפע אָקאָפּעס, די שטאָט איז געווען צעאַקערט פון די קוילן. כמעט קיין איין הויז איז ניט געבליבן גאַנץ. אַלץ איז פאַרברענט. אפילו די ערד איז געווען שוואַרץ. אויף דער קאַרקע (אַ פאָרשטעטל) זענען געבליבן אַ פּאָר הייזקעס, באַזעצטע דורך קריסטן. דאָ האָבן מיר באַקומען האָניק, אָבער אָן ברויט. זיי האָבן אונדז גלייך אַרויסגעגעבן אַ דייטשישן פּאָליציסט, וועלכן מיר האָבן איבערגעגעבן דער מיליטערישער מאַכט. אַ מעת־לעת זענען מיר פאַרבליבן אין סמאָרגאָן. דער באַפעל הייסט, זיך אומקערן קיין מינסק. מיר נעמען אַ וואָגן מיט אַ פערד ביי אַ קריסט. ער ברענגט אונדז קיין ווילייקע.

נעבן ראַציפּן ווינט קאָסציע, וואַלינעצס איידעם. ער האָט געירשנט אַ גוטן יידישן פערד מיט אַ וואָגן. מיינע חברים נעמען דעם פערד און וואָגן. מיר פאָרן מיט אים ביז מינסק.

מינסק

דאָ האָבן זיך צונויפגעקליבן 80.000 פאַרטיזאַנער. מיר קריגן צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער מלחמה ווייס־ברויט. דאָס האָט געדאַרפט הייסן, אַז עס הויבט זיך אָן אַ נייע, ווייסע, ליכטיקע תקופה אין אונדזער לעבן.

פאַרטיזאַנער־אָרדן

מען זאָגט אונדז, אַז עס גרייטן זיך צו קומען אַהער די העכסטע קאָמאַנדירן פון דער רויטער אַרמיי. זיי וועלן אונדז פאַרטיילן די פאַרטיזאַנער אָפּצייכונג און אויסצייכנונגען.

מען לערנט אונדז ווי צו גיין אין אַ פאַראַד. אָבער מיר זענען אָנגעטאָן אין כל מיני מלבושים פון דעם דייטשישן, רוסישן און אפילו פוילישן מיליטער. יעדער האָט זיין באַזונדער געווער. אויף אַ גרויסן שטח הינטער מינסק, האָט

מען אונדז צוזאַמענגענומען, אויסגעשטעלט אין רייען. מען פילמירט, מען רופט אונדז איינציקווייז צו דער טריבונע. לאַורענט בעריע (אינערן קאָמיסאַר) הויפט פון נ. ק. וו. ד. דריקט די האַנט און באַשענקט יעדן איינעם מיט אַן אָרדן. איך באַקום דעם אָרדן "פּאַרטיזאַן אָטיעטשעסטווענאַי וואָיני ווטאָראָי סטיעפּעני" (פּאַרטיזאַן פון דער פּאָטערלענדישער מלחמה, אָרדן פון צווייטן ראַנג).

מיר קערן זיך אום מיט די אָפּצייכנונגען אין דער אַלטער היים, אין פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד, נעבן שעלעשץ. דאָ באַגעגן איך דעם צאָן־דאָקטאָר שימשעלעוויטש און די פּרוי פּיאַסטונאָוויטש. זיי דערפרייען זיך מיט מיר. זיי פרעגן מיך אויף ווילייקער. איך דערצייל זיי, ווי עס זעט אויס אונדזער היים. מיר זענען באַפרייט געוואָרן, איינציקע האַלאָוועשקעס פון אַ גרויסער שריפה, וואָס האָט פאַרברענט און פאַרניכטעט דעם קערנדיקסטן טייל פון אונדזער פאָלק, דאָס פּויליש־ליטווישע יידנטום.

מיר האָבן דאָ מער קיין אָרט ניט. אונדזער ערד איז אָנגעזאַפּט מיט בלוט פון אונדזערע בעסטע און טייערסטע.

אונדזער פרייד איז אויסגעמישט מיט טרויער. יאָ! דער טרויער איז גרעסער ווי די שמחה.

יוני, 1944

אין די ליטווישע געגנטן, ביי פּאָניוויעזש, האָבן מיר ביינאַכט פּאַטרולירט און אין אַ געוויסן פּאָלוואַרק, האָבן מיר אַלע זיך געלייגט שלאָפן. עס איז געווען נאָנט פון אַ רוסישן פלי־פלאַץ. פאַרטאָג האָבן אונדז סאָוויעטישע סאָלדאַטן אַרעסטירט. מען האָט אונדז געבראַכט אין שטאַב, אָפּגעשאָרן די האָר און באַקומען אויסגעמוסרט, ווי עס דאַרף צו זיין, פאַרוואָס זענען מיר ניט געווען פאָרזיכטיק. מען האָט אונדז אומגעקערט קיין מאָסקווע.

איך פאָר קיין קאַווקאַז. אין דער שטאָט גראָזני. אַ באַקאַנטער אָרט פון נאַפט־קוואַלן. אַז מען טוט אָן אַ ווייס העמדל, ווערט זי שוואַרץ פון די נאַפט־גאַזן אין משך פון אַ האַלבער שעה. מיר האָבן דאָרט געטראָפן יידן, וועלכע האָבן גערעדט מיט אונדז לשון־קודש, זייער פרומע. זיי האָבן זיך מיט מיר זייער דערפרייט. זיי פלעגן מיך איינלאַדן צו זיי אין די הייזער. זיי האָבן אויך געהאָלפן מיט געלט. אַ האַלב יאָר האָבן מיר דאָרט געזוכט די אַנטי־סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער־דיווערסאַנטן. צוליב דער מאַלאַריע, וועלכע האָט זיך דאָ פאַרשפּרייט, האָט מען אונדז איבערגעשיקט קיין פּוילן, סטאַניסלאַווער אָבלאַסט, און מיר האָבן דאָ געקעמפט מיט די באַנדעראָווצעס פון 1946 ביז 1949. איך האָב דאָ צום ערשטן מאָל דערהערט וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער מדינת־ישראל.

אין מיליטער

בלויז צוויי טעג זענען מיר געווען אין אונדזער בריגאַדע נעבן שעלעשץ. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל זיך אומצוקערן קיין מינסק. דאָ האָט מען אונדז אָנגעהויבן צעטיילן אין קליינע גרופּן. די עלטערע און ווער עס האָט געוואָלט, האָט מען געשיקט אַהיים. צווישן זיי עטלעכע ראַדאָשקאָוויטשער יידן. די יונגטלעכע גרופּן האָט מען אַריבערגעפירט אין אַ גרויסן פּונקט אויף אַ קורס ווי צו באַנוצן זיך מיט מאַשינען־געווער. מיר זענען געווען עטלעכע טויזנט מאַן. צוויי וואָכן האָט געדויערט דער קורס. פון דאָרט זענען מיר ווייטער געפאָרן קיין מאָסקווע.

40 ק"מ הינטער מאָסקווע פון צפון־זייט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אונדזערע אַלטע קאָלעגן פון דעם פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד. איך האָב דאָ געזען גולעצקין פון ווילייקע מיט נאָך עטלעכע שקצים פון דער סביבה. קיין יידן, אפילו קיין איינעם ניט. גרוסן פון יוסף נאָרמאַן און דוד קאָפּעלאָוויטש האָב איך באַקומען פון שקצים, זייערע חברים פון אָטריאַד. איבער 2 מאָנאַטן זענען מיר דאָ געזעסן, דורכגעמאַכט אַ קורס. צעטיילנדיק אויף קלענערע גרופּן צו 6 מאַן, בין איך מיט נאָך 5 שקצים איבערגעשיקט געוואָרן אויסצוראָטן דיווערסאַנטן; "ווייסע" פּאָליאַקן אין די געגנטן פון ווילייקע, ווילנע, אָראַני. אונדזער פּונקט איז געווען אין ווערקי ביי ווילנע. עס איז אונדז אַריינגעפאַלן איינמאָל אַ ייד, וועלכן מיר האָבן איבערגעגעבן דער מאַכט. ווי עס ווייזט אויס, האָבן אים די ליטווינער געראַטעוועט און ער איז געצוווּנגען געווען גיין מיט זיי.

איך ווער פאַרוואונדעט

דעם 16.3.1949 האָב איך באַקומען אַ קויל אין פוס, בעת אַן אָנגריף פון באַנדעראָווצעס. מען האָט מיך אָפּגעפירט אין שפּיטאָל קיין טשערנאָוויץ. איך בין געלעגן $2\frac{1}{2}$ מאָנאַטן, ביז די ווונד האָט זיך פאַרהיילט. דאָרט האָב איך געטראָפן אַ יידישן דאָקטאָר. נאָכן בודק זיין מיין ווונד, פרעגט ער מיך "עמך"? דעם באַוווּסטן פּאַראָל. די הויפּט־שוועסטער איז אויך געווען אַ יידישע. ערב־פסח פרעגט זי מיך, ווייסטו דען, אַז היינט איז פסח? אויף מאָרגן פרי האָט זי מיר געבראַכט מצה. זי האָט מיר דערמיט געעפנט אַ פאַראייטערטע ווונד. איך האָב זיך געפרעגט, איך בין שוין 5 יאָר אויף דער פריי און האָב נאָך ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו פילן זיך ווי אַ ייד. מיין פנים האָט מיר ניט געמסרט מיין יידישקייט. זעלטן ווען האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ יידן. איך האָב געשפּירט בלויז דאָס גרויס אומגליק פון אַ פאָלק, וועלכעס איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן. איך האָב געוווּסט, אַז יעדעס שטיקל ערד איז אָנגעזאַפּט מיט יידיש בלוט. די שמועסן, וועלכע איך האָב געהערט אין מיין אָפּטיילונג, דאָס וואָס די שקצים, סאָלדאַטן־באַפרייער – פלעגן רעדן צווישן זיך וועגן יידן, האָבן מיר געגעבן אַ גענוגנדיקע מאָס צו וויסן, צו וואָס זענען פעיק מיינע חברים פון געווער און קאַמף. איך האָב געזוכט און געטראַכט: ווי קען מען דערגיין צו אַן אייגענעם ווינקעלע אויף דער גרויסער פאַרדאָרבענער רוצחישער גוישער ערד, ווו מען זאָל זיך קענען אויסלעבן ווי אַ ייד, אַזוי ווי מיין טאַטע און זיידע?

פון שפיטאָל אין טשערנאָוויץ האָט מען מיך איבערגעפירט קיין קאָלאָמיי. איך בין נאָך געגאַנגען מיט אַ שטעקן. די קויל האָט געטראָפן נעבן ביין. די יסורים זענען געווען איבער־מענטשלעכע.

אין קאָלאָמיי האָב איך באַקומען מיינע באַפרייונגס־פּאַפּירן. קענסט פאָרן "אַ היים", זאָגט צו מיר דער סעקרעטאַר פון מיליטערישן שטאַב.

איך בין צעטומלט געוואָרן, האָב איך דען אַ היים? מיין געוועזענע היים איז שוין לאַנג חרוב. מיין טאַטע, מאַמע און שוועסטער האָבן די היטלעראָווצעס דערמאָרדעט, דאָס הויז איז פאַרברענט. אויף די חורבות פון מיין היימשטאָט וועל איך קיין ניי לעבן ניט בויען. דאָס בלוט פון מיין יידישן טאַטן און יידישער מאַמע מאָנען ביי מיר בייטאָג און ביינאַכט און פאָדערן נקמה. אָבער גלייכצייטיק ווילט זיך פאַראייביקן אין זכרון מיין יידישן אָפּשטאַם.

איך באַשליס צו פאַראייניקן זיך מיט אַ גרעסערן ישוב פון יידן. איך פאָר קיין ווילנע. דאָרט וועל איך זוכן וועגן ווי זיך אומצוקערן צו דער אויסגעטרוימטער היים פון מיין פאָלק, קיין ארץ־ישראל.

פאַרצייכנט דורך ק. פ — ר.



אַ געיעג אויף פאַרטיזאַנער

דוד קאַפּעלאָוויטש

# אין די שטורמישע יאָרן



דוד קאַפּעלאָוויטש
פּאַרטיזאַנען קאָמאַנדיר

זכרונות פון אַ פּאַרטיזאַן

אונדזער דור איז געווען ניט ערגער ווי אַנדערע און ניט ווייניקער העלדיש ווי אונדזערע קינדער זענען היינט. דאָס וואָס איז געשען, איז געווען אַ פּראָדוקט פון שרעקלעכע אומשטענדן, וועלכע קיינער האָט ניט געקענט פּאָרויסזען. אַוודאי, איז שווער געווען דאָס קעגנשטעלן זיך. בלויז די, וועלכע האָבן פּערזענלעך דורכגעלעבט דעם גיהנום, האָבן אַ באַגריף און ווייסן די תשובה. מיר טאָרן זיך ניט פילן זינדיק אין די אויגן פון אונדזערע קינדער. קען זיך אַ מענטש באַשיצן פון אַ דונער און אַ בליץ, געפינענדיק זיך אין אַ שטורמדיקן ים? די יידן אין יענער צייט זענען געשווומען אין אַ ים פון שנאה און אַנטיסעמיטיזם, אָן הילף, אָן קיין שום אויסוועג. אין אָט דער לאַגע איז געקומען דער בליץ און דונער, דער שרעקלעכער ווולקאַן־אויסברוך, וועלכער האָט אומגעבראַכט אונדזערע בעסטע און טייערסטע. לאָמיר געדענקען און זאָגן אונדזערע קינדער, אַז נאָר אַ דאַנק די אומגעקומענע פאַרמאָגן זיי עפּעס היינט צו טאָג.

די בהלה

איך בין געווען אין ווילייקע, ביזן לעצטן מעגלעכן מאָמענט. דאָס הייסט, ביז וואַנען די דייטשן זענען דערגאַנגען נאָענט צו ווילייקע, אַרומרינגלענדיק זי פון צוויי זייטן, פון מאָלאָ־דעטשנע און סמאָרגאָן.

דינסטאָג, דעם 24־טן יוני, 1941, אויפן דריטן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, בין איך צום ערשטן מאָל געלאָפן פון ווילייקע. די דייטשישע אַגענטן האָבן אַרויסגעלאָזט אין שטאָט אַ קלאַנג, אַז דייטשישע פּאַראַשוטיסטן זענען אַראָפּ־געוואָרפן געוואָרן נעבן ווילייקע, פון סמאָרגאָנער זייט.

די בהלה איז געווען אַ שרעקלעכע. יעדער איינער, וועלכער איז ניט אַוועקגעפאָרן מיט די צוגעשטעלטע עשאַלאָנען און האָט ניט געוואָלט בלייבן אין ווילייקע, איז געלאָפן דורך כאַלאָפּיער גאַס אין דער ריכטונג צו איליע.

מיר האָט זיך איינגעגעבן צו טרעפן אַ לאַסט־אויטאָ, און נאָך לאַנגע שעהן פון שרעק און פאַלשע קלאַנגען, זענען מיר שפּעט אין אָוונט אָנגעקומען קיין איליע.

אין אַלגעמיין, האָבן מיר דעמאָלט ניט געגלויבט, אַז די דייטשן קענען זיך דורכרייסן אַזוי גיך. יעדער איינער האָט געמיינט, אַז מען וועט זיי אָפּשטעלן יעדן מאָמענט. זעענדיק די פּאַניק אויף די וועגן, דעם צושראָקענעם אויסזען פון די מיליטער־לייט און איבערהויפּט דעם אויסזען פון די שרעק־לעכע געשטאַלטן פון די נ.ק.וו.ד.־לייט, איז מיר קלאָר גע־וואָרן, אַז מיר זענען אין אַ זייער שווערער און ביטערער לאַגע.

אין דער זעלביקער צייט, האָב איך צופעליק געזען אַ מוראַ־דיקע סצענע, וועלכע איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

אַרעסטירטע פון ווילייקער טורמע

צופאַרנדיק ניט ווייט פון סאָסענקע, זענען מיר אָנגעקומען אין די טריט פון אַ גרויסער קאָלאָנע פון אַרעסטאַנטן פון ווילייקער טורמע, וועלכע מען האָט געטריבן, אַרומגערינגלט מיט הינט און מיט שטאַרק באַוואָפנטע וועכטער, נ.ק.וו.ד.־לייט. אַלע אַרעסטירטע זענען געגאַנגען מיט פאַרבונדענע הענט. צווישן זיי זענען געווען: נאָום קאָליר מיט זיין יונגן איידעם, צילעס מאַן. וועגן זייער גורל האָב איך זיך דערוווסט שפּעטער. מען האָט זיי געטריבן צו מזרח, מיט דער כוונה צו דערפירן ביז אַן אייזנבאַן־סטאַנציע, פון וואַנען מען וועט זיי קענען אַרויספירן קיין סיביר. ניט דערגרייענדיק צו סאָ־סענקע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַניק. מען האָט אַלע אַרעס־טירטע אַריינגעטריבן אין אַ וועלדל, און דערשאָסן. אין צוויי

יאר שפעטער האָב איך זיך באַטייליקט אין פּאַרניכטן ז׳עם דייטשישן פּאָליצייאישן גאַרניזאָן אין סאָסענקע, וועלכער האָט געהיט די בריק איבער דער ווילִיע. און דעמאָלט ביים אויספאָרשן אַ פּאָר געפאַנגענע פּאָליציאַנטן, האָב איך געוואָלט זיך דערוויסן, צי עמיצן פון די אַרעסטירטע איז געלונגען צו אַנטלויפן. לויט זייערע באַווייזן, האָט קיינער פון די אַרעסטירטע זיך ניט געראַטעוועט. איך בין געווען אין וועלדל און געזען דעם ברודער־קבר פון די טראַגישע קרבנות.

### צוריק אין ווילייקע

קומענדיק קיין איליע, האָבן מיר געטראָפן אַ גרויסע מיליטערישע קאָלאָנע, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו גיין קיין ווילנע און אָפּשטעלן די דייטשישע אָפּענסיווע. דער מוט איז געשטיגן. איך האָב זיך גלייך געלאָזט צוריק צופוס און בין אָנגעקומען פאַרטאָג קיין ווילייקע. אין שטעטל איז געווען שטיל ווי אויף אַ בית־הקברות. איך האָב געטראָפן אין דער היים מיין פאָטער און מוטער, וועלכע האָבן זיך געקליבן אַרויסצופאָרן אין אַ דאָרף, נעבן מאָלאָדעטשנע. דעם זעלביקן טאָג האָב איך זיך צוגעשטעלט צום וואָיענקאָמאַט, וועלכער האָט מיך געשיקט, מיט נאָך אַנדערע, היטן דעם בנין פון "אַבקאָם", (געוו. סטאַראָסטעע). מיר זענען דאָרט געווען, ביז מיר האָבן באַקומען אַ מעלדונג, אַז די דייטשן האָבן פאַרנומען סמאָרגאָן און מאָלאָדעטשנע און אַ טייל גייט אין ווילייקער ריכטונג. די אָפּטרעטנדיקע אַרמיי, האָט צוגעשטעלט 10 לאַסט־אויטאָס, און אויפן פינפטן טאָג נאָכן קריג־אויסברוך (דאָנערשטאָג 26.6.41) זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון ווילייקע אין דער ריכטונג דאָלהינאָוו–פּאָלאָצק. מינסק איז שוין געווען פאַרנומען. אויף צו מאָרגנס (27.6.41), זענען מיר אָנגעקומען קיין פּאָלאָצק. די שטאָט האָט געברענט, פונדעסטוועגן איז קיין פּאַניק ניט געווען.

### מיר פאָרן קיין גלובאָק

אין ווילייקער אַבלאַסט, זענען געווען עטלעכע ראַיאָנען, וועלכע זענען נאָך ניט געווען פאַרנומען, ווי גלובאָק א. א. מעז האָט נאָך געגלויבט, אַז מען וועט אָפּהאַלטן די אָפּענסיווע. דער ווילייקער "אַבקאָם" (אין גלות) האָט באַשלאָסן צו פאָרן צייטווייליק קיין גלובאָק און פון דאָרט אָנפירן מיט דער פּאַרטיי־אַרבעט. מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין אַ צוג, און געלאָזט פירן אין גלובאָקער ריכטונג. מיר זענען דערפאָרן ביז קרולעווטשיזנאַ. דאָ האָבן די דייטשישע אַעראָפּלאַנען אונדז מקבל־פּנים געווען, אַז קוים מיטן לעבן האָבן מיר זיך דערשלעפּט צוריק קיין פּאָלאָצק. אַ גרויסער טייל פון אונדזערע מיטפאָרערס זענען אומגעקומען.

פון פּאָלאָצק, זענען מיר געגאַנגען צופוס, אין דער מזרח־ריכטונג. אין צוויי טעג, זענען מיר אָנגעקומען קיין וויטעבסק, אַ 10 קילאָמעטער הינטער די דייטשן. וויטעבסק איז באָמבאַרדירט געוואָרן אָן אויפהער. איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ צוג, דערפאָרן ביז סמאָלענסק, און פון דאָרט דירעקט קיין מאָסקווע.

אין צ. ק. פון קאָמסאָמאָל האָט מען אָרגאַניזירט פּאַרטיזאַנישע גרופּן פאַר דעם פראָנט, כאָטש קיינער האָט דעמאָלט ניט געוווּסט גענוי ווו ער איז. מען האָט אונדז באַוואָפנט מיט אַלטע ביקסן, געגעבן אַ ביסל שפּייז און אָן קיין אויסשולונג אַריינגעזעצט אין אַ צוג און געשיקט קיין האָמעל. 30 ק״מ פאַר האָמעל האָבן מיר זיך אומגעקערט, ווייל אין דער צייט איז די שטאָט שוין פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן. די איבערלעבונגען, פון פאָרן אַהין און צוריק זענען געווען שרעקלעך. נאָר דורך נסים זענען מיר געבליבן לעבן.

פון האָמעלער געגנט האָט מען אונדז געפירט דירעקט קיין מאָלדאַוויע, ווו איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס אַ טאָקער.

### "זאַפּאַדניקעס" ("מערב־מענטשן")

מען האָט געקוקט אויף אונדז, היימלאָזע, פאַרדעכטיק. ווען איך פלעג זיך אָנגעבן אַלס אַ פרייוויליקער אין דער אַרמיי, פלעגט מען מיר אָפּזאָגן, ווייל איך בין פון די מערב־געביטן. אפילו די איינגעגלידערטע אין דער רעגולירער אַרמיי זענען אויסגעשלאָסן און איבערגעפירט געוואָרן אונטער אַ שטאַרקער שמירה אין אוראַל אויף אַרבעט. צווישן זיי איז געווען מיין ברודער מאָטל, וועלכער איז אַ דאַנק דעם געבליבן לעבן. אַ צוויטער ווילייקער בחור, **אפרים קאַפּעלאָוויטש**, וועלכער האָט געדינט אין דער אַרמיי מיט מיין ברודער און איז געווען זייער אַ געטרייער קאָמסאָמאָליעץ, האָט זיך איינגעגעבן צו בלייבן אין דער אַרמיי. ער איז געפאַלן ווי אַ העלד אין די קאַמפן מיט די נאַציס. זאָלן די פאַר ווערטער זיין אַן אָנדענק אויף זיין אומבאַקאַנטן קבר!

אין צוויי מאָנאַטן אַרום, סעפּטעמבער 1941, האָט מען מיך אַרויסגערופן קיין מאָסקווע, ווו מען האָט אָרגאַניזירט ספּעציעלע באַטאַליאָנען צו פאַרטיידיקן די שטאָט. נאָך איין וואָך איבונגען האָט מען אונדז צוריק געשיקט אויף די אַלטע פּלעצער, ווייל עס איז ניט געווען קיין געווער. איך בין אַוועקגעפאָרן אין סאַראַטאָווער אָבלאַסט, ווו איך האָב זיך געטראָפן מיט עטלעכע ווילייקער פאַמיליעס, ווי רודענסקי, ברוך און לייזער נאַרמאַן, זעליק קאַפּעלאָוויטש מיט זיין משפחה, און עטלעכע קריסטלעכע פאַמיליעס. אין סאַראַטאָווער אַבלאַסט האָב איך געאַרבעט ביז מערץ 1942 אַלס אַ שמיד, שלאָסער א. א. וו.... עס איז מיר אויסגעקומען גוט צו הונגערן ווי אַנדערע איינוווינער, ביז מען האָט מיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי, אין וועלכער איך בין געווען איין מאָנאַט. נעבן ראַטישטשעוואַ האָב איך זיך געטראָפן מיט אברהם צעסאַקאָוון, יוסף׳ס זון.



אַ גרופּע פּאַרטיזאַנען קאָמאַנדירן. צווייטער פון רעכטס דוד קאָפּעלאָוויטש, צווייטער פון לינקס טוביה פינקלשטיין (זשעניע מיראַנאָוויטש).

צוריק אין מאָסקווע

מען האָט מיך פון דאָרט אַרויסגערופן צוריק קיין מאָסקווע, ווו איך האָב דורכגעמאַכט, אַ 4 מאָנאַטליכן קורס פון אויסשולונג פאַר דיווערסיע־אַקטן און שפּיאָנאַזש. די אָנטיילנעמער אין קורס זענען געווען אָפּגעקליבענע איינוווינער פון ווייסרוסלאַנד, וועלכע זענען אין גרופּן פון 7 ביז 10 מאַן באַשטימט געוואָרן צו צוריקגעפירט ווערן אַלס פּאַראַשוטיסטן איבער דער צווייטער זייט פראָנט.

די שולע איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון צ. ק. פון דער פּאַרטיי אין אַ געהיימען אָרט. מיר האָבן געדאַרפט דינען אַלס אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג אין ווייסרוסלאַנד.

עס דאַרף געדויערן מער ווי אַ מאָנאַט, כדי צו דערגרייכן צו אונדזערע באַשטימטע ראַיאָנען, אין וועלכע מיר דאַרפן זיך טרעפן און פירן אונדזער אונטערגרונט־טעטיקייט. מיר האָבן זייער פיל איבערגעלעבט אין די געציילטע וואָכן. ווייל אין די געגנטן פון וויטעבסק און האָמעל, האָבן עקזיסטירט שטאַרקע פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען, וואָס דער דייטש האָט זיי גוט געפילט, אָבער די באַזעס זענען געווען ווייט פון דעם פראָנט. דאָקעגן אין די דרום־מערבדיקע ראַיאָנען איז די פּאַרטיזאַנער באַוועגונג געווען זייער אַ שוואַכע. די גרופּן, וועלכע האָבן יאָ עקזיסטירט, זענען געווען אָן אַ קאָנטאַקט און דאָס רוב דעמאָראַליזירט.

אונדזער אויפגאַבע איז געווען צו דערגרייכן מינסקער געגנט און פון די זאַסלאַווער וועלדער פאַרבינדן זיך מיט די עקזיסטירנדיקע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, קאָנסאָלידירן זיי, געבן זיי פּאָליטישן אינהאַלט, אונטערוואַרפן זיי אונטער דער צענטראַלער פּאַרטיייאישער פירערשאַפט און זען אָרגאַניזירן אַ ברייטע פּאַרטיזאַנישע אונטערערדישע באַוועגונג אין מינסק און אומגעגנט.

אַ האַרציקע באַגעגעניש

אויף מיין וועג קיין מינסק האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט זיך אָפּצושטעלן אין איינציקע גוט־אָרגאַניזירטע פּאַרטיזאַנער אָטריאַדן. אין איינעם פון זיי, "דיאַדיאַ וואַסיאַ", האָב איך צום ערשטן מאָל געטראָפן ווילייקער יידן און אַ פּאָר קריסטן. דעם צאָן־דאָקטאָר שימשעלעוויטש, נח דינערשטיין און בערטע דימענטשטיין פון כאַלאָפּי. די שמחה פון דעם דאָקטאָר, ווען איך האָב איבערגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון זיינע 3 טעכטער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין רוסלאַנד און ער האָט וועגן זיי בכלל ניט געוווסט איז געווען גרויס. ד"ר שימשעלעוויטש מיט זיינע טעכטער, האָבן איבערגעלעבט די מלחמה און זיך אומגעקערט קיין ווילייקע. ער איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבן.

ד"ר שימשעלעוויטש איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש. ער פלעגט העלפן די פּאַרטיזאַנער מיט מעדיצינישע הילף. קיינמאָל ניט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט צו נעמען אַן אָנטייל אין די קאַמפן פון זיין אָטריאַד. דערפאַר האָט ער פאַרדינט גרויס רעספּעקט און עטלעכע אויסצייכנונגען. ער איז, אגב, געווען אַ קרוב פונעם צווייטן פרעזידענט אין מדינת־ישראל, יצחק בן־צבי.

נח דינערשטיין איז געווען איינער פון די העלדישע פּאַרטיזאַנער. ליידער, געדענק איך ניט די אומשטענדן פון זיין אומקומען, ווייל מיר זענען געווען אין באַזונדערע ראַיאָנען. נאָר ווי איך האָב געהערט, איז ער געפאַלן ווי אַ העלד.

בערטע דימענטשטיין איז געווען זייער אַ מוטיקע

און העלדישע יידישע טאָכטער. זי האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אין אַ לאַזאַרעט און האָט געפּועלט ביי איר באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר, וואָלינעץ (פון דאָרף איוואַנצעוויטש) אַנטייל צו נעמען אין די קאַמפּס־גרופּן. דערפאַר האָט זי באַצאָלט מיט איר לעבן. מיט זיי צוזאַמען זענען געווען עטלעכע דאָלהינאָווער בחורים, און אַ קורעניצער יונגער בחור יענקעלע אַלפּעראָוויטש, אַ העלדישער קעמפער, זייער אַקטיוו געווען אַלס אויסשפּירער און נקמה־נעמער פאַר די אומגעקומענע קרבנות. היינט לעבט ער אין ווילייקער געגנט; איז אַ דירעקטאָר פון אַ פאַבריק.

מיר בויען די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין זאַסלאַווער געגנט, אין חודש יולי 1942, האָבן מיר געפונען אַ קליינע צאָל פּאַרטיזאַנער־גרופּן. דאָס רוב פון אַנטלאָפענע רוסישע זעלנער, געפאַנגענע, וועלכע האָבן געטראַכט מער וועגן ראַטעווען זיך אַליין. צווישן זיי זענען געווען גאַנץ ווייניק אָנשטענדיקע מענטשן. די פראַגע פון קאָנסאָלידירן זיי איז געווען זייער אַ שווערע. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט אונדזער בריגאַדע אין יענער געגנט, געציילט מער ווי צוויי טויזנט מאַן. מיר האָבן אָנגעהויבן בויען די באַוועגונג מיט 10 מענטשן. מיין אויפגאַבע, ביים אָנהויב פון דער אָרגאַניזירונג, איז באַשטאַנען אין אָנפירן אַ גרופּע דיווערסאַנטן פון 5 מאַן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפרייסן בריקן, באַנען, פאַבריקן, סקלאַדן פון שפּייז א. א. וו. די אַרבעט איז ניט געווען קיין לייכטע. פונדעסטוועגן האָט ניט געטראָפן, אַז מיר זאָלן זי ניט אויספילן. איך בין שטאָלץ, שרייבנדיק די ווערטער, אַז איך האָב קיינמאָל ניט פאַרלאָרן קיין איין מענטש פון מיין גרופּע ביים דורכפירן דיווערסיע־אַקטן.

מיין ערשטע "זאַדאַניע" (אויפגאַבע)

אין אַ פינצטערער רעגנדיקער נאַכט האָבן מיר, אַ גרופּע פון 5 מאַן, זיך אַרויסגעלאָזט לייגן אַ מינע אונטער דער אייזנבאַן־ליניע נעבן זאַסלאַוול, אַן אומבאַקאַנטע געגנט פאַר אונדז. פירנדיק מיין גרופּע, זענען מיר דערגאַנגען זייער נאָענט צום באַן־סעמאַפאָר אויף דער זאַסלאַווער סטאַנציע, וווּ איך האָב געוואָלט אונטערלייגן די מינע, אַז זי זאָל אויפרייסן די באַן־ליניע און דעם סעמאַפאָר.

זייענדיק נעבן דעם אָרט, וווּ איך האָב געדאַרפט אַוועקלייגן די מינע – עד היום ווייס איך ניט ווי אַזוי דאָס איז געשען – מיין מאַשין־ביקס האָט צופעליק אָנגעהויבן שיסן. מיינע מיטגייער זענען געווען זיכער, אַז די דייטשישע וואַך האָט אונדז באַמערקט און געעפנט אַ פייער. אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב זיך אַרומגעקוקט, איז שוין קיינער פון מיינע מיטגייער ניט געווען. ווי זיי האָבן דערהערט דעם ערשטן שאָס, האָבן זיי זיך גלייך אומגעקערט אין וואַלד. די דייטשישע וואַך האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און אָנגעהויבן שיסן מיט אַזאַ האָגל פון קוילן, אַז איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך אומצוקערן. עס האָט געדויערט מער ווי אַ שעה, ביז איך האָב זיך דערשאַרט צום וואַלד און געפונען מיינע מענטשן. ווען איך האָב דערציילט, וואָס עס איז געשען, זענען זיי געוואָרן זייער אומצופרידן מיט מיר. פונדעסטוועגן האָבן זיי מסכים געווען צו וואַרטן נאָך אַ טאָג און דורכפירן אויף מאָרגן די אויפגאַבע. מיר האָבן געפונען אַ שטאַל צום שלאָפן און אויף מאָרגן אין אָוונט זיך ווידער אַרויסגעלאָזט צו דער אייזנבאַן.

אַ שוואַרצע קאַץ

ניט אָפּגייענדיק אַ פּאָר הונדערט מעטער, איז אַ שוואַרצע קאַץ אַריבערגעלאָפן אונדזער וועג. אַלע האָבן באַשלאָסן אומקערן זיך צוריק, ווייל דאָס איז אַ שלעכטער סימן. עס האָבן ניט געהאָלפן מיינע רייד. דער באַשלוס איז געווען אַ קאַטעגאָרישער. איך האָב עס געזען ווי מיין פערזענלעכער דורכפאַל. נאָכמער, ביי דער ערשטער אויפגאַבע זאָל איך, אַלס אַ ייד, האָבן אַזאַ מפּלה. דאָס וועט בלייבן אויף מיר אַ שטענדיקער פלעק.

איך האָב דעצידירט צו רופן אַ פרייוויליקן צו אַסיסטירן מיך, און די איבעריקע זאָלן גיין צוריק אין דער באַזע. עס האָט זיך גלייך געמאָלדן אַ פרייוויליקער. ער איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי אַ מינסקער יידישער בחור, ניסיניעוויטש, וועלכער איז אין 1944 העלדיש אומגעקומען.

מיר זענען ביידע געבליבן וואַרטן, איבערגענעכטיקט אין שטאַל. אין דער צווייטער נאַכט, זענען מיר צוגעקומען צום אָנגעצייכנטן אָרט. איך האָב אַוועקגעלייגט די מינע. זי האָט אויפגעריסן דעם סעמאַפאָר און גלייכצייטיק אַראָפּגעלאָזן צוויי צוגן, וועלכע זענען צופעליק געגאַנגען אין באַזונדערע ריכטונגען. דאָס האָט אָפּגעהאַלטן די גאַנצע באַוועגונג אויף אַלע ליניעס גאַנצע צוויי טעג.

דער סך־הכל איז געווען. ערשטנס, דער ייד אין אונדז האָט געוווּנען דעם כבוד. צווייטנס, זענען פאַרניכטעט געוואָרן 2 לאָקאָמאָטיוון, 24 וואַגאָנעס געלאָדענע מיט טאַנקען און לאַסט־אויטאָס. בערך 35 דייטשן זענען אומגעקומען, אָדער שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן.

איך בין געשיקט געוואָרן צו אַ סאַבאָטאַזש־גרופּע פון 5 מענטשן. אונדזער אויפגאַבע איז געווען אויפרייסן באַנען, בריקן, פאַבריקן, אויטאָמאָבילן א. א. וו. די מערסט אָפּעראַציעס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין מינסקער אָבלאַסט.

אונדזער קליינע גרופּע האָט פאַרצייכנט אין ערשטן יאָר פון איר טעטיקייט: 28 אַראָפּגעלאָזענע צוגן, פאַרניכטעט מער ווי 50 בריקן (צווישן זיי די סאָסענקער בריק איבער דער ווילייע), אַרום 200 לאַסט־אויטאָס, 2 טאַנקען, אַ ספּירט־פאַבריק, מער ווי צען פריצישע הויפן, וווּ די דייטשן האָבן אָרגאַניזירט זייערע פערמעס. אַ צענדליק מילן, טאַרטאַקן און א

גרויסע צאָל סקלאַדן, ווו די דייטשן האָבן געזאַמלט שפּייז.

אין 1943 בין איך געוואָרן דער קאָמאַנדיר פון דער אויסשפּיר־אָפּטיילונג, און ביז 1944 פאַרנומען זיך מיט באַקומען געהיימע ידיעות, וועגן דער באַוועגונג פון די דייטשן אין דעם געגנט.

### איך זוך מיין פאָטער

עס איז מיר געלונגען דורך מיינע אַגענטן צו דערוויסן זיך וועגן דעם גורל פון מיינע עלטערן, וועלכע האָבן זיך אַנטזאָגט צו פאָרן קיין רוסלאַנד, און זענען אַריבער צו מיין זיידן, משה קאַגאַנאָוויטש, אין סלאָבאָדקע (נעבן מאָלאָדעטשנע). ווען איך בין אָנגעקומען קיין ווייסרוסלאַנד, איז פון מיינע עלטערן און קרובים אין סלאָבאָדקע קיינער ניט געבליבן. די מוטער און די קרובים, פרויען און קינדער, זענען אויסגעהרגעט געוואָרן אין מאַי 1942 אין סלאָבאָדקע. די געזונטע מענער, צווישן זיי מיין פאָטער, זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַרבעטס־לאַגערן. ביז אַפּריל 1943 האָבן מיר ניט געקענט פעסטשטעלן וווהין. מיין אַרבעט, אַלס אויסשפּיר־קאָמאַנדיר, איז געווען צו ווערבירן אין אַלע מעגלעכע ערטער, ווו די דייטשן זענען געווען טעטיק, אַגענטן, וועלכע זאָלן אַרבעטן פאַר אונדז. אין דער צייט האָט זיך מיר איינגעגעבן צו דערוויסן זיך, אַז מיין פאָטער געפינט זיך אין קראַסנער אַרבעטס־לאַגער. מיר האָבן אים אַרויסגענומען אין זייער טראַגישע אומשטענדן אין אַפּריל 1943. דריי טעג נאָך זיין קומען צו אונדז, איז דער לאַגער פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן. דער טייוולאַנישער דייטשישער פּלאַן, איז אונדז געווען באַוווּסט מיט עטלעכע טעג פריער.

מיין פאָטער איז געבליבן ביי מיר אין אָטריאַד, ביז דעם לעצטן טאָג פון דער מלחמה. ניט קוקנדיק אויף זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד, האָט ער אָנטיילגענומען זייער אַקטיוו, אין אַלע אונדזערע קאַמפן, און איז געראַדואירט געוואָרן מיט 2 מעדאַלן.

די לעצטע מאָנאַטן פאַר דער באַפרייונג, בין איך בשטימט געוואָרן אַלס קאָמיסאַר פון דעם אָטריאַד. אויסער מיינע ספּעציעלע אויפגאַבעס, לאָז איך ניט דורך קיין איין מעגלעכקייט, צו באַטייליקן זיך אין די אָפּעראַציעס פון אונדזער אָטריאַד. ווי, צום ביישפּיל, פאַרניכטן די דייטשישע און די פּאָליצייאישע גאַרניזאָנען אין חאָצענציטש, איליע, נאַרעווקע, סאָסענקע, אין ווילייקער געגנט און פיל אַנדערע אָפּעראַציעס.

פאַר מיינע אויפטוען אין דער פּאַרטיזאַנען באַוועגונג בין איך באַשיינקט געוואָרן מיט דריי אויסצייכנונגען.

א. אורדן פאַר דער פאָטערלענדישער מלחמה ערשטן ראַנג.

ב. צוויי מעדאַלן פון פּאַרטיזאַן פון דער פאָטערלענדישער מלחמה ערשטן ראַנג.

ג. מעדאַל פאַרן נצחון.



שמשון (סיאמע) קאַפּלאַן

# אין קלעם

### אויף די בלאַטעס

ווען דער בנין פון דער בריגאַדע, וועלכער איז געשטאַנען אין שכנות מיט אונדזער הויז אויף פּילסודסקי גאַס, איז פאַר־נומען געוואָרן דורך נ.ק.וו.ד., האָט מען אונדז געצוווּנגען פאַרלאָזן אונדזער וווינונג. זי איז גלייך באַזעצט געוואָרן דורך די באַאַמטע פון נ.ק.וו.ד.

די פּרווון, וואָס די סאָוויעטן האָבן געמאַכט ביי די אַרבע־טער פון אונדזערע סמאָלאַרניעס, זיי זאָלן זאָגן, אַז דער פאַ־טער האָט זיי עקספּלואַטירט, האָבן זיך ניט איינגעגעבן. פאַר־קערט, די אַרבעטער האָבן געחתמעט אויף אַ דעקלעראַציע, אין וועלכע זיי שרייבן, אַז זיי זענען זייער אָנשטענדיק און גוט באַהאַנדלט געוואָרן פון אים. דערפאַר האָט מען אים ניט אַרעסטירט אָדער פאַרשיקט, ווי זיי האָבן עס געטאָן מיט אַנדערע איינוווינער פון ווילייקע.

מיר האָבן געדונגען אַ צימער ביי אַ קריסט אויף כאָלאָ־פּיער גאַס, נעבן וואָקזאַל, אַריבערגעפירט אַהין די גאַנצע מעבל. מען האָט זיך ניט געקענט אַ דריי טאָן אין ענגן צי־מער; די מעבל און קאַסטנס האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן רוים. איך האָב ווייטער געלערנט אין דער יידישער שולע. דער פאָטער האָט ניט באַקומען קיין אַרבעט.

ערב־פּסח 1940 האָט מען אַרויסגעגעבן סאָוויעטישע פּאַס־פּאָרטן. מיר האָבן באַקומען דעם באַוווּסטן פּאַראַגראַף, לויט וועלכן עס איז אונדז פאַרווערט צו וווינען אין אַן אָבלאַסט־שטאָט. מיר זענען אָנערקענט געוואָרן אַלס שעדליכע עלע־מענטן, וועלכע דאַרפן פאַרלאָזן אונדזער היים.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַרויספאָרן קיין מאָלאַדעטשנע, זיין צווישן יידן, כדי איך זאָל קענען לערנען אין אַ יידישער שולע, מיט יידישע קינדער. דער פאָטער איז אַוועק אַרבעטן שוואַרצע בוי־אַרבעט. אונדזער דירה איז באַשטאַנען פון 2 צימערן, וועלכע מיר האָבן געדונגען נעבן דעם וואָקזאַל. דאָ האָבן מיר ווייטער געלעבט און געהאָפט אויף בעסערע צייטן.

אין אונדזערע סמאָלאַרניעס זענען באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער איוואַן גלובניעוווסקי, אונדזערער אַן אַרבעטער און מיין פעטער, לייב געלבאַרד אַלס וויצע־פאַרוואַלטער, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס געוויינלעכער אַרבעטער אין סמאָלאַרניע, און די קריסטן האָבן דאָס באַשטעטיקט.

### די מלחמה

עטלעכע טעג פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, איז אָנגע־קומען צו אונדז צו גאַסט די מומע שרה מיט אירע קינדער.

דעם 22־טן יוני איז אויסגעבראָכן די מלחמה. מיר האָבן ניט געקלערט צו לויפן קיין רוסלאַנד. מיר האָבן זיי צו גוט גע־קענט. ביי אונדז האָט זיך די מלחמה פאַרן קיום אָנגעהויבן גלייך מיטן פאַרנעמען אונדזערע געביטן דורך די סאָוויעטן, ווען מאָלאָטאָוו האָט אונטערגעשריבן דעם שענדלעכן אָפּמאַך מיט דעם נאַצי ריבענטראָפּ, און זיי האָבן זיך איינגעטיילט מיט פרעמדע שטחים, אָפּרייסנדיק זיי פון פּוילן.

מיטוואָך, דעם 25־טן יוני, איז אָנגעקומען אַ לאַסט־אויטאָ, וועלכן דער פעטער לייבע, האָט אונדז געשיקט פון דער סמאָ־לאַרניע, כדי אָפּצופירן זיין פרוי מיט די קינדער צוריק אַהיים קיין קריוויטש.

מיט דעם זעלביקן אויטאָ זענען אויך מיר, די מוטער, איך און די שוועסטער, מיטגעפאָרן קיין קריוויטש צו דער באָבען. דער פאָטער איז געבליבן היטן די וווינונג מיט די זאַכן אין מאָלאָדעטשנע.

אין צוויי טעג אַרום איז אַריינגעפאַלן אַ באָמבע אין אונ־דזער וווינונג. דאָס הויז מיט די זאַכן זענען פאַרברענט גע־וואָרן. דער פאָטער איז אַרויסגעשפרונגען דורכן פענצטער און ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. ערשט אין צען טעג אַרום איז ער אָנגעקומען צו אונדז אין קריוויטש.

### די סמאָלאַרניע אין האַראַדישטשע

דער פאַרוואַלטער פון דער סמאָלאַרניע, וועלכער איז באַ־שטימט געוואָרן דורך די סאָוויעטן, האָט פאַרנומען דעם זעל־ביקן פּאָסטן ביי די דייטשן. אַדאַנק אים, האָט דער פאָטער באַקומען אַ שיין, אַז ער איז אַ נוצלעכער אַרבעטער. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו זיין אויף דער פריי.

מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין דעם דאָרף האַראַדיש־טשע, ווו דער פאָטער האָט געאַרבעט. אַ סך קריסטן האָבן אונדז געקענט. מיר פלעגן בייטן זאַכן און עס האָט ניט גע־פעלט קיין עסן.

מיר האָבן געוווּסט פון די אַקציעס, וואָס די דייטשן פירן דורך אין די אַרומיקע שטעטלעך און שטענדיק געלעבט אין שרעק. דריי טאָג אין כסלו תש"ב (23.11.1941), זענען צו־פעליק דורכגעפאָרן דייטשן אין דאָרף; זיי האָבן אפילו ניט געזוכט און ניט אינטערעסירט זיך מיט יידן.. אַ פּאָליאַק, אונדזערער אַן אַרבעטער, איז צוגעגאַנגען צו די דייטשן, און געזאָגט: קומט, איך וועל אייך ווייזן, ווו עס וווינט אַ ייד. קאָנטראָלירט ביי אים זיינע דאָקומענטן. זיי זענען געקומען אין סמאָלאַרניע, געבעטן די דאָקומענטן און זעענדיק אַז דער שיין איז אַ גוטער, האָבן זיי געזאָגט צום פאָטער: קום מיט

אונדז צום קאָמענדאַנט, זאָל ער קאָנטראָלירן דײַנע דאָקומענטן. דער קריסט זאָגט דערווײַל צום פאָטער: די דײַטשן וועלן דיך מאַטערן און פּײַניקן, גייענדיק צום קאָמענדאַנט, זאָלסטו אַנטלויפן, איך וועל דיר זאָגן ווען. דער פאָטער האָט ניט געוווסט, אַז דער גוי, זײַנער אַ געוועזענער אַרבעטער, וויל אים פאַרפירן. אַרויסגייענדיק אויף אַ פרייען פּלאַץ, אָן ביימער, אָן קוסטעס, זאָגט דער גוי צום פאָטער: איצט איז די צײַט, דו אַנטלויף! דער פאָטער האָט אים געפאָלגט און האָט אָנגעהויבן לויפן אין דער ריכטונג צו די פעלדער. די דײַטשן האָבן אים נאָכגעשאָסן און דערהרגעט אויפן אָרט.

איך מיט דער מאַמען און שוועסטער זענען געזעסן אין דאָרף ביי אַ קריסט אין שטוב. אַ שכנה איז אַרײַן, און רופט אַרויס די קריסטין און דערציילט, וואָס זי האָט געהערט. די קריסטין האָט אונדז גלייך איבערגעגעבן. די מאַמע האָט אָנגעהויבן ספּאַזמירן און וויינען. מיר האָבן זיך שוין מער ניט אומגעקערט אַ היים. מיר זענען אַרויס פון דאָרף און זיך באַהאַלטן אין אַ וועלדל נעבן דאָרף, און קוים זיך דערוואַרט, עס זאָל אָנקומען די נאַכט.

דער פאַרוואַלטער פון סמאָלאַרניע האָט אונדז געזאָגט די וועג, ווו עס באַהאַלטן זיך אויס דער מוטערס קרובים, צוויי שוועסטער און משפּחות, באַ אַ דריי קילאָמעטער פון קריוויט, אין פאָלוואַרק פּאַקוצי, וואָס דער בעל־הבית, אַגראָנאָם קוצעווסקי, אַ פּוילישער אָפיציר, איז אַרעסטירט געוואָרן אין ווילייקער טורמע. פירנדיק קיין רוסלאַנד האָבן זיי אים, צוזאַמען מיט נאָך צענדליקער אומשולדיקע מענטשן, יידן מיט גויים, וועלכע די סאָוויעטן האָבן אַרעסטירט, דערשאָסן אין אַ וועלדל נעבן איליע. אין דעם פאָלוואַרק האָבן זיך אויסבאַהאַלטן מײַן מוטערס פאַמיליע. אַהין האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין.

ווי נאָר, עס איז פינצטער געוואָרן, זענען מיר געגאַנגען ביי אַ דרייסיק קילאָמעטער, דורך פעלדער און וועלדער, לויט דער אָנווייזונג, וועלכע מיר האָבן געהאַט. מיר זענען אָנגעקומען, נאָענט צו קריוויטש, און געבליבן וואַרטן, אין אַ זעמליאַנקע, ביז עס וועט טאָג ווערן, כדי צו זען ווי מען גייט אַרײַן אין הויף. פאַרטאָג האָבן מיר זיך אַרײַנגעשאַרט אין הויף, אָנגעקלאַפּט אין אַ זײַטיקן פענצטער, און דורך אים אַרײַן אין שטוב.

די שטוב איז באַשטאַנען פון 5 צימערן, ניי אויסגעבויטע, ניט אויסגעענדיקטע, אָן אויוונס. בלויז די קיך האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן אויוון. דאָרט פלעגן זיך געפינען צוויי קליינע קינדער, פון דעם אַרויסגעשיקטן פּריץ, אויך אַ דעפעקטיווער ברודער פון פּריץ און אַ שוועסטער פון דער פּריצטע. מען האָט ביי זיי אַלץ צוגענומען. אונדזערער אַ געוועזענער אַרבעטער און הײַנטיקער פאַרוואַלטער וועלכער פלעגט קומען כמעט יעדע וואָך, אונדז באַזוכן און ברענגען פאַר אונדזער געלט, וואָס מיר האָבן געצאָלט, מעל, אַרבעס, אָדער קאַרטאָפל. אַ דאַנק דעם האָט דעם פּריצס משפּחה געהאַט וואָס צו עסן. איך געדענק, אַז מײַן מומע פלעגט קאָכן הייסע קאַרטאָפל פאַר די חזירים. די גוטע פלעגן מיר אַראָפּגנבענען אין קעשענע, פאַר זיך צום עסן. אונטערן הויז איז געווען אַ גרויסער אָפענער קעלער. אין דעם קעלער האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ מלינה מיט אַ פאַרמאַסקירטער טיר; אין פאַל פון אַ רעוויזיע פלעגן מיר זיך באַהאַלטן דאָרט. ביינאַכט זענען מיר געשלאָפן אויפן אויוון און אין סקלאַדיק הינטערן אויוון.

## רעוויזיעס

דער פאָלוואַריק איז געשטאַנען אַ האַלבן קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַנציע. ווען די פּאַרטיזאַנער האָבן גראַסירט אין יענער געגנט, פלעגן אויפרייסן באַן־ליניעס און אַראָפּנעמען טעלעפאָן־דראָטן, איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די שמירה אויף דער באַן־ליניע. די דײַטשן זענען דערגאַנגען צו אונדזער שטוב, געעפנט די טיר, און דערזעענדיק, אַז דער צימער איז ניט קיין אויסגעענדיקטער, אָן אַ פאָדלאָגע, און אונטן אַן אָפענער גרויסער קעלער, זענען זיי מער ניט געגאַנגען ווײַטער און זיך אומגעקערט. מיר האָבן אָפּגעשפּילט מיט גליק. פון דעמאָלט אָן האָבן מיר געמאַכט צווישן זיך אַ שמירה. מיר האָבן געהיט דורכן פענצטער, ווער עס דערנענטערט זיך צום הויז. ווען צום צווייטן מאָל זענען געקומען אויף אַ קאָנטראָל דײַטשן, האָבן מיר באַצײַטנס, זיך באַהאַלטן אין דער צוגעגרייטער מלינה אין קעלער. די דײַטשן האָבן באַלייכטן אינעווייניק דעם קעלער און גאָרנישט באַמערקט. 2 פון אונדז האָבן שטענדיק געהיט. די איבעריקע פלעגן זאָגן תהילים.

## אין די בלאָטעס

ביז מאַי 1943 זענען מיר געווען אין דעם אָרט. עס איז געוואָרן ־שווערער דאָס זײַן דאָרט. אַ צו גרויסע משפּחה, 8 מאַן. עס איז געווען נאָך דער מפּלה פון די דײַטשן אין סטאַלינגראַד. די פּאַרטיזאַנער האָבן געאַרבעט מעשים אין דער סביבה. די זוכונגען נאָך זיי זענען געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג. די געלט־קוועלן האָבן זיך ביי אונדז אויסגעשעפּט. מיר האָבן באַשלאָסן זיך פונאַנדערצוטיילן. איך מיט דער מוטער און שוועסטער זענען אַוועק אין די בלאָטעס, צו דעם פעטער לייבע, מיט זײַן טאָכטער. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן שוין אַ לענגערע צײַט אין די נייקער בלאָטעס (צווישן נייקע און קניאַהינין). פון סכך האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ ביידל, און דאָס האָט געדינט פאַר אַ דירה צום שלאָפן און זײַן סיי בייטאָג סיי ביינאַכט. דאָס צוקומען צו אונדז איז געווען זייער שווער. מיר זענען געווען איבער 2 קילאָמעטער פון אַ הויפּט־וועג. אַרום און אַרום זענען געווען בלאָטעס און טיפע זומפּן. מען פלעגט גיין און טאָפּטשען אין בלאָטע און אַריבערשווימען טײַכלעך ביזן האַלדז. מיר האָבן געקענט דעם וועג, מיר פלעגן שפּרינגען, פון קוסט צו קוסט, ביז אונדזער ביידל. זונטאָג פלעגט קומען אַ מאָל אַ קריסט פון אונדזערע געוועזענע אַרבעטער, געשיקט פון לייבען צו

אונדז, און מיטברענגען אַמאָל מעל, אַרבעס, און אפילו סאַמאָהאָן. מיר פלעגן זיך קוויקן, מיט די נייעס פון דעם פראָנט. כמעט דער גאַנצער דאָרף האָט געוווּסט, אַז מיר געפינען זיך דאָ, אין בלאָטע, און האָט געהאַלטן סוד.

דאָסביידל האָבן מיר אויסגעלייגט מיט צווייגן. דאָס איז געווען אונדזער געלעגער, אין קאָנסערוון פּושקעס פלעגן מיר קאָכן אונדזער יושניק. איך מיט דער מאַמען פלעגן גיין בעטלען ביי די גויים ברויט און אַרבעס. אַמאָל אַ פּאָר קאַרטאָפל. פון קאָרענע, אָדער גערשטענע מעל, פלעגן מיר קאָכן אַ זאַטשירקע. אונדזער בעסטער טרוים איז געווען, אַ זאַטשירקע מיט אַ ביסל בוימאייל. מיר פלעגן, פון צייט צו צייט, קומען צו די גויים אין זייערע בעדלעך, זיך גוט אַרומוואַשן. קיין לייז האָבן ניט געפעלט. מיר האָבן כסדר, געפירט מיט זיי אַן אומברחמנותדיקן קאַמף. ווינטער אין די קעלטן, פלעגן מיר מאַכן אַ פייער, נעבן אונדזער ביידל, און אַ גאַנצן מעת־לעת עס היטן, צולייגן צווייגלעך, אַז ער זאָל זיך ניט פאַרלעשן. און זיך וואַרעמען ביי אים סיי ביי טאָג סיי ביינאַכט. שלאָפן אין דעם ביידל איז געווען אוממעגליך פון קעלט און נאַסקייט. אין די בלאָטעס האָבן מיר געהאַט דריי פלעצער מיט אויפגעשטעלטע ביידלאַך, וועלכע מיר פלעגן זיי בייטן פון צייט צו צייט, כדי די קריסטן זאָלן ניט זיין זיכער, ווו מיר זענען. אין דעצעמבער, ווען עס איז געוואָרן שטאַרק קאַלט, האָבן מיר געזען, אַז עס איז אוממעגליך, צו בלייבן ווייטער. פון קעלט און נעץ וועלן מיר קראַנק ווערן. האָבן מיר באַשלאָסן צו בייטן דעם אָרט אויף אַ טרוקענעם.

דער הויפּט־שאָסיי פון ווילייקע אין דער ריכטונג צו מיאָדל גייט פאַרביי, אין אַ מרחק פון 2 קילאָמעטער, פון אונדזער בלאָטע. דאָרט שטייט אַ דייטשישער גאַרניזאָן. אין סעפּטעמבער 1943, האָבן די דייטשן געמאַכט אַ בלאָקאַדע אויף די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער און בלאָטעס. עס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַקציע אַ גאַרניזאָן דייטשישע סאָלדאַטן מיט אַעראָפּלאַנען, לייכטן און שווערן געווער. ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט די ריכטונג, אין וועלכער זיי גייען צו די בלאָטעס, האָבן מיר פאַרלאָזן אונדזער נאַסע ביידל, זיך דורכגעגנבעט דורך די דערפער און אַוועק צוריק צו דער אַלטער מלינה, אין פּאָלוואַריק פּאקוצי, נעבן קריוויטש. די דייטשישע בלאָקאַדע איז געווען זייער אַ שווערע. די פּאַרטיזאַנער האָבן באַקומען אַ סך געווער מיט געשולטע פּאַראַשוטיסטן. די פּויערים אין די דערפער האָבן זיי מיטגעהאָלפן. ניט איין פּאָלוואַריק איז פאַרברענט געוואָרן דורך די דייטשן פאַר העלפן די פּאַרטיזאַנער, אָדער פון פּאַרטיזאַנער — פאַר ניט מיטהעלפן.

אין פּאָלוואַריק זענען מיר געבליבן בלויז איין וואָך. מיר האָבן געמיינט, אַז עס וועט זיין זיכערער אַוועקצוגיין פון דעם אָרט, אויב די דייטשן וועלן ניט אונטערצינדן דעם פּאָלוואַריק, וועלן עס די פּאַרטיזאַנער טאָן.

מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין די בלאָטעס. עס איז געווען ימים־נוראים צייט פון יאָר תש״ד.

ערב יום־כפור

אַ רעגנדיקער פאַרכמורעטער טאָג. אין אונדזער ביידל איז נאַס. אונדזערע פיס פאַרבונדן מיט פייכטע שמאַטעס. די איינציקע פּאָר לאַפּטשעס, וועלכע מיר אַלע פאַרמאָגן, טוט אָן דער, וועלכער גייט אין די דערפער בעטלען. מיר היטן דאָס פייער, אַז עס זאָל ניט פאַרלאָשן ווערן. עס איז גוט קאַלט. מיר פאַרפאַסטן זיך מיט אַ זאַטשירקע, און ביי דעם פייער פון די ברענענדיקע, רויכערדיקע, פייכטע צווייגן דאַווענען מיר אין איינציקן מחזור, וואָס מיין פעטער האָט אַרויסגעראַטעוועט פון זיין הויז אין קריוויטש. ער טראָגט אים אַרום מיט זיך. יעדעס וואָרט פון דאַווענען, ווי אַנדערש עס קלינגט מיר איצטער. ״כן אנחנו בידך״. אוי, ווי מיר פילן עס. מיר זענען אָבער אויך זיכער, אַז ניט נאָר מיר, אַז נאָך הונדערטער פאַרשטויסענע, אויסגעהונגערטע, ווי מיר, זענען מתפלל, אַזוי ווי מיר. עס איז דאָך ניט מעגלעך, אַז אַזוינע הייסע געבעטן פון ריינעם האַרצן זאָלן ניט דערהערט ווערן ביים כסא־הכבוד.

אין זעמליאַנקע

מיר זיצן שוין דאָ אַ דריי וואָכן. אונדזערע זאַכן זענען פייכט. מיר קענען זיך גאָרניט דערוואַרעמען. עס דרייט די הענט און די פיס. מיר האָבן מורא פאַר ערנסטע קראַנקהייטן. מיר האָבן באַשלאָסן אויסגעפינען אַ טרוקענעם אָרט פאַר אונדזער ביידל. די קריסטן האָבן אונדז אָנגעוויזן אויף אַ קליינעם אינדזעלע אין די בלאָטעס. דאָרט עקן מען מאַכן אַ זעמליאַנקע אין דער ערד. דאָס הייסט אויסגראָבן אַ גרוב, אַריינשטעלן בעלקעס, האַלבע געהאַקטע אין דעם פאָרם פון אַ דאַך, אונטן ברייט אויבן שמאָל, באַשיטן מיט ערד פון די זייטן, וועלן מיר זיין באַשיצט פון רעגן, און קעלט.

די פּויערים האָבן אויסגעלייגט קלעצער, כדי מען זאָל קענען צוקומען צום אינדזל. אין דעם אָרט קומען זיי ווינטער־צייט, ווען די בלאָטעס זענען איינגעפראָרן, צונעמען די היי, וועלכע זיי שניידן אָן זומער־צייט, אין די זומפּן, און לאָזן איבער, אויפן אינדזעלע, ניט קענענדיק אַריבערפירן צוליב די נאַסקייט.

מיר באַצאָלן די פּויערים די לעצטע 20 גאָלד־רובל. זיי שטעלן אונדז אויף די אויסגעביינקטע זעמליאַנקע. פון ליים האָבן מיר אויסגעבויט אַן אייוועלע, מיט אַ קוימען. אויף דער ערד, אויסגעלייגט בעלקעס מיט ברעטער. ממש אַ גן־עדן. איך געדענק דעם ערשטן אָוונט, ווען מיר האָבן איינגעהייצט דאָס אייוועלע און עס איז געוואָרן וואַרעם. די ווענט האָבן געשוויצט פון וואַרעמקייט. דער ריח פון דער פייכטער ערד האָט אונדז פאַרשכורט, ווי די בעסטע אַראָמאַטן. די הילצערנע האַרטע בעלקעס, פון אונדזער געלעגער, איז געווען ווייכער, ווי די בעסטע מאַטראַצן און אונדזער יושניק האָט געהאַט דעם טעם פון מאכל־מלכים.

### באזוכער

אין דער זעמליאנקע קענען מיר אויפנעמען באזוכער. די ייִדישע פארטיזאנער, אין דער סביבה, קומען צו אונדז פון צייט צו צייט. אין די דערפער באהאלטן זיך אויס צווי ייִדישע מיידלעך: איינע ליבע שאפירא פון גלובאק און איינע פון מיאדל. אויך א שמיד - יענקעלע פון דאלהינאוו, וועלכער האט געארבעט ביי די דייטשן און איז אנטלאפן אין וואלד אין יענער צייט, איידער זיי האבן פארענדיקט מיט אים, און אויך די ברידער ראיאק פון גלובאק. א גאנצן ווינטער זענען מיר געווען אין דער זעמליאנקע. אויף פסח האבן מיר געקשרט דעם אויוון, געבאקט מצה און געפראוועט א סדר. מיין פעטער האט באזארגט אויף פסח א מנין יידן צו דאוונען. צו יזכור זענען אנגעקומען די מיידלעך פון די דערפער. עס איז געווען אן אמתער קיבוץ גלויות.

ווען דער צווייטער פראנט האט זיך געעפנט דעם 7־טן יוני, 1944, זענען מיר פארפלייצט געווארן מיט פלוג־בלעטלעך, וועלכע די פארטיזאנער פלעגן פארשפרייטן אין די דערפער. די אלע יידישע שטעטלעך זענען שוין געווען לאנג ליקווי־דירט. בלויז אין די דערפער אדער אין די בלאטעס האט זיך אויסבאהאלטן ווו ניט ווו א ייד. מיר פלעגן בעטלען ביי די גויים. די לעצטע, וויסנדיק, אז דער פראנט רירט זיך, פלעגן זיי געבן מיט א לייכטערן געמיט. צוויי וואכן נאכן עפענען דעם צווייטן פראנט האבן מיר געהערט דאס שטומע אפהילכן פון די רוסישע קאטיושעס. די רוסן האבן זיך געריכט. די ארמיי פון הינטער פאלאצק, אונטער דער אנפירונג פון גע־נעראל זשוקאוו, אין א מרחק פון 200 קילאמעטער פון אונדז, האט דורכגעריסן דעם פראנט און זיך דערנענטערט צו אונדז. דעם 7.7.44 זענען די ערשטע סאוויעטישע זעלנער, דערגאנ־גען צו אונדזער קאנט. די דייטשן זענען אפגעטראטן, גע־לאפן אן א סדר דורך די וועלדער, צו מערב צו. מיט אונדזערע אויסגעטריקנטע ביינער האבן מיר זיך אומגעקערט אהיים.

פארצייכנט דורך ק. פ — ר.



## נתן קאזשינעץ

# זכרונות

דעם 20־טן נאוועמבער, 1941, האט ווילייקער ארבעטס־אמט געפאדערט פון דאלהינאוו 20 יונגטלעכע פאכלייט אויף אר־בעט. מיר, 20 יונגטליכע, האבן זיך גלייך מאביליזירט, און אוועק קיין ווילייקע.

איך בין אנגעקומען אלס מאלער ביים געביטס־קאמיסאר שמידט.

ווילייקע איז געווען אלע יארן דער קולטור־צענטער פון די ארומיקע שטעטלעך. דאס יידישע קולטורעלע לעבן האט זיך אנגעזען אויף יעדן טריט. פאר די סאוויעטן איז געעפנט געווארן א טעכניקום. די יוגנט פון פראווינץ האט זיך קאנ־צענטרירט אין ווילייקע. ווער עס האט געלערנט און ווער עס האט געארבעט.

היינט איז א שרעק א קוק צו טאן אין שטאט. אלע יידישע הייזער זענען פאגראמירט, דעמאלירט — א פולשטענדיקער חורבן. אין גאס זעט מען ניט א יידן אויף א רפואה. די איינ־ציקע, וואס איך האב געטראפן, איז געווען סאניע גורעוויטש.

מיר געפינען זיך דא הינטערן שטאט אין א לאגער. די מאכט האט ארויסגעהאנגען א שילד: „אויב איינער וועט ניט קומען נעכטיקן, וועלן דערשאסן ווערן אלע איינוווינער פון לאגער". מיר האבן פארשטאנען זייער כוונה.

די דייטשן איזדעקעווען זיך איבער אונדזערע מענטשן. זיי הייסן טראגן 2 עמער וואסער מיט אויפגעהויבענע הענט, לויפן מיט זיי אויף די טרעפ און ניט פארגיסן קיין טראפן, אז ניט שלאגן זיי מכות רצח מיט א גומענעם שטעקן.

די שווער ארבעטנדיקע האבן די כוליגאנעס געניוט ביי א געלעגנהייט עסן צואה און טרינקען די אייגענע השתנה און דערביי זיי פאטאגראפירט.

אין יאנואר, 1942, האבן זיי אונדז באפרייט. אין א קורצע צייט ארום ווידער מאביליזירט אויף ארבעט.

סוף יולי, 1942, ווען איך האב זיך דערוווסט וועגן דער אקציע, וועלכע איז פארגעקומען אין דאלהינאוו, האב איך באשלאסן זיך אומקערן אהיים אדער אנטלויפן אין וואלד. איך האב אויסגענוצט די געלעגנהייט, פארנדיק אין אן אויטא קיין דאלהינאוו, העלפן אראפנעמען מאשינען־טיילן אין שטאט. ווען דער דייטשישער באגלייטער איז אריין אין ביורא דערלייידיקן די פאפירן, האב איך זיך אראפגעגנבעט פון אויטא, אנטלאפן אין וואלד נעבן שטעטל.

אויפן פינפטן טאג האב איך אנגעטראפן א באקאנטן קריסט, וועלכער האט מיר אנגעוויזן דעם וועג צו די פארטיזאנער. איך בין אנגעקומען אין וואלד און אנגענומען געווארן אין דער פארטיזאנער־בריגאדע פון „דיאדיא וואסיא".

פון „יד־ושם" ארכיוו.

## חנה טייטלמאַן־קאַפּלאַן

# די בלאָקאַדע

גייענדיק בעטלען עסנוואַרג אין די דערפער האָבן די קריסטן דערציילט מיין ברודער סיאָמען, אַז אַ סך דייטשן זענען אָנגעקומען אין דער געגנט. זיי גייען אויסראָטן די פּאַרטיזאַנער פון די וועלדער. נאָך די אָנפליען פון די אַעראָפּלאַנען פאַרשטייען מיר, אַז עס וועט זיין אַ גרינדלעכע רייניקונג.

סיאָמע אײַלט זיך אַהיים אין די בלאָטעס אָנזאָגן, אַז מען זאָל זיין גרייט. מיר באַשליסן גלייך, אַז מיר דאַרפן אַנטלויפן פון דאַנען לפּחות אויף אַ פּאָר וואָכן, ביז וואַנען עס וועט איבערגיין די בלאָקאַדע. מיר דאַרפן זיך דורכגנבענען דורך די בלאָטעס, איידער מען וועט אונדז אַרומרינגלען. מען דאַרף אַוועקגיין צו די קריסטן אין פּאָלוואַרק פּאַקוצי, אין אַלטן פּלאַץ.

מיר פאַרבינדן די פיס מיט שמאַטעס און האַלטן זיך נאָך אין גרייטן. מען הערט שוין שיסערייען, דערווייל פון ווייטן. אָט דערנענטערן זיי זיך צו אונדז. אונדז איז גוט. מיר דאַרפן זיך ניט פּאַקן. מיר האָבן ניט וואָס. מיר גייען איינציקווייז, איינער הינטערן צווייטן, אָפּגערוקט אַ מרחק פון 10 טריט. דער פעטער טראָגט מיך, דאָס קלענסטע קינד, אויף די פּלייצעס. איך בין קראַנק, איך האָב געלזוכט מיט גרויסע היץ. איך ווייס ניט במילא דעם וועג אין די בלאָטעס, ווי צו שפּרינגען פון קוסט צו קוסט. פּלוצלונג מען שיסט אונדז איבערן קאָפּ ממש. מיר טאָרן זיך ניט אויפהויבן העכער פון די גראָז, מען זאָל אונדז ניט באַמערקן. מיר קענען אויך ניט שפּרינגען איבער די קוסטעס, מען וועט אונדז דערזען. מיר מוזן בראָדזען אין בלאָטע, ווו עס זענען דאָ קוסטעס, האַלטן מיר זיך אויף די וואָרצלען פון זיי. אויסער די קוסטעס זינקען די פיס, מען קען זיי גאָרניט אַרויסשלעפּן, דער כוח פון מורא און שרעק גיט אונדז איבערמענטשלעכע כוחות. מיר שווימען אין בלאָטע און זומפּן מיט די הענט און מיט די פיס. אָט איז אַ טיפער וואַסער. דער פעטער טראָגט מיר אויף זיינע הענט; ער איז אַריין ביזן האַלדז אין וואַסער. ער האַלט מיך הויך אויף דער האַנט, ער קען מיר אויפן פּלייצע ניט טראָגן, איך שווייג און מאַך אין וואַסער מיט די הענט. איך ווייס און פיל, אַז מען מוז זיך ראַטעווען, ווי נאָר מען קען. איך קוק אויף דער מאַמען, איך באַוווּנדער זי. פאַר איר עקזיסטירט ניט קיין בלאָטעס, קיין וואַסערן. זי באַוועגט זיך אומעטום. זי העלפט מיר אויך אַריבערשווימען דאָס וואַסער. זי גיט צו מיר מיט סיאָמען, מוט, מיט אירע קורצע און דייטלעכע באַפעלן: גייט פאָרויס, שטעלט זיך ניט אָפּ קוקן אויף הינטן, ראַטעוועט זיך. דאָס איז דער מאַמעס פאַראָל. איך קען ניט באַגרייפן דעם כוח פון אַ מאַמען אין אַ עת־צרה. עס עקזיסטירט ניט פאַר איר אין דער וועלט קיין זאַך בלויז אירע קינדער. די שווערסטע שטערונגען זענען גאָרניט ווערט פאַר דער מאַמעס ווילן און כוח.

ב ר ו י ט

מיר לעבן דאָ פון גרייטן. מיר דאַרפן צאָלן פאַר אַלץ מיט גאָלד. די גאָספּאָדינע (בעל־הביתטע) גייט קיין זאַך ניט אָן. זי מיינט אַז ביי אונדז איז דאָ אוצרות מיט גאָלד. מיר ווייסן, אַז אונדזערע רובלס זענען שוין געציילטע. די מומע פייגל פירט אונדזער בשותּפותדיקע באַלעבאַטישקייט. אַז מען קויפט אַ לעבל ברויט, ליגט ער אונטער אַ שמירה. די מומע פייגל טיילט איין יעדן זיין פּאָרציע. אַז מען דערוואַרט זיך ביי 8 אַ זייגער אין אָוונט אויף עסן אונדזער מיטאָג און אָוונטברויט איז ביי אונדז יום־טוב. די ערשטע פּאָרציעס קריגן די 3 קלענערע קינדער, ביים סוף די גרעסערע. איך געדענק, אַז איך פלעג אַרויסקוקן יעדע באַוועגונג פון דער האַנט ביי דער מומען, שניידענדיק דאָס ברויט. עס זאָל, חלילה, אַ ברעקל ניט גיין אין ניוועץ. עס איז געווען באמת, אַ מין הייליקע אַרבעט. בלויז אַ דאַנק דעם צוטרוי צו אונדזער עלטערער מומען, וועלכע האָט געהאַט אַזוי פיל טאַקט און אויסגעהאַלטנקייט, האָבן מיר זיך איינגעהאַלטן ניט צו שלאָגן זיך, ביים באַקומען די פּאָרציע ברויט. זי האָט קיינמאָל איר אייגן קליין טאָכטערל ניט געגעבן אַפילו אַ האָר מער.

אַ ת ש ו ב ה פ ו ן אַ ק י נ ד

דאָס קליין שיקסעלע, 5 יאָר אַלט, איז זייער אַ גערּאָטענע. זי שפּילט זיך מיט אונדזערע קינדער. זי איז קלוג. זי ווייסט, אַז מען טאָר ניט דערציילן, אַז יידן באַהאַלטן זיך דאָ אויס. מען לערנט זי אַז יעזוס האָט אָנגעזאָגט צו היטן די געיאָגטע יידן. זי לויפט אין דאָרף צו שכנים. ווען מען פרעגט זי, פון וואַנען האָבן זיי צו לעבן, געוויס זענען דאָ ביי אייך אויסבאַהאַלטענע יידן, ווייל פון וואַנען קענען זיי האָבן צו לעבן? די קליינע מאַכט אַן ערנסטע מינע, און זאָגט: דער באַטושקע (דער גלח) האָט געזאָגט אין קלויסטער, אַז מען טאָר ניט זאָגן אַ ליגן. עס איז אַ שלעכטע זאַך. פאַרוואָס ווילסטו, אַז איך זאָל זאָגן אַ שלעכטע זאַך. מיר היטן זיך מיט זיבן אויגן. פאַר אַ קילאָמעטער זעען מיר דורך די פענצטער, ווער עס דערנענטערט זיך צום הויז. מיר באַהאַלטן זיך גלייך אין דער מלינה.

מיר האָבן דאָס שיקסעלע אָפּגעצאָלט. מיר האָבן איר געבראַכט אין קאַנאַדע, אויף אונדזער חשבון. זי האָט חתונה געהאַט און לעבט גליקליך. דער משפּחה אין קריוויטש העלפן מיר ביז היינט.

פאַרצייכנט דורך ק. פּ—ר.

נחום אַלפּעראָוויטש

# אותיות קעמפֿן

ווען די סאָוויעטן, האָבן אין 1939־טן יאָר, פֿאַרנומען די מזרח־געביטן פֿון פּוילן, אויך ווילייקע און קורעניץ, בין איך אָנגעקומען פֿון קורעניץ לערנען אין ווילייקער מיטל־שול, ביז דעם אויסברוך פֿון דער מלחמה.

זונטאָג, דעם 22־טן יוני, 1941, בין איך געבליבן אין קורעניץ, ווי אין אַלע פֿרייע טעג פֿון לערנען. אויף מאָרגן, מאָנטאָג, האָב איך באַזוכט ווילייקע. די פּאַניק אין שטאָט איז געווען גרויס, אַלע זענען געלאָפֿן, אַ טייל צו דער באַן, אַנטלויפֿן קיין רוסלאַנד און אַנדערע אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג. דער גרעסטער טייל איז געבליבן אין דער היים און געוואַרט אויף זייער גורל.

מיטן פֿאַרנעמען קורעניץ דורך די דייטשן האָבן מיר גלייך אָנגעהויבן פֿילן און פֿאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פֿאָר. די באַציונג צו דער יידישער באַפֿעלקערונג איז געווען זייער אַ ברוטאַלע. דאָס כאַפּן אויף אַרבעט און די נגישות ביי דער אַרבעט איז געווען איבערנאַטירליך. דאָס אויסהרגענען די ווילייקער מענער ביי דער בריק, האָט אַרויסגערופֿן דעם ווילן ביי אַ טייל יוגנטלעכע אין קורעניץ מער ניט צו זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט.

### מיר אָרגאַניזירן זיך

עס האָט זיך געשאַפֿן אַ קערן פֿון יידישע בחורים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זיך טרעפֿן, אָרגאַניזירן דעם יוגנט און קלערן, ווי צו פֿירן אַ קאַמף מיט די דייטשישע רוצחים.

נאָך דער ערשטער מענער־אַקציע אין ווילייקע האָבן די דייטשן פֿאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס קעגן די יידן און פֿאַרטיזאַנער. דאָס האָט זייער אויפֿגערעגט די קורעניצער יוגנט. ניט גענוג, וואָס זיי האָבן אויסגעהרגעט אומשולדיקע יידן אין ווילייקע, שרייבן זיי נאָך, אַז די יידן פֿירן אַ קאַמף קעגן דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג און סמען דאָס וואַסער אין די ברונימס.

### מיר רופֿן צום קאַמף

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר מוזן אָפּדרוקן פֿלוג־בלעטלעך, קעגן די דייטשן און רופֿן די אָרטיקע באַפֿעלקערונג צום קאַמף און אויפֿשטאַנד. אַזוי ווי איך בין אַ דרוקער, האָבן זיי אַרויפֿגעלייגט אויף מיר די אויפֿגאַבע צו שאַפֿן אַ דרוקעריי. איך האָב געקלערט, אַז דעם עצם דרוקן וועל איך קענען אויף אַ פּרימיטיוון אופֿן. אָבער אָן שריפֿט, אָן אותיות קען מען ניט דרוקן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז מיין ווילייקער חבר, יוסף נאָרמאַן, אַרבעט ביי די דייטשן אין אַ דרוקעריי. גיין קיין ווילייקע איז אַ גרויסע סכנה פֿון די דייטשן, וועלכע קענען מיר טרעפֿן אויפֿן וועג און אויך פֿון דער אָרטיקער ווייסרוסישער פּאָליציי, וועלכע זוכט נאָר אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט יידן.

בלית ברירה, בין איך אַוועק קיין ווילייקע צו יוסף נאָרמאַנען און אים איבערגעגעבן דעם פֿאַרלאַנג פֿון דער קורעניצער אָרגאַניזירטער יוגנט. מיר האָבן אַלע געוווּסט די סכנה, וועלכע יוסף נעמט אויף זיך. ער שטעלט פּשוט איין זיין לעבן. איך האָב צוויי מאָל ניט געדאַרפֿט זאָגן יוספֿן אונדזער פֿאַרלאַנג. איך האָב זיך געוווּנדערט, מיט וואָס פֿאַר אַ לייכטקייט און שמחה ער האָט אָנגענומען דעם פֿאָרשלאַג אונדז מיטצוהעלפֿן. אין דעם זעלביקן טאָג האָט ער מיר געבראַכט אַ ביסל בוכשטאַבן פֿון יעדן אות.

### אַן אויפֿגעלויף

גייענדיק צוריק קיין קורעניץ, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דייטשן. אין מיטן מאַרק אין ווילייקע האָבן דייטשן געהאַנגען צוויי קריסטן, וועלכע האָבן גערויבט "דייטשיש גוטס" פֿון יידישע הייזער און די אַרומיקע קריסטלעכע באַפֿעלקערונג האָט געמוזט עס צוקוקן. איך האָב זיך זייער דערשראָקן. אפֿשר מאַכט מען ביי מיר אַ רעוויזיע און איך האָב געענדיקט מיט מיין לעבן. איך האָב געמוזט זיך צוקוקן, ווי אַלע, אויף די געהאָנגענע און בין אַוועק אין מיין וועג מיטן "פּגר" אין קעשענע. צו מיין מזל, האָט מיך קיינער ניט פֿאַרהאַלטן.

אין קורעניץ האָב איך פֿונאַנדערגענומען די בוכשטאַבן, אויסגעלייגט צום דרוק און דערזען, אַז עס וועט זיין צו ווייניק אָפּצודרוקן אפֿילו אַ קליין פֿלוג־בלעטל. וואָס טוט מען! דאָס עצם גיין קיין ווילייקע ווערט שווערער פֿון טאָג צו טאָג. מיינע חברים, די יוגנטלעכע אין קורעניץ, מונטערן מיך און, בלית־ברירה, מוז איך ווידער אָנקומען צו יוספֿן. איך גיי אין ווילייקע מיט זייער אַ שווער האַרץ. איך פֿיל, אַז מיר פֿירן אים אַריין אין אַ צרה. דאָך מוז מען עס טאָן. איך בין ניט זיכער, צי האָט מען אין אַלגעמיין ניט אַנדעקט, אַז עס פֿעלן אותיות און ווער ווייסט בכלל, ווי איז יוספֿס לאַגע. צי אַרבעט ער נאָך אין דעם זעלביקן אָרט.

ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך געפֿין אים אין שטוב מיט אַ שמייכל אויפֿן פּנים. ער פֿרעגט מיך, פֿאַרוואָס איך האָב זיך פֿאַרשפּעטיקט און ניט געקומען גלייך. איך האָב

דאָך אָנגעגרייט נייע סחורה – אותיות, ביי מיר אין שטוב. ער רעדט פריי אָן אַ פונק פחד און נעמט אַרויס אַ היבשן פעקל מיט צוגעגרייטע אותיות.

די אויפמונטערונג און האָפענונג, וואָס איך האָב באַקומען, מיטן קריגן נאָך אותיות, האָבן מיך געטראָגן קיין קורעניץ ניט אויף מיינע פיס. עס האָבן מיר געברענט די הענט, ווי זעט מען שוין, דאָס ערשטע פלוג־בלעטל. איך בין אָנגעקומען בשלום אַהיים. די שמחה ביי די חברה איז געווען גרויס. מיר האָבן שוין איצטער גענוג בוכשטאַבן.

אין געציילטע טעג אַרום האָבן די דייטשן פאַרעפנטליכט אַן אויפרוף צו די פויערן, אַז זיי זאָלן באַהאַלטן זייער ברויט פון פאַרטיזאַנער. דערמיט ראַטעווען זיי די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון די שונאים פון לאַנד, די קאָמוניסטן און יידן.

## דאָס ערשטע פלוג־בלעטל

דעם ערשטן אויפרוף, וועלכן מיר האָבן אַרויסגעגעבן אין קורעניץ אין דער רוסישער שפּראַך, האָט זיך אַזוי געלייענט:

"בירגער! היט דיין ברויט און גיב ניט דעם דייטש. היט אים פאַר זיך, פאַר דיין ברודער – דער פאַרטיזאַן. העלף דעם פאַרטיזאַן, וועלכער קעמפט פאַר דער באַפרייונג פון אונדזער פאָטערלאַנד און זיין ערד. העלף אים מיט וואָס דו קענסט".

אונטערגעשריבן: "פאַרטיזאַנער קאָמיטעט".

דער דערפאָלג פון דעם קורצן אויפרוף איז געווען גרויס. עס האָבן אים געלייענט, איבערהויפּט יידן, און אויך קריסטן. די יידן האָבן דערשפּירט, אַז עס איז פאַראַן אַ כוח, וועלכער פירט אַ קאַמף קעגן נאַצישן שונא. די גויים האָבן פאַרשטאַנען, אַז די פאַרטיזאַנער זענען ניט נאָר אַ חברה אויפגעלאָפענע, הונגעריקע אונטערוועלט־לייט, נאָר אַ טייל פון דער דרויסיקער, פרייער וועלט, וועלכע קעמפן מיטן בלוטיקן שונא. עס האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער קורעניצער אָרגאַניזירטער יוגנט נח דינערשטיין פון ווילייקע, וועלכער איז געקומען פון דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט און זיך געוואַלגערט אין די וועלדער. ער איז געווען אַן אויסגעשולטער פּוילישער פלוטאָנאָווי און פלעגט אונדז לערנען, ווי זיך צו באַגיין מיט געווער. ער האָט גענומען אויף זיך צו פאַרטיילן דעם אויפרוף אין ווייטערע ראַיאָנען.

## דער אָפּקלאַנג

אין דאָרף וואָלקאָווטשיזנע, צווישן ווילייקע און קורעניץ, האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע קריסטלעכע יוגנט, געוועזענע קאָמסאָמאָל־מיטגלידער, וועלכע האָבן ניט געוואָלט שלום מאַכן מיט דער געשאַפענער לאַגע. זיי האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגיין אין די וועלדער און קעמפן אַלס פאַרטיזאַנער קעגן שונא. צו דער גרופּע האָט אויך אָנגעהערט בערטע דימענטשטיין פון כאָלאָפּי. זי איז געווען זייער ענלעך צו אַ קריסטין. ווען דאָס פלוג־בלעטל איז דערגאַנגען צו דער גרופּע אין וואָלקאָווטשיזנע, האָבן זיי פאַרפליכטעט בערטען אויפצוזוכן, ווער זענען די פאַרפאַסער פון דעם אויפרוף.

בערטע איז געקומען אין קורעניץ. זי האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט די יוגנטלעכע און דערגאַנגען דעם מקור. זי האָט פאַרגעלייגט צו פאַראייניקן זיך מיט זייער גרופּע אין וואָלקאָווטשיזנע און צוזאַמען קעמפן קעגן שונא. גלייכצייטיק האָט זי געבעטן אָפּצודרוקן אַ פלוג־בלעטל לויטן טעקסט פון איר קאָמאַנדיר. די זעלביקע נאַכט בין איך געזעסן און אָפּגעדרוקט דאָס צווייטע בלעטל וועלכע האָט געלויטעט:

"צו אַלע בירגער!

די היטלערישע באַנדיטן האָבן צייטווייליק אָקופּירט אונדזער היימלאַנד. זיי רויבן און מאָרדן סאָוויעטישע מענטשן. אונדזערע סאָוויעטישע גבורים קעמפן קעגן דער דייטשישער אָקופּאַציע. העלפט אונדזערע ברידער אין זייער קאַמף. אָרגאַניזירט זיך אין פאַרטיזאַנער־אָטריאַדן. צעשטערט די באַן־ליניעס און שאָסיי־וועגן.

שלאָגט די היטלערישע האָרדעס.
אַ טויט דעם דייטשישן אָקופּאַנט."

געחתמעט: "פאַרטיזאַן".

## פויערן דערציילן

אינדערפרי האָט בערטע באַקומען די פלוג־בלעטלעך און מיטגענומען זיי אין דאָרף. דער דערפאָלג איז געווען אַ גרויסער. קריסטן פון אַ סך דערפער האָבן געלייענט דעם אויפרוף און איבערדערציילט אין שטאָט, אַז עס גייען אַרום אַ סך פאַרטיזאַנער איבער די דערפער און פאַרטיילן אויפרופן. זיי זענען גוט באַוואָפנט. נח דינערשטיין האָט אָנטייל גענומען אין פאַרשפּרייטן אין די דערפער, די בלעטלעך. ביי דער געלעגנהייט האָט ער אָנגעטראָפן פאַרטיזאַנער און איז אַריינגעטראָטן אין אַ פאַרטיזאַנער אָטריאַד.

דעם אָרט ווו מיר דרוקן און ווי אַזוי עס זעט אויס אונדזער אַרבעט, האָבן מיר זיי ניט אַנטדעקט. אין פעברואַר, 1942, קומט בערטע און מעלדעט אונדז, אַז דער קאָמאַנדיר פאָדערט, מיר זאָלן זיין צוגעגרייט אַרויסצוגעבן אַ צייטונג און אַרויסגיין אין וואַלד.

## די ווילייקער לעצטע אַקציע

אין געציילטע טעג נאָך דער מעלדונג, דעם 3־טן מערץ, 1942 פּורים, האָבן די נאַצישע רוצחים דורכגעפירט די לעצטע אַקציע אויף די ווילייקער יידן. עס זענען אומגעקומען מיינע צוויי שוועסטער, העניע און רחל.

גלייך אויף מאָרגן איז געקומען בערטע און דערציילט וועגן אומקום פון די ווילייקער לעצטע יידן. זי דערציילט, אַז דער פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג איז נאָך אַקטועל. עס איז אַ ספק, צי יוסף נאָרמאַן איז געבליבן לעבן. דערפאַר ליגט אויף מיר דער חוב צו גיין מיט די קורעניצער פאַכלייט און אָנ־

קומען אַרבעטן אין דרוקערײַ בײַ דעם געביטס־קאָמיסאַר.

דעם זעלביקן טאָג בין איך בײַגעװען בײַם װילײקער געביטס־קאָמיסאַר, מיט אַלע קורעניצער פאַכלײַט. זײַן פאַרטרעטער, האַנדזל, לײענט אויס:

שוסטער – רעכטס!

שנײַדער – רעכטס!

זאָטלער – רעכטס!

אַזוי זענען אַלע בעלי־מלאכות אַװעק אַרבעטן בײַ זײערע פאַכן. איך בין געבליבן דער לעצטער. איך האָב געמאָלדן דעם דײַטש, אַז איך בין אַ זעצער. גוט, זאָגט ער, מאָרגן קומסטו צו דער אַרבעט.

אין דרוקערײַ טרעף איך יוסף נאַרמאַנען, מײַן חבר פון קינדער־יאָרן. איך גיב אים איבער די בקשה פון קאָמיסאַר. יוסף איז מסכים. ער איז גרײט מיטצוהעלפן און דרוקן דאָ אויפן אָרט. מיר דרוקן פאַרשײדענע בלעטלעך קעגן דער מאַכט. בערטע קומט יעדעס מאָל און טראָגט זײ אַרויס פון דאַנען און פאַרטײלט אין די דערפער.

## די העלדין בערטע פון כאָלאָפּי

אין אַפּריל 1942 בין איך אַװעק פון געביטס־קאָמיסאַר און אַרײַן אין פאַרטיזאַנער־אָטריאַד. יוסף איז נאָך געבליבן אַרבעטן אין דער דרוקערײַ. אין אָטריאַד איז בערטע געװען דער סימבאָל פון ענערגיע און מוטיקײט. זי האָט געדינט אַלס פאַרבינדלערן, װעג־װײַזערן און אויך זיך באַנוצט מיט אַ קוילנװאַרפער נומער 2.

אײנמאָל, װען בערטע איז אין אַ געװיסן קאַמף נעבן מינסק אַװעק ברענגען קוילן פאַרן קוילנװאַרפער, האָט זי באַמערקט אַז דער פּולימיאָטשיק װיל אַנטלויפן. בערטע האָט אים באַדראָט מיט איר רעװאָלװער, און אומגעקערט אויף זײַן פּלאַץ, אײַנצוהאַלטן די אָנגרײַפנדיקע דײַטשן.

## לזכרון עולם

אין אָנדענק פון מײַנע קאַמפּס־חברים פון װילײקע: נח דינערשטײן און בערטע דימענטשטײן, װעלכע האָבן מיט געװער אין האַנט געקעמפט קעגן נאַציישן שונא, אויך די לעבן־געבליבענע װילײקער קינדער יוסף און שמואל נאַרמאַן און דוד קאַפּעלאָװיטש, װעלכע האָבן מיט מוט און אויסדויער געשלאָגן דעם פאַרשאָלטענעם דײַטש, פאַרצײכן איך אַ טראָפּן פון דער בשותפותדיקער אַרבעט קעגן דעם פײַנט פון דער מענטשהײט.

װילײקע איז חרוב געװאָרן. אָבער אירע זין און טעכטער האָבן אַרײַנגעשריבן ליכטיקע קאַמפּס־בלעטער אין דער בלוטיקער געשיכטע פון דער צװײטער װעלט־מלחמה.

אושוויץ – געמאָלט דורך אַ געראַטעוועטן מאָלער



 באָריס גריינימאַן

# די ערשטע אקציע אין ווילייקע

עראינערונגען פון א פארטיזאן אין "נקמה" אטריאד

אָנהויב יולי 1941 בין איך אָנגעקומען אין ווילייקע. די טעג זענען געווען הייסע. די ווילייקער גאַסן זענען געווען פאַר־פולט מיט דייטשישע סאָלדאַטן. אין די פרימאָרגן־שעהן האָבן מאַרשירט גאַנצע אָפּטיילונגען אין באַד־קאָסטיומען צום טייך ווילִיע זיך באָדן.

איך האָב באַלד אָנגעטראָפן אַ גרופּע יידן געפירט אונטער אַ וואַך פון דייטשישע סאָלדאַטן. די יידן זענען גע־ווען באַצירט מיט געלע "מגן־דודס" אויפן האַרץ און פּלייצע. זיי זענען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, זיי שעמען זיך? פאַר וועמען, פאַר די רוצחישע וועלט? מעגליך אַז די נעכטיקע גרויסקייט און שטאָלץ האָבן זיי נאָך ניט פאַרלאָרן.

מיין אָנקומען אין שטאָט אַלס ייד איז מיר אָנגעקומען ניט שווער. איך האָב אויסגעזען ווי אַ ניט נאָרמאַלער מענטש. מיין אַנטלויפן באַשטייט פון אָפּגעריסענע שמאַטעס, באָרוועס מאַרשיר איך אין גאַס מיט בלומען אין האַנט.

איך האָב אָפּגעזוכט מיינע אַלטע באַקאַנטע, די פאַמיליע סווירסקי משה, אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. עס האָט זיך באַ־וויזן אַ צעשראָקענער פּנים, אָנגעקוקט מיר און געפרעגט אין פּויליש, וואָס פאַרלאַנגט איר? עפנט, לאָזט מיר אַריין אין שטוב, האָב איך געזאָגט אויף יידיש, שרעקט זיך ניט. דערהערנדיק מאַמע־לשון האָט זיך די טיר געעפנט. איך בין פאַרבליבן ביי דער משפּחה עטלעכע טעג, זיך אויסגערוט, אָנגעטאָן, האָב איך באַקומען מיין נאָרמאַלן אויסזען. ווי באַלד די קריסטלעכע באַפעלקערונג קען מיך ניט, האָב איך זיך פריי אַרומגעדרייט אין שטאָט. דאַקעגן די אָרטיקע יידן, זייער לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג.

פרייטאָג, דעם 11־טן יולי 1941 איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אַ מעלדונג פון געביטס־קאָמיסאַר שמידט אַז אַלע יידן, מענער אין עלטער פון 18 ביז 55 יאָר, דאַרפן זיך מעלדן שבת פרי אויפן שול־הויף.

דעם פרייטאָגדיקן טאָג און שבת פרי האָבן זיך יידן גע־קליבן גרופּענווייז אין הייזער און געפרעגט איינער דעם צווייטן, וואָס טוט מען? צי מיינט מען דערמיט אונדז שלעכטס טאָן? איך האָב פיל יידן געראָטן, זיך ניט צו מעלדן. מיר איז געווען באַקאַנט די דייטשישע האַנדלונגען אין די שטעט, וווּ איך בין דורכגעגאַנגען, וואָלקאָוויסק, גראָדנע, מאָלאָ־דעטשנע, ווו זיי האָבן צונויפגעזאַמלט די יידן אין איין פּלאַץ און דערנאָך זיי דערשאָסן, אָדער אַוועקגעפירט אין אַן אומ־באַשטימטער ריכטונג. איך געדענק, אַז זייענדיק אין שטעטל ראַקאָוו, האָבן די דייטשן באַפוילן דעם רב צוזאַמענקלייבן 200 יידן און מיט אַ פאַראַד זיי אָפּגעפירט אין אַ דערבייאיקן וועלדל מיטן רב בראש און דאָרט זיי אַלעמען דערשאָסן.

אין קורעניץ האָבן די דייטשן מיט עטלעכע טעג פריער פאַרזאַמלט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און געמאָלדן, אַז עס וועט זיי קיין שלעכטס געשען אויב זיי וועלן אויספילן די פאַראָרדנונגען פון דער מאַכט, און, אַז אין די נאָענטע טעג וועט מען זיי אַרויסגעבן פּעסער. די ווילייקער יידן האָבן געמיינט, אַז דאָס זעלבע וועט געשען אויך מיט זיי. שבת, צו דער אויפגעפאָדערטער שעה האָבן זיך אַלע יידן פאַר־זאַמלט אויפן הויף פון בית־מדרש. די ס. ס. לייט האָבן זיי אויסגעשטעלט אין רייען. נאָך עטלעכע מינוט מושטירן האָבן זיי זיי אַריינגעפירט איינציקווייז אין שול. יעדער ייד האָט גע־קראָגן געשלאָגן אין שול לויט זיין מזל.

דער דייטשישער ס.ס.־פירער האָלט אַ רעדע, אַז די יידן זענען שולדיק אין קריג. די יידן זענען קאָמוניסטן, קאַפּיטאַ־ליסטן, די גוט באַקאַנטע נאַצישע תורה. ער גיט 2 פרייע שעהן אין וועלכע מען מוז זיך ווייטער מעלדן אין שול און מיטברענגען פאַפּיראָסן, בראָנפן, גאָלד און זילבער וויפל ווער עס האָט. פאַר ניט מעלדן זיך וועט יעדער אָפּגעזוכט און דערשאָסן ווערן צוזאַמען מיט זיין הויזגעזינט. די דייטשן האָבן דורכגעפירט די אַקציע לויט אַ צוגעגרייטן פּלאַן. פריער האָבן זיי געמאַכט אַ גענויע רעגיסטראַציע לויט די דאָקו־מענטן. בכדי ניט אָנגעבן קיין פאַלשן אַדרעס האָבן זיי גע־האַט אַלעמענס נעמען און אַדרעסן.

די צוויי שעה זענען גיך אַריבער. די יידן האָבן געוווּסט, וואָס עס שטייט זיי פאַר, אויב זיי וועלן זיך ניט צושטעלן צו דער אָנגעגעבענער צייט. מיט צעבראָכענע הערצער און מיט ניט זיכערע טריט זענען ווילייקער יידן געגאַנגען אין שול מיטנעמענדיק פאַפּיראָסן, זילבער א. א. וו. די נאַציס האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט די געבראַכטע גאָלד און זילבער. זיי האָבן צונויפגעקליבן עטלעכע יידן און אונטער אַ מיליִ־טערישער וואַך אָפּגעפירט אַהיים אין זייערע הייזער און דורכגעפירט אַ גרינדלעכע רעוויזיע. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די אַלע זענען מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן, צי מען האָט וואָס געפונען ביי זיי, צי ניט.

אין יענעם שבת האָבן די ס.ס.־לייט אַוועקגעפירט ביי 150 מענער אויסגעשטעלטע אין רייען אין מאַלוניער וועלדל אי־בער דער בריק, און דאָרט אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דער־מאָרדעט זיי. די אָרטיקע קריסטליכע איינוווינער זענען גע־צוווּנגען געוואָרן זיי באַערדיקן אין איין ברודער־קבר.

דאָס איז געווען די ערשטע אַקציע פון אומקום פון אַלט־ווילייקער יידן. אַ צוגאָב צום גרויסן פייער, וועלכער האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט, ווען די דייטשישע אַרמעען זענען געשטאַנען אויפן טייך דווינע ביי פּאָלאָצק.

הרב מ. דרייזין

# דריי שחיטות אין ווילייקע

אַ סך פאַמיליעס פון ווילייקע האָבן זיך עוואַקואירט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד אין אָנהויב אויסברוך פון קריג, דעם 22־טן יוני, 1941. מערסטנס זענען אַנטלאָפן די, וועלכע זענען געווען פאָליטיש פאַרמישט. אין דער ערשטער וואָך פון קריג־אויסברוך זענען שוין די נאַציס געווען אין ווילייקע.

ווי באַוווסט, איז אין ווילייקע געווען זייער אַ גרויסע טורמע. פאַר דער צייט פון דער סאָוויעטן־מאַכט זענען דאָרט געווען פאַרשפאַרט פאָליטישע, און ניט־פאָליטישע אַרעסטירטע. פאַרן אָפּטרעטן פון די סאָוויעטן האָבן זיי אַלעמען אַרויסגעפירט פון טורמע קיין רוסלאַנד. אייניקע פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג האָבן געמאַכט אַ בלבול, אַז די יידן האָבן אַ סך פון די אַרעסטירטע דערשאָסן, און אַז מען האָט געפונען גאַנצע פעסלעך מיט אָנגעשניטענע נעזער און אויערן פון די אַרעסיטרטע און אויך פעסלעך מיט מענטשלעך בלוט. די פינצטערע כוחות האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט נוקם צו זיין זיך אין די יידן.

פון די ערשטע קרבנות זענען געווען מיירים, דעם מוליערס אַ זון; איינער שולמאַן פון נעבן דער סטאַנציע און אַ דריטער – אַבראַשע לאַמפערט.

די שטאָט האָט געלעבט אין טויט־שרעק. מען איז ניט געווען זיכער מיטן לעבן. מען האָט גענומען פאַרשרייבן אַלע מען אויף פאַרשידענע אַרבעטן, מענער און פרויען, יונג און אַלט.

אין אַ וואָך שפעטער איז אָנגעפאָרן אַן אָטריאַד פון ס.ס., וועלכע האָבן געשיקט די יידן אויסצולאָדן שטיין־קוילן פון די וואַגאָנעס אויף דער סטאַנציע. דאָס איז אויסגעקומען שבת, 17 טעג אין תמוז, דעם 12־טן יולי. נאָך דער אַרבעט האָט מען געהייסן אַלע מענער, וועלכע זענען געווען ביי דער אַרבעט, אַז זיי זאָלן קומען אין דער גרויסער שול. מען האָט ביי אַלעמען צוגענומען די דאָקומענטן, און געהייסן קומען שפעטער פאַרנאַכט צו דער בריק אויף דעם טייך וויליע. דאָרט וועט מען זיי אָפּגעבן די דאָקומענטן. די יידן האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַז מען גייט זיי אומברענגען. זייער ווייניק מענער האָבן זיך דעריבער ניט צוגעשטעלט צו דער בריק. דאָרט האָט מען זיי אַוועקגעטריבן ווייטער אין וואַלד, דערשאָסן און באַגראָבן אין אַ גרויסן ברודער קבר. די צאָל קרבנות איז געווען אַן ערך 150, און מען האָט אפילו ניט געוווסט ווו זיי זענען אַהינגעקומען. מען האָט אַלץ געמיינט, אַז מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער. קיינעם איז ניט איינגעפאַלן, אַז מען האָט זיי דערשאָסן. ערשט שפעטער, אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיך דערוווסט דעם אמת. דאָס איז געווען די ערשטע שחיטה אין ווילייקע.

אין צוויי וואָכן אַרום זענען אָנגעלאָפן נאַציס אויף מאַשינען. מען האָט געכאַפט פון גאַס מענער, פרויען און קינדער, און מען האָט זיי געזאָגט, אַז מען נעמט זיי אויף אַרבעט. אָבער נאָכער האָט מען זיך דערוווסט, אַז מען האָט זיי אַלעמען דערשאָסן, אָפּפירנדיק אַ פינף קילאָמעטער פון שטאָט. צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָבן זיי געכאַפט מענטשן, דעם 29־טן און 30־טן יולי, 1941. נאָך די צוויי אַקציעס איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אַרום 100 נפשות פון צעריסענע פאַמיליעס, מענער אָן פרויען, פרויען אָן מענער, קינדער אָן עלטערן, און עלטערן אָן קינדער. פון גרויס פחד האָבן געלעבט עטלעכע פאַמיליעס אין איין הויז. די גאַנצע מעבל האָט מען שוין פון די יידישע הייזער אַוועקגערויבט, אויך די פענצטער זענען געווען צעבראָכן. אַזוי האָט מען געלעבט דעם ווינטער. אַלע טאָג איז מען געגאַנגען אויף פאַרשידענע אַרבעטן. מיט די גרויסע לאַטעס פון געלן קאָליר. אין דער צייט פון דער אָקופאַציע איז ווילייקע געוואָרן די רעזידענץ פון דעם נאַציגאָווערנאָר שמידט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַלערליי גזרות, און אַרויפגעלייגט אויף די יידן קאָנטריבוציעס: געלט, גאָלד, צירונג, קליידונג, מעבל א.א.וו.

די קאָנטריבוציע איז געוואָרן אַרויפגעלייגט אויך אויף די יודען־ראַטען פון די שטעטלעך אַרום, ווי: קורעניץ, קריוויטש, דאָלהינאָוו, בוצלאָוו, איליע, וויאַזן, קראַסנע, האָראָדאָק, לעבעדעווע, ראַדאָשקאָוויטש, סמאָרגאָן א.א.וו. (מאָלאָדעטשנאָ איז שוין געווען ליקווידירט פון יידן). אַזוי האָט ער פון טאָג צו טאָג אַרויסגעגעבן וואָס מער פאַראָרדנונגען און עס איז געווען אוממעגליך אויסצוהאַלטן. ביז עס זענען געבליבן ליידיקע הייזער. נאָר דאָס איז בלויז געווען אַ צוגרייטונג פון דער נאַצישער זייט צו דער יידן־ליקווידאַציע. מען דאַרף אָבער צוגעבן, אַז די פאַרבליבענע רעשטלעך פון ווילייקער יידן איז געווען זייער שווער צו כאַפן. זיי זענען געווען אָנגעלערנט פון די פריערדיקע צוויי אַקציעס, און מען האָט זיי קיינמאָל ניט געקענט טרעפן אין די הייזער, אויסער ביינאַכט. אויך ניט אַלע נעכט, ווייל מען האָט זיך זייער געהיט פון אַ פלוצלינגן איבערפאַל. בייטאָג זענען אַלע געווען באַשעפטיקט ביי די צוואַנגס־אַרבעטן, און מען איז אויך געווען אויסבאַהאַלטן. אַזוי אַרום האָט מען געשטופט די צייט, און געוואַרט אויף אַ ישועה. אפשר וועט געשען אַ נס אום פורים...

אַ צוויי־דריי וואָכן פאַר פורים, 1942, איז אָנגעפאָרן אַן אָטריאַד פון ס.ס.־לייט פון מינסק און זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אין ווילייקע. דעד סימן פון ס.ס.־לייט איז געווען, וואָס זיי האָבן געטראָגן אַ צייכענונג פון אַ שאַרבן פון אַ

מענטש אויפן לינקן אַרבעל און אויף זייערע היטלען. אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך האָט מען זיך דערוווּסט פון דעם און מען האָט גענומען רעדן, אַז מען וועט זיך נעמען פאַר דער ליקווידאַציע פון די אַרומיקע שטעטלעך. די ווילייקער שארית־הפליטה, האָט ניט געוווּסט, אַז די ערשטע פון דער שחיטה וועלן זיי זיין.

פּורים האָבן זיך אַלע פערזאַמלט אין שול ביינאַכט לייענען די מגילה, נאָך אַ טאָג פאַסטן. דער רב פון שטאָט איז געווען ר׳ משה זצ״ל, דער איידעם פון ווילייקער רב ר׳ יהודה מאשיץ זצ״ל. מען האָט געלייענט די מגילה מיט גרויס געוויין.

די נאַציס מיט דער הילף פון דער אָרטיקער פּאָליציי זענען איבערגעפאַלן אין מיטן נאַכט פון פּורים. מען האָט געכאַפּט אַלע יידן, זיי גענומען אויף אויטאָס און אָפּגעפירט צו דער גרויסער טורמע. דאָרט האָט מען זיי גלייך דערשאָסן, און נאָכער פאַרברענט די קערפּערס. די הרוגים האָבן זיך געוואַלגערט אין גאַס, אין די רינשטאָקן, אַ גאַנצן טאָג פּורים. דאָס מערסטע אַלטע לייט, וועלכע זיי האָבן ניט געקענט נעמען אויף די מאַשינעס, און פירן זיי צו דער טורמע. אין יענער נאַכט איז מען געקומען צום רב פון שטאָט, צום הרב הגאון ר׳ משה זצ״ל און מען האָט אים געהייסן זיך אָנטאָן. ער האָט אָבער גלייך פאַרשטאַנען, נאָך וואָס זיי זענען געקומען. דער רב איז געבליבן איינער אַליין. זיין גאַנצע פאַמיליע האָט מען נאָך זומער אומגעבראַכט. האָט ער געזאָגט צו די נאַציס, אַז ער וועט פון שטוב ניט גיין און זיי האָבן אים דערשאָכן ביי אים אין הויז אויף דער אייגענער בעט. אָט אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן ווילייקע, די קהילה פון בעל ״מחנה יהודה״. אָט אַזוי האָט אויסגעזען דער פּורים פון 1942 אין ווילייקע. שושן־פּורים איז שוין געווען אַן אויפשריפט אויף דער שטאָט ווילייקע – ״די שטאָט איז יידן־ריין״.

איבערגעדרוקט פון ״פאָרווערטס״ ניו־יאָרק.

אַ פאָלק ווערט דערמאָרדעט – מאַרסעל יאַנקאָ



## קלמן פאַרבער

# ווילייקער אין ווילנער געטאָ

### פון מיין טאָג־בוך

די מלחמה — 22.6.1941

11.30. די סירענעס פון די פאַבריקן הערן ניט אויף אַלאַרמירן. יעדע פאַבריק לויט איר נוסח. איך לויף אַראָפּ אין גאַס און דערקען זי ניט, בלויז פאַרטאָג האָב איך זי באַזוכט. מיר דוכט זיך, אַז די גאַנצע שטאָט איז אַרויס אין גאַס. איך הער איין וואָרט, "די ליטווינער האָבן פאַראַטן", ביי סאלאדוכען (זאַוואַלנע 40) אין בעקעריי שטייט אַ ריי. אַ סך קראָמען זענען געשלאָסן. אויף דער זייט פון קאַטעדראַלע־פּלאַץ איז דער הימל רויט. אַ שראַפּנעל האָט אונטערגעצונדן אַ הויז. איך לויף דורך זאַוואַלנע, פּאָהולאַנקע צום זאַקרעטער וואַלד. דאָרט שפּאַצירן צפּורה און יוכבד. אין שטאָט איז הייס.

פון פּאָהולאַנקע, באַרג־אַראָפּ, פאָרן מיליטערישע לאַסט־אויטאָס געפּאַקט מיט קאַסטנס. דאָרט זענען די סקלאַדעס פון עסנוואַרג. ספּעציעלע אויטאָס מיט מעבל, פרויען, קינדער, סאָוויעטישע – וואָסטאָטשניקעס (מזרחדיקע). זיי איילן זיך אַהיים. אַלץ גייט צו ליפּובקע, צום אָשמענער טראַקט צוריק קיין רוסלאַנד.

נעבן צערקווע, מיטן רויטן (גאָלדענעם) דאַך, היילן זיך קראַנקע מענער, פרויען אין שפּיטאָל־כאַלאַטן. איך ווייס: דאָ געפינט זיך אַ שפּיטאָל, וואַרשיינליך, אַז מען האָט באַפרייט לייכטערע קראַנקע, אָדער זיי גייען אַליין אַהיים. איך זע אַ באַקאַנטע פיגור: דאָס איז רבקה ליפשיץ מיט איר קראַנקער שוועסטער יעוודאָסין. רבקה פירט זי אונטערן אָרעם. זי זאָגט: איך האָב געהערט אין דער פרי מאָלאָטאָווס רעדע, אַ באַקאַנטער וואָסטאָטשניק האָט מיר געבראַכט קיין ווילנע. איך נעם מיין שוועסטער אַהיים. ווער ווייסט, צי מאָרגן וועט זיין אַ מעגלעכקייט. זי טראָגט זי ממש אויף די הענט, צום וואָקזאַל. אַ וואָגן קריגט מען ניט פאַר קיין געלט.

אָט גייען מאַמעס מיט קינדער אין די וועגעלעך פון וואַלד, מען איילט זיך אַהיים. אויפן טראָטואַר איז ענג. ווו האָבן זיך גענומען אַזוי פיל מענטשן?

מיר זענען זיך מיישב גייענדיק, וואָס הויבט מען אָן צו טאָן? לויפן קיין רוסלאַנד. מיר קענען זיי אַזוי גוט. דערווייל אַן אָנפאַל, אַן אָנגעלויף פון מעסערשמידט־אַעראָפּלאַנען מיט אַזאַ שאַרפן רויש און קוויטש. ער פליט ממש פאַרביי דעם אויער. מיר פרעגן, ווו זענען אונדזערע. דער גרויסער מעכטיקער כוח פון רוסישן פאָלק. האָבן זיי אָפּגענאַרט די וועלט? מען הערט ניט מען זאָל צוריקשיסן. מיר באַהאַלטן זיך אין אַריינגאַנג פון הויף. דעם פויערשן המון קען מען שוין ניט דערקענען, די אויגן אויסגעשטאַרצטע ווי ביי רויבער, זיי זענען שוין דאָ מיט זעק אויף די פּלייצעס, מיט העק אין די זעק. זיי וואַרטן אויף דער געלעגנהייט זיי זאָלן קענען גיין רויבן. ניט קיין אונטערשיד, צי אַ פּיענאַ־צענטראָס (מילכוואַרגקראָם), אַ ליעטוקאָס (צרכניה), צי יידישע האָב און גוטס. מלחמה איז מלחמה, זאָגט מיכאַל דער טרעגער פון אונדזער הויף, אַז מען גיט ניט צו פאַרדינען צום לעבן, דאַרף מען אַליין נעמען. דאָס איז זיין לעבנס־פילאָסאָפיע און אַזוי פירט ער זיך.

### אין קעלער (מקלט)

שרה די אלמנהס דירה איז אויפן אונטערשטן שטאָק. די צווייטע טיר, פירט אין קעלער פון הויז. היינט הייסט ער דער סכראָן (מקלט). איידער מען גייט אַריין אין מקלט, שטייט מען ביי דער שטענדיק אָפענער טיר פון שרהס דירה. שרה אַליין איז אַ גוטע נשמה. זי עפנט ברייט די טיר, טראָגט אַרויס אַ בענקל און רופט אַריין צו איר אין דירה. זי זאָגט: אָט וואַרט אַ ווילע ביי מיר אין שטוב, אפשר וועט אַריבער דער אָנגעלויף, וועט איר זיך אומקערן אַהיים, אָן פאַרדומפּענעם ריח פון קעלער.

די קינדער פון הויף קלעפּן זיך צו איר. זיי רופן זי, די מומע שרה און, אַז עס בלייבט אַ קינד אין הויף, אָן טאַטע־מאַמע, ווייסט זי, אַז זי דאַרף זיך שפּילן ניט ווייט פון דער מומע שרהס דירה. זי האַלט אָן אויג אויף אַלעמען.

זונטאָג אין אָוונט כמעט אַלע קינדער פון הויף לייגט מען שלאָפן ביי שרהן אין שטוב. עס זאָל זיין נענטער צום קעלער.

### די דייטשישע חיה – 24.6.1941

איך האָב יענעם מזל. מיין נאַטשאַלניק (שעף) זאָגט מיר: היינט דאַרף מען היטן די קראָמען בעסער ווי שטענדיק. אין מלחמה־צייט זענען דאָ אַ סך אומגעבעטענע געסט, וועלכע וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט. אין ביוראָ פעלן עטלעכע חברים – שומרים פון מלוכה־פאַרמעגן.

אויף פאָרטאָוואָ גאַס האָב איך 2 קראָמען צו היטן. דער שומר פון הויף קוקט אַריין אין פּנים יעדן אַריינגייער. אין הויף ליגן אַראָפּגעטראָגענע מעבל, בעטגעוואַנט, זאַכן פון די וואָסטאָטשניקעס. די פרויען, אָנגעטאָן דאָס רוב אין מענערזאַכן, וואַרטן אויף זייערע מענער, אַז זיי זאָלן קומען נעמען זיי אַהיים. ביי יעדן אָנפאַלי שעלטן זיי די דייטשישע חיות, וועלכע באַשיסן אַ ציווילע אומבאַוואָפנטע שטאָט. די גרינע בריק איז אַ סטראַטעגישער פּונקט, עס איז ניט ווייט פון

פאַרטאָוועס. מען וואַרפט אויף איר באַמבעס, און מען טרעפט דערווייל אין די זייטיקע הייזער. אָט ברענט אַ קוזניע נעבן דער בריק, אָט ברענט שייניוקס טאַרטאַק. דער הימל איז רויט, די צווייטע קראַם איז אַנטקעגן 3־טן מאַי גאַס. פון דאַנען זעט מען די בופּאַלאָווער בערג. איך האָב מורא צו קוקן אַהין. דער סטרוזש (שומר) זאָגט מיר, דאָרט ליגן פּאַליאַקן, דייטשישע אַגענטן און ווייזן סימנים צו די דייטשישע אַעראָפּלאַנען. דעם דריטן אָוונט האָב איך שוין אַליין באַמערקט פייערלעך צווישן די בערג, יענער האָט געוווּסט, וואָס ער רעדט.

## שיינען – 2.7.1941

אין אונדזער הויף זענען פאַראַן 2 קריסטלעכע שכנים. דער שומר און מיכאַל דער טרעגער. זיי רעדן יידיש ווי יידן. איך גיב מיכאַלן אַן אָנצוג צו פאַרקויפן. מיר דאַרפן געלט אויף ברויט. ער ברענגט מיר 25 רובל. כאָטש די ווערדע איז 100 רובל, איך דאַנק אים. דערווייל קאָסט אַ קילאָ ברויט 6 רובל. עס שטייגט פון טאָג צו טאָג. דו ביסט ניט קיין גוטער קליענט, זאָגט מיר מיכאַל. אַנדערע שכנים גיבן מער זאַכן נייע צו באַהאַלטן, און אומקערן אין בעסערע צייטן און דו ווילסט גלייך געלט. דער צווייטער אָנצוג איז געבליבן ביי אים. ער זאָגט, אַז ער האָט נאָך ניט פאַרקויפט, מען גיט אים אַ צו קליינעם פּרייז. איך האָב אַ ברירה? איך בין ביי אים אין די הענט. איך מוז אַרויס אין שטאָט, אפשר וועט זיך מאַכן וואָס צו קויפן און פאַרדינען אויפן עסן. מיט דער יוגנט פון הויף גייען מיר אין יודנראַט, מען שיקט אונדז אויף אַרבעט אין בויטע־לאַגער. איך קריג אַ שיין, אַ צעטל מיט אַ "הענדל", אַזוי רופן מיר דעם האַקנקרייץ. דער דייטש זאָגט: קיין ליטווישער שווין וועט אייך ניט קענען אַרעסטירן, ווייל איר פאַרמאָגט אַ דייטשישן שיין.

אויף מאַקאָווע 4 וווינט סענדער עפּשטיין, ר' לייב עפּשטיינס זון. איך מעלדע אים, אַז ער זאָל מאָרגן קומען צו דער אַרבעט און קריגן אַ שיין. מיר זאָגן אָן אַלע באַקאַנטע. פון אַ גרופּע פון עטלעכע דרייסיק מאַן איז געוואָרן אין געציילטע טעג 800. אַלע צוליב דעם "הענדל". מיר האָבן אַן אייגענעם בריגאַדיר און אַ סך פּאַכלייט, אַ גאַנצע מלוכה.

די סאָוויעטן האָבן איבערגעלאָזן סקלאַדעס מיט געטריקנטע הערינג און פיש. די דייטשן שמעקט ניט די פיש. נאָך דער אַרבעט טיילן זיי אונדז צו פּאָר פישלאַך. עס איז שוין דאָ אַ האַנדל פון געטריקנטע פיש. דאָס עסט מען מיט ברויט. ווו קריגט מען אָבער דאָס ברויט. דאָס איז די שווערע פראַגע.

די פרויען מיטן אַרישן אויסזען, גייען אַוועק אין די גוישע גאַסן, און קויפן אין קריסטלעכע קראָמען.

## אַ מנין אין הויף

דעם שניידערס דירה אויפן צווייטן שטאָק איז כמעט ליידיק, קיין אַרבעט איז ניטאָ. דריי מאָל אַ טאָג טרעפן זיך די מענער ביים דאַווענען. די פרויען קומען הערן נייעס. די פענצטער קוקן אַרויס צום טויער פון הויף. אַז אַ פּאָליציאַנט עפנט דעם טויער, זעט מען אים גלייך. ישראל גורוויטש האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַ ספר־תורה פון עליאַשעוווס קלויז. מיר וויסן שטאָטישע נייעס, ניט ערגער ווי פון אַ צייטונג, יעדער געדענקט איבער־צודערציילן, וואָס ער האָט געזען און געהערט.

## די כאַפּונעס – 8.7.1941

דער יודנראַט באַשטייט פון די אַלטע ווילנער עסקנים פון אַלע פּאַרטייען און שאַטירונגען. דער לעצטער, אַזוי גערופענער "גבאים־ראַט", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן דורך די ליטווינער, איז גלייכצייטיק אָנערקענט געוואָרן אַלס דער ערשטער יודנראַט. זיי האָבן זיך באַזעצט אויף סטראַשון 6. זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין פירן ליסטעס פון יידן, וועלכע זוכן אַרבעט. פון דער צווייטער זייט, פלעגן קומען דייטשישע און ליטווישע איינהייטן און בעטן יידישע אַרבע־טער. דער יודנראַט פלעגט שיקן אַרבעטער און פאַרשרייבן זייערע נעמען אין ספּעציעלע ליסטעס.

איך אַרבעט אין בויטע־לאַגער. מיר קלייבן אויף מלחמה־אַרטיקלען. סאָרטירן אייזן צו אייזן, מעש צו מעש, דער עיקר זענען מיר פאַרנומען מיט אָפּשיקן די אַמוניציע: ביקסן און געווער קיין דייטשלאַנד.

מיר האָבן באַקומען שיינען מיט אַ האַקנקרייץ. פונדעסט־וועגן גייענדיק צו דער אַרבעט און צוריק, מיידן מיר אויס די ליטווישע פּאָליציי. מיר ווילן זיך ניט טרעפן מיט זיי, ווייל די פּאָליציאַנטן אַליין צערייסן די שיינען און פירן אָפּ די יידן אַרבעטער אין קאָמיסאַריאַט־לוקישקעס־פּאַנאַר. פאַר יעדן ייד קריגן זיי פון דער מאַכט 1 רובל, פאַר אַ אינטעלעקטואַלן 10 רובל. דערפאַר זוכן זיי ספּעציעל רבנים, דאָקטוירים, אַד־וואָקאַטן א. א. וו.

מיר טרעפן זיך אַלע טאָג פאַרן גיין צו דער אַרבעט אַ גרופּע באַקאַנטע אין ראָג הקדש־זאַוואַלנע גאַס. מיר זענען דעם טאָג געגאַנגען דורך קליין סטעפאַן גאַס. אין הויף 21 איז געווען אַן אָנגעלויף. דאָרט האָבן געאַרבעט די "איפּאַטינגאַ", אַ ספּע־ציעלע "זאָנדער־גרופּע" פון דער ליטווישער פּאָליציי. זיי האָבן דורכגעפירט אַ כאַפּעריי. איך בין ניט רויק. אין דעם הויף וווינט נחמה לוין־בורשטיין, ר' שמואל דעם שוחטס טאָכטער, מיט דער פאַמיליע, דער וואָלאָזשינער רב און פאַמיליע און ר' בן־ציון מאַצעוויטש (פּאַהאָסטער) פון דער ראַדונער ישיבה. פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט גנבע איך זיך דורך די געסלעך קראָפּניצע און "תורת־אמת" און קום אין הויף. אין טויער טרעף איך אַלינקען נחמהס טאָכטער. זי דערציילט, אַז ביי זיי האָבן זיך אַלע אויסבאַהאַלטן. יעקב, דעם שוחטס זון מיט זיין פרוי זענען ביי זיי אין דער וווינונג. איך טרעף מיין פריינט ר' בן־ציון. עס איז אים שווער צו דערקענען. פאַרעלטערט געוואָרן, פאַרשוואַרצט, רעדט שטיל, קוים וואָס מען הערט. איך זע, אַז ער הונגערט, גאַנץ פשוט. זיין באַלעבאָסטע קען פאַר זיך גאָר־

נישט קריגן צו קויפן. אין די בעקערייען שטייען רייען. די גויים טרייבן אַרויס די יידן פון די רייען. פון וואַנען זאָל ער האָבן צו עסן? ער זאָגט מיר, אַז אין דער פרי באַהאַלט ער זיך אויס אויפן בוידעם אונטערן דאַך. די בלעך פון דאַך ווערט אָנגעברענט און עס איז אים אוממעגליך צו ליגן אונטער זיי. דערצו האָבן היינט די ״כאַפּונעס״ צוגענומען דעם וואָלאָזשינער רב הרב וואָלקין מיט נאָך יידן. די געשרייען האָבן הימלען געריסן, איך קען עס ניט פאַרגעסן. איך ווייס ניט, פאַר וואָס האָב איך זוכה געווען צו בלייבן לעבן, פאַר אַזאַ זכות וועט מען דאָרט אַ סך אַראָפּרעכענען. איך קוק אויף אים און גלויב ניט מיינע אויגן. ווער מאַכט היינט חשבונות פון עולם־הבא, צי מען וועט דאָרט אָפּרעכענען. מען קלערט היינט, ווי זיך צו ראַטעווען. און ער טראַכט אַז, ער באַצאָלט צו טייער פון זיין עולם־הבא פאַרן לעבן דאָ.

אויף מאָרגן נאָך דער יום־כיפּורדיקער אַקציע אין געטאָ. איך אייל זיך אין ר׳ שאולקעס קלויז זען, ווער פון די בני־תורה זענען געבליבן. ר׳ בן־ציון איז ווידער דאָ. איך דערפריי זיך מיט אים. ער זאָגט צו מיר: איך פאַרשטיי ניט די וועגן פון דער השגחה. עס איז פאָרגעקומען נעכטן אַן אַקציע. איך בין געשטאַנען דאָ אין קאָרידאָר פון ר׳ שאולקעס קלויז הינטער דער טיר, וועלכע פירט צום הויף. די ברעטער פון דער טיר זענען שיטערע. די ליטווישע פּאָליציי און די יידישע, אפילו די דייטשן, זענען דאָ כסדר אַרומגעלאָפן דורך דער טיר אַהין און צוריק, און מיך האָבן זיי ניט באַמערקט. איך זע אין דעם אַ השגחה פּרטית, ממש נסים גלויים. ווי מיינסטו, פאַר אַזוינע נסים, וואָס מען גיט דיר דאָ, איז ניטאָ קיין חשבון? מען וועט דאָך דאָרט... דאַרפן דערפאַר טייער באַצאָלן. וואָס מיינט איר, זאָג איך צו אים, עס איז בעסער צו גיין מיט די כאַפּערס אין לוקישקעס, איידער מען זאָל דאָרט (עולם הבא) אַראָפּרעכענען? אין לוקישקעס גיין וועלן מיר קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן. (לוקישקעס איז די גרויסע ווילנער טורמע פון דאָרט פירט דער וועג קיין פּאָנאַר. אין יענער צייט האָבן מיר געהאַלטן, אַז פּאָנאַר איז אַ קאָנצענטראַציע לאַגער פון יידן). ניין, ענטפערט מיר ר׳ בן־ציון. איך האָב דאָס ניט געמיינט, אויב מען ווייזט דיר נסים גלויים, באַצאָלט מען דיר מיט דעם פאַר דיינע זכיות. אָבער דער פּרייז פאַר נסים איז אַ גרויסער. וואָס זשע וועט בלייבן זכיות פאַר דיר דאָרטן. קען מען דען היינט צוגרייטן גרעסערע מעשים? ווי אַזוי מאַכט מען עס? דאָס זענען געווען ברעקלעך פון מחשבות און געשפּרעכן נאָכן ניצול ווערן פון גויישע הענט. היינט גיי, פאַרשטיי די וועגן פון דער השגחה.

### אין געטאָ – 6.9.41

דער עולם האַלט אין איין זוכן. מיר דאַכט זיך, אַז גאַנץ ווילנע איז געוואָרן אין געטאָ איין משפּחה. אויף סטראַשונאַ 7 איז דער הויף געפּאַקט מיט מענטשן און פּעק. אין אַ קאָרידאָר אויף די טרעפּ געפין איך צוויי באַקאַנטע אונדזערע קרובים, דער לעצטער ראַקאָווער רב, הרב אַלפּערן, מיט זיין פרוי און קינד. ער האָט ניט באַוויזן אַוועקצופירן קיין שאַנכיי. אויך זלמן־נאָטע אַלפּעראָוויטש מיט זיין פרוי און זון. ער זאָגט: ״פאַר די ׳חברים׳ האָב איך געטראַכט, אַז מען קען לעבן אויך אין זייער רעזשים, נאָר מען לאָזט זיך אַליין ניט. היינט, ווייזט אויס, וואָלטן מיר אַליין געוואָלט לעבן און זיך אַן עצה געגעבן, נאָר די רוצחים, די נאַציס לאָזן ניט. די גאַנצע וועלט נאַרט איינער דעם צווייטן, אַזאַ גרויסער בער (רוסלאַנד) מיט אַזוי פיל געווער איז אַריין אין שטאָט, זיי האָבן מיט זייערע קייטן פון די טאַנקען, אַלע ברוקן צוטרייסלט און צעריסן, ווו זענען אַלע אַהינגעקומען? איך בין זיכער, אַז דער דרייטשישער רוצח איז דער זעלביקער אָפּנאַרער. נאָר ביז וואַנען מיר וועלן פוןביידן פּטור ווערן, וועט ביי אונדז די נשמה אַרויס״. ער האָט געזאָגט, און ניט געוווסט דעם גרויסן אמת, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט.

### א י י נ ה י י ט ן

אין איינהייט בענזינוווקע אַרבעטן אַ פּאָר הונדערט מאַן. מיר טרעפן זיי, גייענדיק דורך נאָוויגראָדער גאַס צו דער אַרבעט. זיי האָבן גוטע ברידער, וועלכע קויפן איין ביי די קריסטן אויסערן שטאָט עסנוואַרג אין גרעסערע קוואַנטומס, און פאַרטיילן צווישן די איינהייטס־מענטשן.

באָרע גאָלאָמב, בתיה איידלמאַנס מאַן, אַרבעט אין דער איינהייט. ער איז צופרידן. ער האָט מיר אָנגעזאָגט אַ שמחה, אַז בתיה האָט געבאָרן אַ מיידעלע. זיי האָבן איר אַ נאָמען געגעבן יהודית. ער איז צופרידן, וואָס ניט קיין אינגל. גיי זיי זיך עוסק אין געטאָ מיט אַ ״ברית״. עס איז שווער מיט פרישע מילך פאַרן עופעלע. בתיה האָפט אין זכות פון דער טאָכטער אַריבערלעבן אַלע צרות.

די געטאָ באַדינגונגען האָבן פאַרקירצט דאָס לעבן פון יונגן עופעלע. בלויז דריי מאָנאַטן האָט זיך די מאַמע אָנגעפרייט מיט איר קינד. פון דעמאָלט אָן האָב איך מער קיין שמייכל ניט געזען אויף דער מאַמעס און טאַטענס פּנים.

### אַ ב אַ ג ע ג ע נ י ש  א י ן  ו ו י ל נ ע ר  ג ע ט אָ – פּעברואַר 1942

מיין ״נאָרמאַל״ לעבן אין דער אומנאָרמאַלער צייט איז מיר פּלוצלונג אויפגערודערט געוואָרן. עס איז ביי מיר אַוועקגערויבט געוואָרן מיין אינערלעכע רואיקייט. איך ווייס ניט פאַרוואָס? אפשר איז דער גורם צו דער ניט־רואיקייט מיין קורצע באַגעגעניש מיט מיין רבין. נעכטן פאַרנאַכט, אַ ווינטערדיקער טאָג, סוף חודש שבט, תש״ב, לויפנדיק פון דער אַרבעט (איך בין באַשעפטיקט אַלס שמיד, אין דער אָרטס־קאָמענדאַנטור, אויסערן געטאָ), אין די ענגע געסלעך פון געטאָ, אין ווילנע, וועלכע זענען אין יענער צייט געווען געפּאַקט מיט מענטשן, וועלכע איילן זיך פון דער אַרבעט אַהיים. אויפן ראָג שאַוועלסקע און יאַטקעווער גאַס, באַמערק איך אַ באַקאַנטע געשטאַלט.

נאָכן באַוועגן זיך פון דער פיגור, האָב איך דערקענט מיין רבין, הרב ר׳ אברהם־צבי ליסטאָווסקי, דער געוועזענער משגיח, אין ראַמיילעס ישיבה אין ווילנע און היינטיקער משגיח פון דער סלאָנימער ישיבה, וועלכע איז מגולגל געוואָרן קיין ווילנע. זיין זון, נתן, האָט געאַרבעט מיט מיר צוזאַמען אין בויטא־לאַגער. איך האָב געוווסט פון אים, אַז זיין פאָטער איז קראַנק, ליגט אין בעט. ער איז אין די גוטע יאָרן ניט געוועזן קיין גרויסער בריה.

איך בין שטיין געבליבן; רבי! וואָס מאַכט איר? פרעג איך מיין ערשטן רבין פון מוסר און יידישקייט. ער דערפרייט זיך מיט מיר, זיין געוועזענעם תלמיד. ברוך השם, ענטפערט ער, אַבי מען זעט זיך לעבעדיקערהייט, אפילו דאָ אין געטאָ.

איך קוק ווייטער אַריין אין זיינע טיפע, איינגעגראָבענע, בלויע, סאַמעטענע אויגן, וואָס גוטסקייט אַליין האָט אַרויס־געשיינט פון זיי. יאָ! די זעלביקע אויגן, אָבער מיט אַ שאַרפן פייערל און דאָך אַ פאַרחלומטער קוק. דער אויסגעפילטער פנים איז געוואָרן איינגעקנייטשט. אפילו די קנייטשן זענען איינגעטריקנט געוואָרן פון הונגער און נויט. די ריינע גע־פלעגטע בלאָנדע באָרד ניטאָ (דער אשמדאי האָט באַמערקט דעם פאָליציאַנט מושקאַט, וועלכער טראָגט אַ בערדל, האָט ער געזאָגט: זענען נאָך ראַבינערס דאָ אין געטאָ. וואָרום האָט מען מיר ניט געמאָלדן; יאָ! ער וואָלט שוין לאַנג מיט זיי געענדיקט). מיין רבין איז שווער צו שטיין אין מיטן גאַס, ער מוז זיך אָנשפאַרן אָן אַ וואַנט. איך יאָג זיך אַהיים, דאָך בלייב איך שטיין. איך ווייס, אַז דאָ ניט ווייט, אין ראָג הקדש גאַס, שטייט מיין טאָכטערל, יוכבד, איך זע זי, ווי זי לויפט מיר אַנטקעגן מיט אַזאַ שמחה מיט די הענטלאַך אויפגעהוי־בענערהייט פאָרויס און פרעגט גלייך צו דער זאַך: ״זאָג, פאַפאַ, וואָס האָסטו היינט געבראַכט אַ גוטע זאַך?״ אַלץ הייסט אין געטאָ אַ גוטע זאַך, אָנהויבנדיק פון עטלעכע שפענער, און ענדיקנדיק מיט אַ פאָר קאַרטאָפל, ברויט, מעל, אַרבעס. דאָס איז איר אויפגאַבע, זי דאַרף אָנזאָגן דער מאַמען. דאָס איז איר מצווה.

פונדעסטוועגן בלייב איך דאָ שטיין. מיינע נאַסע פיס זענען אָנגעגאָסן ווי מיט הייסע בליי, איך קען ניט אַוועקגיין פון מיין רבין. איך ווייס, ער האָט דאָך אַזוי פיל, איצט אין דער צייט, צו זאָגן, און אַזוי ווייניק זענען געבליבן, וועלכע ווילן אים אויסהערן.

## אַ שמועס

איך זע ווי ער קוקט מיר אַריין טיף אין די אויגן. ער דער־מאָנט זיך און שווייגט. איך פיל ווי יאָרן גייען ביי אים פאַרביי. איך שפיר אין זיין שווייגן און טראַכטן, אַז גאָר ווייט איז ער פון מיר אין דער מינוט. דאָס היגע לעבן האָט בלויז זיין גוף רואינירט, זיין גייסטיק לעבן איז געבליבן ריין, לויטער. אפשר נאָך ריינער, קלאָרער און טיפער ווי אַמאָל.

ער פרעגט מיך, פשוטע מענטשלעכע שאלות. האָב איך אַן אַרבעטס־פלאַץ? אַ לייכטע אַרבעט? אַ שווערע? האָב איך אַ גוטן שיין? האָב איך אַ בשותפותדיקע שפראַך מיט מיינע חברים – מיטאַרבעטער? אוי, קען מען פאַרגרעבט ווערן, כאַפּט זיך אַרויס ביי אים אַ קרעכץ. ער ווייסט דאָס לעבן, ער פילט עס.

ער האָט מורא צו פרעגן, צי עס איז דאָ ברויט אין שטוב. עס איז זייער אַן איידעלע פראַגע. איך העלף אים אַרויס. רבי, זאָג איך צו אים, עס איז ניטאָ קיין צו טייערע זאַך ווי ברויט. מען טוט אַלץ, כדי מען זאָל ניט הונגערן, בעיקר פאַרן קינד. און, אַז דער אויבערשטער העלפט און עס בלייבט אַ פאָר רובל, העלפט מען דערמיט אַ צווייטן מיט אַ שטיקל ברויט.

מאַך ניט אַוועק מיטן האַנט, זאָגט צו מיר מיין רבי, דורכ־נעמענדיק מיך מיט זיינע טיפע, גלעטנדיקע אויגן. דו ווייסט, וואָס הייסט היינט, אין דער צייט צדקה? מיר לעבן אין אַ צייט פון הונגער, פון הונגער שטאַרבט מען ניט מיט איינמאָל. פון הונגער שטאַרבט מען אָפּ ביסלעכווייז. און אַז דו העלפסט אַ יידן מיט אַ קילאָ ברויט, דאָס הייסט מיט 25 רובל, האָסטו אַריינגעגעבן חיות אין אַ מענטשן. האָסט אים אָפּגעהאַלטן פון שטאַרבן אויף אַ משך פון עטלעכע טעג. דאָס הייסט ״פיקוח נפש״. מיר ווייסן ניט דעם שיעור פון פיקוח נפש. מיר ווייסן נאָר, אַז מיר דאַרפן ראַטעווען מענטשן. עס איז זיכער, אַז עטלעכע דעקאָ ברויט, ווען דו גיסט היינט דעם הונגעריקן אין אונדזער מצב, אָדער עטלעכע אַרבעס אָפּצוקאָכן אַ יושניק, ראַטעוועסטו אָפּ אַ מענטשן, אַ יחיד און אַמאָל אַ גאַנצע משפּחה פון חרפת רעב.

## שיעורים אין פיקוח־נפש

נעם דאָס ניט אָן פאַר קליין געלט, דאָס זענען זייער גרויסע זאַכן, העומדים ברומו של עולם. געדיינקסט דאָס באַוווּסטע וואָרט, וואָס דער ״חפץ־חיים״ פלעגט דערמאָנען אין זיינע שמוע־סן, נאָך אין זיין צייט, אין נאָרמאַלע יאָרן, אַז יידן, בעיקר בני־תורה, זענען געגליכן צו סאָלדאַטן אין אַ מלחמה־צייט. ווען אויך אַן איינפאַכער סאָלדאַט האָט מעגליכקייטן צו דער־גיין צום העכסטן ראַנג, אויב ער האָט פעיקייטן און ווייזט זיי אַרויס אין מלחמה־טעג, ווי מסירות נפש, ראַטעווען דעם צווייטן דורך אַ ריכטיקן שריט. אין אַ נאָרמאַלער צייט וואָלט ער קיינמאָל ניט געקענט דערגיין צו אַזאַ מעמד. און אויב אין יענע נאָרמאַלע יאָרן, האָט ער אונדז געזען אַלס סאָלדאַטן אין מלחמה־צייט, ווי דאַרפן מיר איצטער זיך זען, אין דער אמתער מלחמה, וואָס איז אויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף אונדז. און אויב מיר שטייען אין איר פעסט און היטן אָפּ דעם צלם אלקים, און מיט אונדזערע אויסגעבלוטיקטע געציילטע גראָשנס קענען מיר ראַטעווען מענטשן פון הונגער, דאָס איז דאָך הצלת נפשות, פיקוח־נפש. אַוודאי, האָבן מיר זיך הויך אויפגעהויבן דורך דעם. מיר דאַרפן בלויז געדענקען און איינחזרן, עס זאָל אונדז זיין קלאָר, אַז עס זענען דאָ ש י ע ו ר י ם, אויך אין פיקוח־נפש און ווער עס האָט מעגלעכקייטן, קען זוכה זיין

צו גאָר הויכע מדרגות. דאָס איז געזאָגט געוואָרן פֿאַר יעדן ייד, זאָל אַ ייד געבן און וויסן, ווי אַזוי זיין נתינה ווערט אָנגענומען אויבן. לגבי אַ בן־תורה איז חל היינט נאָך מער דעם חפץ־חיימס משל. דער, וואָס קען עומד זיין בנסיון ביי דער אַרבעט, ביי די זאַכן, וואָס זענען נוגע צו חילול־שבת, כשרות, א.א.וו. אפילו אָפּהיטן דעם צונג פון דער גאַסיקער שפּראַך, און די נסיונות זענען דאָ אַזוי פיל און אַזוינע גרויסע, ווער רעדט נאָך העלפן אַ צווייטן ביי דער אַרבעט מיט פּרנסה, מיטהעלפן, אַריינטראָגן עסנוואַרג אין געטאָ. מיר קענען גאָר קיין השגה ניט האָבן פון דעם שכר, פֿאַר דעם רייניקן דעם אייגענעם איך. פון מעשים, וועלכע דערהויבן אונדז זעלבסט. לאָמיר ווערט זיין ביים רבונו־של־עולם דורך רייניקן און הייליקן זיך, דורך אונדזערע מעשים.

מיין רבי איז ווייטער אַנטשוויגן געוואָרן. איך ווייס, ווי שווער עס איז אים, צו שטיין דאָ אין דער טומלדיקער גאַס. איך ווייס, אַז פון זיין זייט איז עס מסירות נפש. עס וואָלט זיכער געזינטער געווען פֿאַר אים איצט בעסער צו ליגן און רוען. זאָל זיין אויסגעצערטער קראַנקער קערפּער פֿאַרברענען ווייניקער שטאָף, וואָס ער קריגט ניט אָפּ צוריק. ער ציט ווייטער זיין שמועס. ווייזט אויס, אַז דאָס פרוכטבאַרע טראַכטן זיינע פון יענע יאָרן דויערט ווייטער אין דעם גרויסן דענקענדיקן תורה־מוח, וועלכער זיצט אין דעם איינגעשרומפּענעם, אויסגעהונגערטן, קראַנקן גוף. ער זאָגט ווייטער:

### בויען דעם כלל־ישראל

זע, ווי עס האָבן זיך געענדערט אין אַזאַ קורצער צייט אונדזערע באַגריפן. מיר פלעגן תמיד זאָגן, אַז אַלץ וואָס מיר טוען גוטס פֿאַר יענעם, טוען מיר עס צו ערשט פֿאַר זיך, (שבירת המידות). מיר לערנען זיך זעלבסט צו איינגעהאַלטנקייט, צו רעספּעקט פֿאַר דעם צווייטן. מיר פלעגן מלחמה האַלטן מיט אונדזערע שלעכטע מידות: כבוד, גאוה, קנאה. ווו זענען איצט יענע אַלע "גוטע מידות" מיטאַמאָל נעלם געוואָרן. מיר רעדן היינט וועגן העלפן זיך – יענעם, "בחדא מחתא", ווי איין זאַך. זיך העלפן, הייסט היינט אַן אייגענער פיקוח־נפש, יענעם העלפן, איז נאָך אַ פיקוח־נפש – גערעטעוועט אַ יידן. אפשר וועט דער גערעטעוועטער ייד בלייבן לעבן און ער וועט זיין פון די איבערגעבליבענע בויער פון כלל ישראל. דאָס איז דאָך שוין ניט קיין פראַגע פון אַ יחיד. דאָס איז דאָך אַ חשבון פון אַ כלל. דערפֿאַר הייסט ניט היינט – העלפן יענעם – ברעכן זיך, אייגענע מידות – ווי מיר פלעגן ווען פֿאַרשטיין אַמאָל. העלפן יענעם – הייסט היינט – ראַטעווען דעם כלל־ישראל. אפילו דאָס העלפן זיך, דיין אייגענע משפחה, דיינע נאָענטסטע, דערהאַלטן זיי בלויז ביים נאַקעטן לעבן, הייסט היינט, בויען דעם כלל־ישראל.

היינט, גיי מאַך אַ חשבון, ווי גרויס עס קענען זיין ביים היינטיקן טאָג אונדזערע מעשים, אויב מיר וועלן נאָר וויסן, ווי אויסצוניצן זיי. מען קען אַריינכאַפּן עולמות פֿאַר געציילטע פּאַפּירענע רובלס.

איך האָב געזאָגט מיין רבין, אַז איך האָב היינט אַ סך געלערנט. אפשר אויסגעפורעמט אַ וועג, פֿאַר אונדזער זיין דאָ, אין געטאָ און אפשר, אויף אַ גאַנצן לעבן.

איך האָב היינטיקע נאַכט ניט געקענט צומאַכן אַן אויג. דער קאָפּ האָט געהאַלטן אין איין טראַכטן. דער קורצער שמועס פון מיין רבין, האָט מיך צעררודערט, צוגענומען מיין רו. ער האָט מיר געוויזן, ווי הויך און וויכטיק עס קען זיין דער מענטש, ווען ער פירט אַ קאַמף פֿאַר זיין אייגענער עקזיסטענץ, פֿאַרשטייענדיק, אין וואָס זיין קאַמף באַשטייט, באַנעמענדיק די גרויסקייט פון דער צייט, פון דער שעה.

איך זע דעם אונטערשייד פון דעם מענטשן, וועלכער טראַכט און דענקט, ווי דאָס פשוטע, נאַקעטע לעבן באַקומט אַזאַ שיינעם הויכן ווערט, פֿאַר וועלכן עס איז כדאי אַלע פלאָגן און שוועריקייטן. ווייזט אויס, אַז דער אונטערשייד פון עצם גוטס ביז שלעכטס איז בלויז אין אַ האָר, אַ חוט־השערה אין אַ ווייטערן קוק. נישט ווילנדיק, מאַכט זיך אַן אייגענער חשבון־הנפש פון אָפּגעטוענע מעשים, פון זאַכן, וועלכע דאַרפן נאָך געטאָן ווערן. עס קומען אָן אין זכרון די אַלע משפיעים, וועגן וועלכע דו טראַכסט שטענדיק, פון וועלכע דו האָסט געלערנט און זוכסט אין זייערע מעשים היינט אַן אָנהאַלט, אַ תשובה, צו די אייגענע פראַגעס, וועלכע מאַטערן דיך, עגבערן אין מוח. גלייכצייטיק, פילסטו אַרויס, אויך אַ תשובה אויף א סך קשיות, דו באַגרייפסט ניט, ווי מענטשן קענען דורכטראָגן אַזוי פיל צרות און פיין אָן טענות צו קיינעם. דו זעסט, ווי מענטשן, יונגע, ווי אַלטע, נעמען אויף זיך אַזוינע איבערמענטשלעכע שוועריקייטן. ניט קיין געבעטענע, זענען זיך מקריב פֿאַר משפּחות, קרובים און חברים, נאָכזאָגנדיק בלויז איין וואָרט: "לאָמיר זיי נאָר איבערלעבן". יידן ווילן און דאַרפן זיי איבערלעבן. ווייזט אויס, אַז די ירושה פון דורות, דער עם קשה־עורף, ליגט אין די בלוטן, אין גזע. און דאָס קען קיינער ניט אויסוואָרצלען.

מיר פרעגן, פֿאַרוואָס זענען ניטאָ ביי אונדז אין געטאָ קיין זעלבסטמאָרדן. איז מעגלעך צו ענטפערן, אַז מיר האָבן אַזוי ליב געקראָגן דאָס גוטע לעבן אין געטאָ, אַז קיינער וויל זיך ניט אומברייינגען? ניין! דאָס איז ניט קיין תשובה. ווייזט אויס, אַז דער יצר־החיים, די עקשנות, קעגן געצוווּנגענעם טויט, דאָס גיט דעם שווערן לעבן אַ טעם, אַ חיות.

### מיין טאָג

פינף אַ זייגער פֿאַרטאָג. עס איז נאָך פינצטער אין דרויסן. איך בין שוין אָנגעטאָן, מיינע אָניטשעס, פון די פיס, זענען נאָך פייכט פון נעכטן. די לייוונטענע שיך מיט די הילצערנע זוילן ציען אין זיך פייכטקייט. דער שניי און דאָס וואַסער, זענען גוטע שכנים. דורך דער נאַכט האָבן זיי ניט באַוויזן זיך אויסטריקענען. איך האָב זיי אַוועקגעלייגט, ווייזט אויס, ניט גוט.

מיינע טענות צו זיך זענען שווערע, איך פאַרגעס ניט, דווקא היינט, צו זאָגן צו דער חיה אין מיר: בן־אדם! זע, ווי דו זעסט אויס, אין דיינע אויגן, אַזאַ קליינע שטערונג, ווי אַ פּייכטע טיכל, פירט דיר אַרויס פון גלייכגעוויכט, שווער דיר זיך מתגבר צו זיין איבער קלייניקייטן. וואָס וועסטו זאָגן, אויף גרויסע זאַכן?

### ביים דאַווענען — ר' ניסן דער שוחט

אין ר' שאולקעס קלויז, האָט זיך היינט אַנדערש געדאַוונט. איך האָב היינט ר' ניסן דעם שוחט, דעם לעבעדיקן גמילות־חסד ווי מען רופט אים אין קלויז, אַנדערש פאַרשטאַנען. איך בין אים פּשוט מקנא. איך זע, וואָס פאַר אַ טעטיקייט אַזאַ מענטש קען פירן. מענטשן גיבן אים געלט, אַנדערע נעמען ביי אים. ער איז ניט בלויז אַ פאַרמיטלער, פון געבער און נעמער. ער טוט עס מיט פאַרשטאַנד. ער האָט באַנומען די טיפקייט און ערנסטקייט פון דער שעה. ער ווייסט וואָס הייסט ראַטעווען נפשות, יידן פון אונטערגאַנג. ווער קען זיך גלייכן צו אים. וואָס פאַר אַ רעספּעקט - דרך ארץ, מענטשן האָבן פאַר אים. אַנדערע בעטן זיך באַ אים, אַז ער זאָל זיי אַ טובה טאָן און נעמען ביי זיי געלט. מענטשן זענען מבינים, אַז מען טוט דאָס מיט אַ פול הארץ איז עס מצליח. ר' ניסן וויל ניט אַריינגיין אין פּלפּולים. ער האָט ניט קיין צייט. ער זאָגט, מען דאַרף ראַטעווען יידן, כל זמן מען קען. דאָס איז זיין פּאַראָל. אויף דעם איז ניטאָ קיין תשובה, בלויז געבן צדקה, אָדער, חס ושלום, נעמען. נעמען איז די זעלביקע מצווה ווי געבן. דאָס איז אַלץ, אין גדר פון פּיקוח־נפש. היינט פאַרשטיי איך אים, היינט לערן איך אים און באַוואונדער אים.

### צו דער אַרבעט

צען פאַר זעקס. איך לויף צום טויער, צו דער אַרבעט. אונדזער גרופּע טרעפט זיך אויף רודניצקער 17, אין טויער פון הויף. פון דאָרט, גייען מיר צוזאַמען צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ. מיינע שכנים אין וווינונג שלאָפן נאָך. זיי ליגן צוגעדעקט מיט זייערע שמאַטעס אויף די נאַרעס און פּאַדלאָגע. איך זאָג מיין שכן, פישקין, (פון גילזן פאַבריק) וועלכער וואַרימט אַ טשייניקל וואַסער, אויף דער פּליטע פאַר זיין אַלטער, קראַנקער מאַמען: "זע ווי געשמאַק אונדזערע שכנים שלאָפן". ער ענטפערט גיך, ווי זיין שטייגער איז: "זיי זיי ניט מקנא. עס שטייט זיי פאַר גאָר אַ שווערער טאָג, זיי אַ חכם און שאַף אין געטאָ האָלץ, אויפצוקאָכן אַ יושניק, ניט האָבנדיק קיין פּרוטה אין קעשענע. קיינער ווייסט ניט יענעמס צרות. אַלע ווייסן, אַז יעדערער האָט צרות, וועלכע זענען גרעסערע, ווייסט נאָר דער רבונו־של־עולם אַליין".

### לאַגער־יידן

מיטן אָנקומען פון די לאַגער־יידן פון: גאָסודאַר, אַשמענע, סמאַרגאָן, סווענציאַן, וועלכע אַרבעטן ביי דער איינהייט "ט.א.ט.", האָט ווילנער געטאָ באַקומען אַן אַנדער אויסזען. דאָס רוב יוגנטלעכע, פּראָווינצער יידישע שטאַרקע און גוטע בחורים און מיידלעך, וועלכע זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער, האָבן גערעדט מיט אַ העכערן טאָן און האָבן געקוקט אויפן געטאָ ווי אַ דורכגאַנגס־פּונקט. וו זיי דאַרפן לעבן אַ שטיקל צייט, ביז וואַנען זיי וועלן קענען אַוועקגיין קעמפן מיט געווער אין די הענט קעגן שונא.

אַלע אַן אויסנאַם, אָפּגעבריענטע פון דער זון און ווינט, פאַרפעסטיקטע און פאַרעקשנטע פון צרות און פּיין. זיי האָבן גערעדט און געזען פאַר זיך נאָר איין וועג - ווי זיך צו ראַטעווען און ווי מלחמה צו פירן מיטן דייטש אין די וועלדער ביי די פאַרטיזאַנער.

צווישן די געקומענע פון די לאַגערן האָב איך געטראָפן די קינדער פון שלמה און מינה כּבש און די קינדער פון יצחק ליפשיץ און סיאָמע סווירסקי. די משפּחות, אויסער סווירסקיס, זענען אויך אָנגעקומען פּורים־צייט 1943, מיט די עוואַקואירטע פון אַשמענער געטאָ, וו זיי זענען געווען. שלמה כּבש האָט געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן פון דעם יודענראַט, ביים פאַר־ריכטן וואָליקעס און יצחק ליפשיץ איז געווען באַשעפטיקט אויסערן געטאָ אַלס אַרבעטער אין אַ פאַבריקל פון פּאַסטאַ.

אויף יאַטקעווער גאַס, אין "קאַלכאָז" וו עס זענען איינגעשטאַנען די אָנגעקומענע לאַגער־מענטשן, האָב איך געטראָפן זשעניע, פּלעקסערס פּרוי אַלס פאַרטיזאַנקע מיט נאָך אַ מיידל, גיטקע קאָגאַן פון ראַדון, אויך אַ פאַרטיזאַנקע פון די נאַליבאָקער וועלדער. זיי זענען געשיקט געוואָרן פון וואַלד מיט אַ כוונה, אַרויספירן מענטשן אין וואַלד. אין ווילנער געטאָ זענען זיי געווען געציילטע טעג. פּרוי פּלעקסער האָט דאָן דערציילט, אַז ווייליקער יוגנטלעכע אין די וועלדער ביי די פאַרטיזאַנער, פאַרשעמען ניט זייער אַפּשטאַם־שטאַט.

די משפּחות כּבש און ליפשיץ זענען געווען אין געטאָ ביז דער ליקווידאַציע, אין 1943, און דאָן אָפּגעשיקט געוואָרן אין די לאַגערן פון עסטאָניע. סיאָמע, יהושע סווירסקיס זון האָט זיך פאַרבונדן מיט די עלטערן נאָך אין אַשמענער געטאָ און מיט זיי מיטגעפאָרן קיין קאָוונע. אַנשטאָט קאָוונע, האָבן די דייטשן זיי אַוועקגעפירט אין פּאָנאַר...

וועגן די לעצטע שעהן פון זייער זון סיאָמע, זע אין העברעאישן טייל.

### פּעקלעך זאַכן קיין עסטאָניע — 1–3 סעפּטעמבער 1943

דער הויף אויף שפּיטאַלנאַ 4 אין געטאָ איז באַוווינט מיט די אַרבעטער פון פאַרפלעגונגס־בלאָק. זיי אַרבעטן אין די שפּייז־סקלאַדן אויף פּאָהולאַנקע גאַס. זיי זענען גוטע יונגען. דאָס רוב געהערן זיי צו די שטאַרקע געוועזענע נאָוויגאָראָדער טרעגער, פורמאַנעס, און סתם עמך. מען זאָגט, אַז זיי זענען זייער גוטע מענטשן און איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן ביזן

בלוט. ווען דער געטאָ קאָמענדאַנט דאַרף דורכפירן אַ שטיקל אַרבעט, זענען זיי גרייט אויף יעדן רוף.

אין דער דרייטאָגיקער אַקציע, ווען מען האָט געכאַפּט מענטשן און געשיקט קיין עסטאָניע, זענען זיי געווען טעטיק אַלס געהילפס־פּאָליציי. דעם צווייטן טאָג פון דער אַקציע, שפּעט אין אָוונט, האָט זיך דאָס געטאָ באַרויקט. מען שטעקט שוין אַרויס די נאָז אין גאַס, הערן ווער איז אַוועק, וואָס איז נאָך דאָ צו טאָן. זאָגט מיר מיין שכנה פון צימער פרוי האַנדעלסמאַן: "וואָס זאָגסטו אויף טאַנקע פיינבערג? (פון די שטאַרקע) אַ יידיש האַרץ קען מען ניט אָפּשאַצן".

אָפיציעל געהערט ער צו דער געהילפס־פּאָליציי און דאַרף כאַפּן יידן אַרויסצופירן קיין עסטאָניע. ווי אַזוי פירט ער עס אָבער דורך. הער און שטוין: ער האָט געדונגען אויף אייגענער האַנט צוויי צוויי־רעדלדיקע טרעגערישע וועגעלעך, וועלכע די יוגנטלעכע ווייסע חברה־ניקעס, (מושקאַטס חדר) אַרבעטן מיט זיי, און פאַרדינען מיט דעם זייער ברויט. מיט אַ גרופּע קינדער פון דער יוגנט־בריגאַדע פאָרט ער אַרום מיט די וועגעלעך און מיט די יוגנטלעכע איבער די הויפן, מאַכט אָן אַ גרויסן טומל און קלייבט כלומרשט די פּעקלעך פון די געכאַפּטע קיין עסטאָניע, וועלכע ווילן זיי מיטנעמען. מען פירט זיי צום זאַמלפּונקט נעבן דעם טויער־וואַך אין געטאָ. אונדזער הויף איז אַריין אין תחום פון זיין אַרבעט, און אַז עס קומט די פּאָליציי, צי יידישע, אָדער ליטוויש־דייטשישע, פאָרן זיי מיט די וועגענער אויפן שטיינערנעם ברוק און ליאַרמען פון איין אַריינגאַנג אין צווייטן. זיי שלעפּן פּעק, לייגן אַרויף אויף די וועגעלעך און פירן כלומרשט צום טויער. אַז די פּאָליציי פרעגט זיי, וועמעס פּעק פירן זיי, ענטפערן זיי, אַז דאָ האָט מען שוין אַרויסגעשיקט די מענטשן קיין עסטאָניע, איצט נעמען זיי מיט די פּעקלעך. קריגנדיק אַזאַ תשובה, גייען אַוועק די כאַפּערס. די פּעקלעך פון די וועגעלעך ברענגען זיי צוריק און לייגן פונאַנדער פון דאָס ניי אין די פאָדער הייזער.

טאַנקע פיינבערג האָט אָפּגעאַרבעט צוויי טעג פון דער אַקציע און אָפּגעראַטעוועט אַ סך יידן. אַ דאַנק אים זענען זיי ניט אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די לאַגערן פון עסטאָניע. איך האָב איצט פאַרשטאַנען, פונוואַנען נעמען זיך די געשרייען, אַ גאַנצן טאָג אויפן הויף, וואָס איך האָב געהערט, ליגנדיק באַהאַלטן אין מיין מלינה, אין אַלמער פון זאַכן.

די סעלעקציע אין ה. ק. פּ. אין ווילנע

אלול — תש"ג (סעפּטעמבער 1943)

מיר זענען דאָ בלויז געציילטע טעג. יעדן טאָג אין דער פרי, האָבן מיר אַן "אַפּעל". מיר ציילן אונדזערע מענטשן. יעדער געהערט צו אַ גרופּע פון 5, און טוט זיין אַרבעט. מען גרייט צו די חרובע בנינים פאַר וואַרשטאַטן. די געוועזענע בעדל האָבן מיר אויסגערייניקט, דאָרט וועט זיין די שלאָסעריי. דער סקלאַדיק, ווו דער הונט "צויף" פלעגט ליגן און שרעקן אַלע איינוווינער פון די "ביליגע הייזער"–"נייע זדאַניעס" (אַזוי האָט מען גערופן אַמאָל די גרויסע בנינים), וועט זיין די קוזניע. איך באַקוק גוט דעם בנין. דאָ וועט מיר אויסקומען צו אַרבעטן. די הינטערשטע וואַנט גרענעצט זיך מיט דער אויסערלעכער וועלט. אוי ווי קומט מען צו אַהין?

יעדן טאָג קומען אָן אין לאַגער איינציקע מענטשן פון געטאָ, אַנדערע גייען צוריק. ביים שטעכיקן פאַרקאַן אַרבעטן עטלעכע אַרבעטער. דער צוים קוים וואָס ער רירט זיך פאָראויס. אַוודאי, ווי קען מען אונדז לאָזן ניט אַרומגעצוימט. ווער ווייסט, וואָס מיר קענען נאָך אָפּטאָן. פאַר וואָס זאָל מען צואיילן מאַכן דעם צוים, דערווייל קען מען קומען אין קאָנטאַקט מיט קריסטן און קויפן פּראָדוקטן. עס איז היינט זונטאָג (19.9.43), דער פערטער טאָג אין לאַגער. 10 אַ זייגער אין דער פרי אַן "אַפּעל": אַלע שטעלן זיך צו, מענער, פרויען און קינדער אין אַ ריי. מען פירט דורך אַ רעגיסטראַציע, אַזוי מעלדעט מען. פאַרוואָס קען מען ניט דורכפירן די זעלביקע רעגיסטראַציע אין די צימערן, גיי פרעג שאלות. אויפן הויף, אין סעדל זיצט דער קאָמענדאַנט קאָלעש מיט זיין סעקרעטאַרין אָרלוק, ביי אַ טיש מיט דער יידישער פּאָליציי. ביי די טישן אַרום – ליטווישע פּאָליציי. שטייענדיק אין דער ריי הערן מיר, אַז אָנשטאָט 1000 יידן (350 אַרבעטער מיט די משפחות) זענען אַריינגענומען געוואָרן דורך דער פאַרוואַלטונג (קאָמענדאַנט און יוצר־משרתים) איבער 1200 מענטשן. דאַרף מען פאַרקלענערן מיט 200 מאַן דעם לאַגער, און זיי אָפּשיקן צוריק אין געטאָ. ווייזט אויס, אַז די, וועלכע האָבן געהאַט "וויטאַמין פּ" און באַצאָלט אַ גוטן פּרייז (אין גאָלד) פאַר אָנגענומען ווערן אין לאַגער, האָבן פאַרגרעסערט דעם צאָל יידן. איצט דאַרף מען אָפּקלייבן אַנדערע אויף זייער אָרט, און אָפּשיקן אין געטאָ. מיר זעען, אָט גייט שמעון סוראַסקי מיט זיין צוגעשריבענער פרוי און איר זון (אהרן עפּשטיינס פרוי). זיי בלייבן שטיין, מען דינגט זיך. אים, שמעונען שיקט מען אָפּ נעבן אַ קליינער גרופּע מענער, וואָס די ליטווישע פּאָליציי האָט זיי אַרומגערינגלט און ער בלייבט צווישן זיי. צערטיל עפּשטיין, מיט איר זון גייען אַוועק צום צווייטן בלאָק. מיר אָטעמען אָפּ רויקער. כאָטש זי צערטיל, בלייבט אין לאַגער. מיר זעען, ווי אַלטע אַרבעטער פון ה. ק. פּ. שיקט מען צוריק אין געטאָ. מיר זענען אין מורא. איך רעכן זיך פון די געוועזענע "פּאַנצערקע" אַרבעטער. אויך דאָס העלפט ניט. איך קלער, וואָס וועט זיין מיט אונדז. עס שטייען שוין צענדליקער מענטשן בעלי־משפחות, און יחידים אָן משפחות. איך קען זיך ניט פונאַנדערקלייבן, ווער עס בלייבט און ווער עס ווערט געשיקט צוריק.

ווייזט אויס אַז עס וועט בלייבן ווער עס וועט געפעלן ווערן אים, דעם קאָמענדאַנט, און ווער עס פיגורירט ביי אים אין זיין רשימה פון די באַצאָלער פון וויטאַמין "פּ". איך גיי אָנגעטאָן אין מיין פאַרסאַזשעטן אָוועראָל פון צונויפגעניייטע זעק. איך מאַך "יענעם איינדרוק". "וואָס איז דיין פאַך?" פרעגט מיך דער קאָמענדאַנט. "אַ שמיד". ענטפער איך. די סעקרעטאַרין פאַרשרייבט. איך וואַרט אויף אַ סימן. דער קאָמענדאַנט מיט זיין סעקרעטאַרין קוקן זיך איבער, ווייזט אויס, אַז מיין

פרוי צפורה און יוכבד גייען אָנגעטאָן נאָך אין פאַר־מלחמה־דיקע בגדים. איך בין זיכער, אַז זייער אויסזען האָט אַריינגעוואָרפן אַ ספק אין האַרצן פון קאָמענדאַנט. זיי רעדן אין דער שטיל צווישן זיך. יעדע מינוט איז ביי מיר אַן אייביקייט. ״האָסטו נאָך אַ פאַך אויסער שמיד?״ פרעגט דער קאָמענדאַנט. ״יאָ, איך בין אַן אויטאָ־מעכאַניקער״, זאָג איך אין איין אָטעם. ״וווּ האָסטו געאַרבעט?״ פרעגט מיך ווייטער די סעקרעטאַרין און קוקט אויף דעם קאָמענדאַנט. ״אין די פאַנצער־קאָשאַרן (ה.ק.פ.)״ ענטפער איך. איך זע ווי דער קאָמענדאַנט און די סעקרעטאַרין קוקן זיך ווייטער איבער און באַטראַכטן צפורה און יוכבדלען. די סעקרעטאַרין ווייזט אונדז גלייך צו גיין צום צווייטן בלאָק. איך שפיר, אַז איך גיי ניט מיט מיינע פיס, איך זע ניט דעם וועג. איך ווייס בלויז, אַז איך דאַרף זיין רויק און גיין גלייך. איך ווייס, אַז די השגחה פרטית פירט אונדז. מיר האָבן מצליח געווען אין דער ערשטער סעלעקציע. נאָך דער רעגיסטראַציע איז אָנגעקומען אַן אויטאָ, אַרויפגענומען די אָפּגעשטעלטע און אָפּגעפירט זיי אין געטאָ. פאַרנאַכט זענען געגאַנגען יידישע און ליטווישע פאָליציי און אויפגענומען די אַלע פרויען און קינדער, וועלכע זייערע מענער, אמתע, אָדער צוגעשריבענע, זענען שוין אָפּגעפירט געוואָרן אין דער פרי אין דער געטאָ. מען הייסט זיי נעמען זייערע זאַכן און אַראָפּגיין אונטן צום אויטאָ. מען לויפט מיט פּראָטעקציעס צום קאָמענדאַנט. צערטיל, אהרן עפּשטיינס פרוי האָט גרויסע באַקאַנטשאַפט. דער קאָמענדאַנט לאָזט אָבער קיינעם ניט צו. דער פסק־דין איז אַן אַנטגילטיקער. עס האָט גאָרניט געהאָלפן.

די ״שניידער שטובע״

אונדזער שכן, שמעון כילינאָוויטש, פון אונדזער בלאָק אין געטאָ, איז אַ פאַכמאַן – אַ מאַשין־מעכאַניקער. ער פאַריכט די מאַשינעס פון דער שניידער שטובע און פון דער שטריקעריי. ער בעט מיך, אַרויפגיין צו אים אין זיין וואַרשטאַט. ער דאַרף מיר עפּעס ווייזן. באָריע גאָלאָמב איז דער בריגאַדיר פון דער שניידער שטובע. איך גיי מיט אייזנס אין די הענט, כלומרשט עפּעס פאַריכטן. איך אַרבעט אין דער קוזניע און שלאָסעריי. שמעון ווייזט מיר אַ פּעקל רצועות פון תפילין. ״וואָס טוען זיי דאָ?״ פרעג איך. ״איך האָב זיי באַקומען צו מאַכן שנורן פאַר די מאַשינעס. נאָר ביז היינט האָב איך נאָך קיין שנור ניט געמאַכט, אָט אַזוי הענגען זיי. אויף שנורן געפין איך אַנדערע לעדער. איך האָף, אַז זיי וועלן ווידער ניצן אַלס רצועות פאַר תפילין. נאָר, צי מיר וועלן עס דערלעבען, דאָס איז די פראַגע״, זאָגט שמעון און קרעכצט.

דער ערשטער בר־מינן אין ה.ק.פ. – אַפּריל 1944

פיינבערג פון קאָוונע איז אַ האַרץ־ליידענדיקער. אין משך פון 8 חדשים איז קיינער ניט געשטאָרבן אין לאַגער, כאָטש מען האָט גוט צוגעהונגערט. פיינבערג האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ שוואַך האַרץ. ער אַרבעט אין טויבן־הויז אַלס עלעקטריקער. אַ געוויסן מיטוואָך אין דער פרי הערן מיר, אַז ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק, ליגנדיק אין בעט. דער ערשטער מת אין לאַגער. די ווייבער האָבן זיך פאַרנומען מיט נייען תכריכים. די וועלכע האָבן געהאַט ליילעכער ניט קיין געניצטע, האָבן זיך געבעטן: ״נעמט ביי מיר״. די סטאָלעריי האָט גענומען די בעסטע, נייעסטע ברעטער און געמאַכט אַן אָרון. עס האָבן זיך אָפּגערופן יידן געוועזענע עסקנים פון חברה־קדישא. מען האָט זיך מטפל געווען מיטן נפטר, ווי מיט אַן אייגן קינד. אַלע האָבן געוואָלט עפּעס טאָן פאַר אים. אוי, האָט מען אים מקנא געווען. עס זענען געשטאַנען: שטערנשוס דער אַלטער, פום דער שלאָסער, ר׳ יוסף שוב דער גלעזער, באָרע און בעטיע גאָלאָמב־איידעלמאַן. שטערנשוס זאָגט: ״קינדער, איך בין דעם יידן מקנא פון גאַנצן האַרצן. הערט, וואָס פאַר אַ זכות ער האָט. ער איז געשטאָרבן אין זיין אייגענער בעט. די פרוי און דער זון זענען געווען ביי זיין אויסגיין. ער ווייסט, אַז מען וועט אים אָפּטאָן אַלע יידישע רעכט ווי עס דאַרף זיין. די פאַמיליע וועט זיצן שבעה, דער זון וועט קדיש זאָגן, מען וועט אים באַערדיקן כדין וכדת. די פאַמיליע וועט וויסן, ווּ זיין געביין איז אַהינגעקומען. קען זיין אַ גרעסער גליק פאַר אַ יידן ווי דאָס? מיר, קינדערלאַך, ווייסן אפילו ניט, ווּ אונדזערע ביינער וועלן מגולגל ווערן. ווער וועט געדענקען קדיש זאָגן. אוי, רבונו של עולם, שיק מיר צו אַזאַ טויט. מער וויל איך ניט!״

״וואָס זאָגסטו?״ פרעגט ביי מיר באָרע גאָלאָמב, נאָך שטערנשוס תפילה. ״איך זאָג אַז מיר וועלן זיי איבערלעבן, על אפם וחמתם. צי מיר ווילן, צי מיר ווילן ניט״. באָרע און בעטיע חזרן איבער: ״יאָ, מיר דאַרפן זיי איבערלעבן״.

אין דער לאַבאָראַטאָריע מלינה

יולי — 1944

דער אינזשינער העקנער האָט געהאַט ״גאָלדענע הענט״ און משונה־דיקע איינפאַלן. ער פלעגט קומען אין קוזניע און פון אַלטע אייזן מאַכן חלקים צו מאַשינען, וואָס ער האָט שטענדיק געפּלאַנט. ער האָט אויסגעבויט אַ מאַשין צו מאַכן מאַרמעלאַד, פון די שאָלעכץ פון צוגעפּראָרענע קאַרטאָפל, מערן און בוריקעס. ער האָט קאָנסטרואירט אַ מאַשין פאַר סאַכאַרין אויסאַרבייטונג. היות ווי באָרע האָט אַמאָל געלערנט כעמיע, האָט ער אָנגעהערט צו דער לאַבאָראַטאָריע. מיט דעם נאָמען לאַבאָראַטאָריע פלעגן מיר רופן דעם שמוציקן צימער, ווּ מען פלעגט קאָכן און מאַכן מאַרמעלאַד. די לאַבאָראַטאָריע איז געווען נאָענט פון דער אַלגעמיינער קיך. עס האָט צו זיי אויך געהערט אַ קעלער־צימער, וואָס האָט זיי געדינט ווי אַ סקלאַד און אַ מלינה. דער צימער איז געווען פאַרמויערט פון אַלע זייטן, און דורך אַ כלומרשטע טירל פון אויוון פלעגט מען קענען אַריינגיין אין מלינה. דאָ האָבן זיך אויסבאַהאַלטן העק־

נער, באָרע און בעטיע, קראַוויעץ מיט זיין פרוי און טאָכטער, און נאָך אַנדערע.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע פון לאַגער זענען זיי געווען אין מלינה. זעליג שימעלעוויטש פון ווילנע (היינט אין ישראל) דערציילט: מיר האָבן געהאַט מאַרמעלאַד צום עסן, עס איז געווען אַ פאַרשטעלט פענצטערל צום הויף. מיר האָבן געוווסט, וואָס עס טוט זיך אויפן הויף. איך מיט לייזער בערלין זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער אונטערגרונט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אויב מיר וועלען קענען זיך אַרויסכאַפּן פון לאַגער וועט אונדזער וועג זיין גלייך אין רודניצקער פּושטשעס, צו די פּאַרטיזאַנער. באָריען האָב איך געקענט פון קיעווסקי גאַס; מיר האָבן געוווינט אויף איין הויף. איך בין פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר אונדזערע עטלעכע חברים פון דער אונטערגרונט. איך נעם זיי מיט. מיר גייען גלייך פון הויף צום טייך ווילענקאַ, פון דאָרט אין וואַלד. באָריען האָב איך ניט געקענט מיטנעמען. באָרע האָט אָפּגערעדט מיט קיידאַנען גיין צוזאַמען אין שטאָט, דווקא אויף דער יידישער גאַס, וווּ עס איז געווען די צווייטע געטאָ. קיינער וווינט ניט אין די הייזער בלויז די סטרוזשעס. בלית ברירה איז דאָס אויך אַ פּלאַן.

אויף סובאָטשער גאַס, אין אַ הויף, האָט מען שפּעטער געפונען די פּוילישע פּעסער, צווישן זיי באָרעס און בעטיעס. זיי האָבן באַהאַלטן די דאָקומענטן, כדי מען זאָל זיי ניט דערקענען אַלס יידן. אין ווילנע האָבן יענע נאַכט געדונערט די קאַטיושעס. זיי זענען אָנגעקומען בשלום אין הויף אויף דער יידישער גאַס 10.

קיידאַן האָט ניט געקענט צוהערן דעם געוויין פון אַ קינד, וועלכער האָט געבעטן וואַסער, האָט ער גענומען אַן עמער, אַראָפּ בגנבה אין הויף, אַרויפגעטראָגן וואַסער. די פּוילישע סטרוזשאָווע האָט עס באַמערקט און גלייך געמאָלדן די דייטשן. אַ גאַנצע אָפּטיילונג פון געשטאַפּאָ האָט אַרומגערינגלט דעם הויף און געכאַפּט די יידן. אַ טייל זענען דערשאָסן געוואָרן בעתן געיעג, צווישן זיי קיידאַן, פיינבערגס (יובעליר) פרוי. די איבעריקע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן נעבן גאַזאָווניע אויף ווילנער גאַס. דאָרט האָבן זיי, מיטוואָך פרי, אַליין געמוזט אויסגראָבן פאַר זיך אַ קבר, און וועלכן מען האָט זיי דערשאָסן און באַערדיקט. זיי האָבן דערלעבט ביזן סוף, געשפּירט און געזען די מפּלה פון דעם נאַצישן רעזשים, נאָר ניט זוכה געווען צו נעמען נקמה.



האדל אַבראַמאָוויטש

# ווילייקער גויים האָבן דערציילט

די מלחמה

אין סעפּטעמבער, 1939, איז אויסגעבראָכן די מלחמה, וועלכע האָט געדויערט 5 יאָר. דער שרעקלעכער וועלט־פייער האָט געברענט און געבראָטן, פאַרניכטעט און אויסגעראָטן אונדזערע בעסטע און טייערסטע. פון אונדזער היים־שטעטעלע ווילייקע איז געבליבן בלויז אַש, עטלעכע פאַרשוואַרצטע קוימענס, סימנים פון געוועזענע הייזער. בלויז ביי אונדז אין האַרצן איז געבליבן איינגעבאַקן אונדזער אומפאַרגעסלעכע ווילייקע מיט אירע איינוווינער. גלייך מיט דער פּוילישער מאָביליזאַציע אין סעפּטעמבער 1939, זענען מאָביליזירט געוואָרן אַ גרופּע יידישע בחורים. דער גורל האָט געוואָלט, אַז די ערשטע דייטשישע קויל זאָל טרעפן לייבקע פּאַוולאָווסקין. זיינע חברים אין דער אַרמיי טאָנקע מילייקאָווסקי, ראובקע אַבראַמאָוויטש און משה׳קע בערמאַן זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט ביי די דייטשן. זייערע בריוו זענען געווען טרויעריקע: „דער פעטער לחם איז אַוועק פון אונדז״. דאָס איז געווען זייער שרייבן וועגן הונגער. דעם 17־טן סעפּטעמבער, 1939, האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען די פּוילישע מזרח־געביטן און זיי אָנגעשלאָסן צו סאָוויעטישער ווייסרוסלאַנד.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט. דער נייער רעזשים האָט באַוויזן זיין אמת׳ן פּרצוף. מען האָט אָנגעהויבן אַרעסטירן און אַרויסשיקן מענטשן אָן אַ שום שולד. מיר האָבן געקוקט מיט מורא און שרעק, ניט קענענדיק זיך פאָרשטעלן, וואָס גרייטן צו די „באַפרייער" הינטער אונדזערע פּלייצעס. מיר האָבן זיך נאָך ניט צוגעוווינט צו דער נייער אָרדנונג און פּלוצלונג מיטאַמאָל, אין אַ פינסטערן טאָג, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ שוואַרצער וואָלקן. עס איז אויסגעבראָכן דער דייטשיש־רוסישער קריג.

סוף יוני האָבן מיר פאַרלאָזן אונדזער היים, און זענען געפלויגן וווהין די אויגן טראָגן.

איך געדענק: אַרויסגייענדיק פון שטוב, באַגעגנט מיך חייקע דינערשטיין, יאָשע־לייבס טאָכטער, און זאָגט מיר: משוגענע, וווהין לויפסטו, מיט פיר קליינע קינדער? „געדענק, מיר וועלן זען, ווען עס וועט זיין בעסער, דיר אָדער אונדז דאָ״.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ תקופה פון שרעק, הונגער און ראַנגלעניש פאַרן טעגלעכן קיום. אין דערפער, אין וועלדער, ווו מיר האָבן געטאָגט, דאָרט האָבן מיר ניט גענעכטיקט. וואָלאָדיאַ קאָרסאַק, פון דאָרף באַראַנצע, האָט ניט איינמאָל אַרויסגעטראָגן אַ פּאָר קאַרטאָפל מיט אַ שטיקל ברויט און דערהאַלטן אונדז ביים לעבן. אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף, פון פעלד צו פעלד, פון וואַלד צו וואַלד.

ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט און מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק אַהיים, האָבן מיר קיין זאַך ניט געפונען. מען האָט ניט געקענט דערקענען, ווו איז געווען אַמאָל אונדזער שטאָט ווילייקע. גאַנץ פּילסודסקי גאַס, איז געווען פאַרברענט פון עק ביז עק. עס איז נאָר געבליבן געציילטע, הוילע, האַלב־צעבראָכענע אויוונס מיט קוימענס. בלויז דער גוישער קוואַרטאַל, די פאַרסער און כאָלאָפּיער גאַסן, זענען געבליבן גאַנץ. די פאַרסער גאַס איז געווען פאַרלייגט מיט אַראָפּגעוואָרפענע וואַגאָנעס פון דער באַן־ליניע.

פאַר אונדז האָט מער ניט געשיינט די זון. דער בולוואַר איז געשטאַנען ליידיק. יידישע מאַמעס האָבן מער ניט אַרומגעפירט זייערע קינדערלעך. דער ברעג טייך איז געווען וויסט. מיינע קינדער זענען אַרומגעגאַנגען פאַרטרויערט. זיי האָבן פאַרלאָרן זייער טאַטן לייב, אויף אייביק. עס האָט געברענט יעדער טראָט אויף דער טריפהנער ערד, וועלכע האָט פאַרשניטן אונדזערע בעסטע און טייערסטע אויף אַזאַ ביי־זווייליקן אופן.

קדושים

מענדל דער בלעכער

ניט מיט קיין קליינער סאַדיסטישער הנאה האָבן מיר די קריסטן דערציילט ווי אַזוי מען האָט דערמאָרדעט זייערע יידישע שכנים.

יאַשינסקי איז געווען דער נאַטשאַלניק פון טורמע, ווו מען האָט טאָג און נאַכט געהאַלטן אין איין ברענגען און אויסשיסן צענדליקער אומשולדיקע יידן פון ווילייקע און געגנט. וואָלאָדיע קאַפּטשוק פון כאָלאָפּיער גאַס, האָט געאַרבעט אין געסטאַפּאָ. עס האָט מיר דערציילט איוואַן שאַדון, אַז די דייטשן האָבן אים געשיקט אויפזוכן מענדל חאַיעט, דעם בלעכער. ער איז אַרויף אויפן בוידעם און האָט געהייסן מענדלען אַראָפּגיין פון בוידעם. מענדל האָט פאַרשטאַנען, וואָס אים שטייט פאָר. ער איז אַראָפּ פון בוידעם, געגאַנגען און געציטערט. עס האָט לאַנג ניט געדויערט; אַ דייטש האָט אים דערשאָסן אין גרוב ביי דער טורמע. שרה־חנה, זיין פרוי, זעענדיק וואָס עס איז געשען מיט איר מאַן האָט געזאָגט: „בחייהם ובמותם לא נפרדו״. זי איז אַליין אַוועק צו דער טורמע, און ווען זי האָט נאָר דערזען דעם ערשטן דייטש דורכגייענדיק, איז זי צוגעלאָפן צו אים, און גענומען בעטן ביי אים: „דו האָסט דערהרגעט מיין מאַן, הרגע מיך אויך״.

דער דייטש האָט אַרויסגעכאַפּט זיין באַגנעט, מיט גרויס אימפּעט זיך פאַרמאָסטן און אַראָפּגעהאַקט איר דעם קאָפּ, וועל־

כער האָט זיך אַוועקגעקייקלט ניט ווייט פון איר קערפּער. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לעבן פון מאַן און פרוי.

## ישראל־אליהו אַבראַמאָוויטש

עס האָט מיר דערציילט וועראַ קאַוואַזאַנאָוויטש, די שכנה פון דער משפחה אַבראַמאָוויטש, די טאָכטער רחל האָט מען אַוועקגעפירט אין אַן אויטאָ. עס זענען געבליבן אין שטוב די צוויי ברידער אברהם־איצע, בערל און טאַטע־מאַמע. די דייטשן האָבן גענומען די פאַמיליע, אַוועקגעפירט אויף דער "ליסע־גאראַ", און האָבן געהייסן זיי אויסגראָבן אַ גרוב פאַר פיר פערזאָן. ווען די גרוב איז געווען פאַרטיק, האָבן זיי באַפוילן די זין, זיי זאָלן מיט די רידלען דערהרגענען זייערע עלטערן. די זין זענען דערשאָסן געוואָרן אין דער זעלביקער גרוב. אויפן צווייטן טאָג האָבן די דייטשן באַפוילן די קריסטן צו פאַרגראָבן דעם ברודער־קבר, פון דער פאַמיליע אַבראַמאָוויטש.

## מען ברענט יידן
### שעפּסל, דעם רימערס משפחה

לוקיאַן ראַציפּ פון פאַרסער גאַס דערציילט:

חיה־שפרה, שעפּסל (שבתאי) דעם רימערס פרוי האָט מען אַרויפגעזעצט אויף אַן אויטאָ און אַוועקגעפירט (אין דער צווייטער אַקציע). אירע קולות זענען דערגאַנגען ביזן הימל. איר טאָכטער, רבקה, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פעלד פון קאַרטאָפל און קאָרן. זייער שכנס אַ זון, פאַהודע, אַ פּאַסטוך, האָט זי געכאַפּט און אַרויסגעגעבן די דייטשן. מען האָט זי מער ניט געזען.

זלמנס (דער זון פון שעפּסלען) פרוי מיט די קינדער האָבן די דייטשן אַוועקגעפירט קיין מאַקעווע מיט נאָך 50 יידן, אַריינגעפירט אין אַ קליין דאָרפיש בעדל, זיי געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט, פאַרשפאַרט די טיר, 2 דייטשן האָבן באַגאָסן דאָס בעדל מיט בענזין און אונטערגעצונדן. ווען זלמן האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין פרוי מיט די קינדער זענען אַוועק קיין מאַקאָווע, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער מוז זיי געפינען. ער האָט גענומען לויפן אַהין. ווען ער איז אָנגעקומען, האָט ער נאָך געטראָפן זייערע פאַרסמאַליעטע קערפּערס. ער האָט קיין סך ניט געטראַכט, זיך אַריינגעוואָרפן אין פייער און פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע און נאָך יידן.

## אברהם־משה ראָכע־חנה'ס נעמט נקמה

זיינע שכנים דערציילן: צו רחל־חנהס מאַן, אברהם־משה, זענען געקומען צוויי דייטשן. איינער איז אַריין אין שטוב נעמען אים. דער צווייטער איז געבליבן וואַרטן אין גאַס. ווען דער וואַרטנדיקער סאָלדאַט האָט באַמערקט, אַז עס איז אַריבער אַ ביסל צייט און זיין קאַמעראַד איז נאָך ניט אַרויס מיטן יודע, איז ער אַריין אין פאָרהויז און געעפנט די טיר פון שטוב. אין דעם מאָמענט האָט אברהם־משה אים אָפּגעגאָסן מיט הייס קאָכעדיק וואַסער. ער האָט אפילו ניט באַוויזן אַ געשריי צו טאָן און ער איז שוין געלעגן טויט. דער ערשטער דייטש איז אויך געווען טויט מיט אַן איבערגעביסענעם גאָרגל און אַ צעריסענעם פּנים. אברהם־משה האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן, אָבער פאַרזוכט האָט ער, פאַרן טויט, דעם טעם פון נקמה. ינקום ה' דמו. זיין טאָכטער חיה־שרה איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד.

ביי מיין ברודער מלך זענען אומגעקומען אין דער מלחמה זעקס זין, שלמקה און ראובקע ביי היטלערן, יודל אויפן רוסיש־דייטשישן פראָנט, משה'קע, דער 20־יאָריקער, איז געשטאָרבן פון הונגער און קעלט. מרדכי־אליעזר איז אַוועק אין 44־טן יאָר קיין רוסלאַנד און מער זיך ניט אומגעקערט, און יענקל דער יינגסטער, איז פאַרפאַלן געוואָרן און מען ווייסט ניט פון אים ביז היינט.

אַזוי האָט יעדע יידישע פאַמיליע, באַצאָלט מיט שווערע קרבנות אין דער גרויזאַמער מלחמה, בלויז פאַר דעם נאָמען ייד.

תשכ"ז.



## די טורמע

מיינע ליפּן, זיי טריפן – גאַל,
מיינע אויגן – זיי פינקלען – פייער,
מיינע הענט, זיי ביילן – פויסטן,
פון מיין מויל, פון מיין קעל
קולות ווערטער טוען זיך קייקלען.

ביי מיינע נביאים־משוררים – איך זוך
אַ קלאָג־ליד, אַ קינה,
מיינע אויסגעמאָרדעטע
פאַרשניטענע ברידער
באַוויינען באַקלאָגן.

איך בעט – גיב מיר ווערטער
גאַל צו ווישן.
גיב מיר רייד
פייער צו לעשן.
פאַרוואָס זאָל איך
פאַרסמט ווערן
פון מיין אייגענעם אייטער?

ווילייקער טורמע,
דיינע ווענט קאַלטע, הויכע
עדות פון טיף־פייערדיק טרויער.
ווענט פון בלוט און מאַרך
פאַרשפריצטע.

דאָ האָט מען מאַמעס, קינדער
אויסגעראָטן.
דעם צלם אלקים געלעסטערט,
וואָרצל ייד אויסגעריסן
אונדזער שטאַם געברענט.

שוואַרצע גרויזאַמע וואַנט
דורכגעזאַפּט רויך,
און בלוטיקן שאַנד!

ק. פּ – ר

## ק. פאַרבער

# אויף קבר־אבות אין פּאָנאַר

צום גדליה, תש״ה – 1944

די רעשטלעך פון ווילנער, און פּראָווינצער לעבן געבליבענע ייִדן, האָבן באַקומען אַן ערלויבעניש צו באַזוכן פּאָנאַר, אונדזער פּאָנאַר.

מיר זענען דאָ אין ווילנע אָנערקענט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער מאַכט אַלס רעליגיעזע קהילה. ״רעליגיינאַ אָבשטשינאַ״.

די ערלויבעניש צו באַזוכן פּאָנאַר איז געגעבן געוואָרן אין דעם טאָג פון צום גדליה, תש״ה – 1944.

מיר פאָרן אין פּאָנאַר אויף קבר אבות, דער צווייטער באַזוך הייַנט, איז אַ ריין ייִדישער – אַ התייחדות מיט אונדזערע קדושים. מיר קלעפּן ניט קיינע פּלאַקאַטן, ווייל ס׳איז ניטאָ פאַר וועמען. אַלע איבערגעבליבענע ייִדן קומען יעדן טאָג אין דער ייִדישער קהילה. מען קומט זוכן אַ בריוו פון אַ פריינט, פון אַ חבר אויפן פראָנט, פון לאַנד און פון אויסלאַנד.

די פּאָסטרעגער האָבן בלויז איין ייִדישן אַדרעס, דאָס איז די ייִדישע קהילה אויף דייטשע 19, אין נאָזס הויף.

דאָס רוב בריוו בלייבן ליגן ניט קיין געעפנטע. ס׳איז ניטאָ ווער ס׳זאָל זיי אָפּנעמען און עפענען. עס חזר׳ן זיך איבער עטלעכע נעמען, נאָך אַ בריוו אויפן זעלבן אַדרעס, אויף אַ צווייטן אַדרעס. ווייזט אויס אַז קרובים ווילן וויסן און קענען זיך ניט דערוואַרטן אויף אַ תשובה, שרייבט מען נאָך אַ בריוו. אפשר וועט ווער פאָרט ענטפערן.

דאָ אין קהילה קענסטו זען ווי עס קומען אָן אונדזערע יונגע בחורים־ות, קינדער נאָך, אָנגעטאָן אין מיליטערישע בגדים; איינער טראָגט אַ שווערן קוילנוואַרפער, דער צווייטער – אַ לייכטן בראַונינג. זיי שיידן זיך ניט מיט זייער געווער. פאָרנדיק צום פראָנט האָט זיך זיי איינגעגעבן אַראָפּכאַפּן אַהיים אָפּזוכן די פאַמיליע, טאַטע מאַמע, וועלכע זיי האָבן איבערגעלאָזן אין געטאָ.

זייער ערשטער באַזוך האָבן זיי שוין אָפּגעשטאַט אין דער אַלטער היים, ביים סטרוזש פון הויף. דעם צווייטן – אין זייער וווינונג אין געטאָ, פון דאָרט זענען זיי אַנטלאָפן אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. יעצט קומען זיי צו לויפן אין קהילה, צווישן אייגענע, אפשר דאָ וועלן זיי זיך דערוויסן, ווו זענען אַהינגעקומען זייערע אַלע נאָענטסטע און טייערסטע.

קוק זיי נאָר אָן, די יונגע קינדער, מיט די גרויסע זעלנערישע מונדירן, קוים וואָס זיי האַלטן זיך אויף זייערע קינדערישע פּלייצעס. זע נאָר מיט וואָס פאַר אַ כּבוד און אַכטונג עס גלאַנצן אָפּ די אָפּצייכענונגען פון גבורה אויף די הערצער פון די יוגנטליכע. דאָס פּאַסט גאָר פאַר עלטערע אויסגעדינטע, אויסגעצייכנטע זעלנער. יעדער יוגנטליכער וועט דיר דערציילן פון גבורה און נקמה, פון איבערמענטשליכע ליידן און איבערגעבנהייט פאַרן צווייטן, פאַר אַ חבר, פאַר אַ ייִד.

פון קהילה פירט אַ גלייכער קאָרידאָר אין קלויז. דער איינציקער מקום קדוש וואָס איז איבערגעבליבן אין שטאָט, ניט קיין פאַרשוועכטער דורך די טמא׳דיקע הענט פון די דייטשישע רוצחים־נאַציס מיט זייערע מיטהעלפער.

איך זע ווי זיי שפּרייזן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט וואָס פאַר אַ דרך־ארץ זיי טרעטן אַריבער דעם שוועל פון קלויז. זיי גייען מיט יראת הכבוד צו זיך אין דערהיים, זיך מתייחד זיין מיט אייגענע נאָענטע. זיי שלינגען זייערע טרערן, די ניט קיין אויסגעוויינטע, זיי פירן זייער געשפּרעך, דעם ניט פאַרענדיקטן נאָך פון דער היים, פון קינדער מיט עלטערן. זיי רופן אַרויס אין דמיון טאַטע מאַמע פון פייער און גרוב, פון פאַרהוילענע וועלטן. זיי האָרכן אויס זייער צוואה, זיי דערפילן די אחריות, דעם שווערן גורל, דעם פליכט פאַר זייער פאָלק. ווען די ווענט פון קלויז וואָלטן געהאַט אַ מויל און געקענט דערציילן פון תפילות געבעטענע, בקשות געזאָגטע, דורך טרערן פאַרשטיקטע, פון די קינדערישע התייחדות מיט טאַטע מאַמע, פון מענער און פרויען, אָפּגעריסענע צווייגן פון איינגעוואָרצלטע שטאַמען, ווער ווייס צי וואָלטן מיר געווען אימשטאַנד אויסהערן און באַנעמען אַלע טענות געזאָגטע, אַלע פראַגן ניט פאַרענטפערטע.

אונדזער זאַמלפּונקט איז די קהילה. פון דאָרטן פאָרן מיר מיט לאַסט אויטאָס נאָך פּאָנאַר. מיר רייסן זיך אַלע זיין אין פּאָנאַר. עס נאָגט אין האַרצן, עס בענקט די נשמה נאָך דיר פּאָנאַר, זיין אין דיין וועלדל, אָטעמען מיט די זעלבע לופט, וואָס האָבן געאָטעמט אונדזערע בעסטע.

מיר זענען בלויז געציילטע וואָכן אויף דער פריי, מיר האָבן שוין באַוויזן צו זיין געציילטע שעה׳ן אין פּאָנאַר, און דער דורשט איז ניט אַריבער. עס ציט ווייטער אַהין ווי מיט אַ מאַגנעט. ווו דו קערסט זיך, ווו דו גייסט נאָר, זעסטו בלויז פאַר זיך פּאָנאַר. איך בייַנק נאָך דיר באַטאָג און באַנאַכט.

מיר שילטן דיר אויך פּאָנאַר פון טיפן האַרצן, דו בייזער גייסט, וואָס האָסט פאַרביטערט אונדזער לעבן. די קללות פון דער תוכחה זענען צו בלאַס אויף צו פאַרשילטן דיר. זאָלסט אָפּגעמעקט ווערן פון ביידע וועלטן לעולמי עד, ביז אין דער אייביקייט אַריין. פּאָנאַר, ביזט אַריין אין לעקסיקאָן פון אונדזער שפּראַך פון צרות, פון יסורים, נויט, התעללות און טויט. מיט דיין נאָמען האָבן מאַמעס קינדער געסטראַשעט, געשראָקן און געוואָרנט, ווען יענע האָבן בלויז עסן געבעטן, אַ שטיקעלע ברויט, אַן אָפּגעקאָכטן גרויפּ, אָדער אַ ברעקל פון אַ קאַרטאָפל.



הספדים אין פאנאר – צום גדליה תש"ה – 1944

עס שטייען פון לינקס: 1 ה' העקלער; 2 ?; 3 קלמן פארבער; 4 יעקב שטיין; 5 שמערקע קאטשערגינסקי – לייענט די געפונענע צוואה פון א ווילנער פרוי געשריבן פירנדיק אין פאנאר; 6 ?; 7 זיצט הרב **ישראל** גוסטמן; 8 יעקב קאגאנאָוויץ; 9 יעקב סאפירשטיין; 10 ה' לייזעראָוויץ.

עס האָבן פאַריאושטע געוואַרט אויף דיר אין חלום און וואָר. זיי האָבן געבעטן באַפרייט ווערן פון צרות און פיין. ווו נאָר אַ ייד וועט פאַרוואָגלט ווערן, ווו אַ געדעכעניש פון אַ ווילנער וועט פאַרבלייבן, וועט די קללה פון זיינע ליפן ניט אַראָפּ עד סוף כל הדורות.

אָט זענען מיר דאָ אין פאָנאַר. דער לאַסט אויטאָ מיטן סטענדער און טלית אויף אים איז צוגעגרייט. דאָ וועסטו אַ הספד הערן. עס שטייען אַרום די עטליכע צענדליק אָפּגעראַטעוועטע האָלעוועקעס, אָפּגעריסענע, בלאַסע, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פנים. דאָס זענען רעשטלעך פון ווילנער און פראָווינצער יידן; דאָס איז דאָס רעשט פון ליטווישן אונטערגעגאַנגענעם יידנטום. עס שטייען צוזאַמען מיט זיי עטליכע סאָוויעטישע יידישע זעלנער אין מונדירן. זיי קומען מיטן פראָנט פון טיף רוסלאַנד, זיך מתייחד זיין מיט זייערע ברידער אין דער ליטע.

ס'שטייט דער באַוווּסטער מעדיקער, פּראָפעסאָר רעבעלסקי, מיט נאָך יידישע מיליטער לייט פון הויכע ראַנגעס, מיט טיכלאַך דורכגעווייקטע פון טרערן. אַלע וויינען. יע, "עס וויינט דיך". די מספידים דאַרפן ניט וואַרעמען דעם עולם אויף אַרויסצורופן טרערן. דער עצם זיין אין פאָנאַר איז גענוג, זאָלסט אויסוויינען דיינע אויגן, מיט טרערן, אָדער אָן טרערן. און אַז העקלער הייבט אָן די הספדים מיטן פסוק "קול ברמה נשמע, רחל מבכה את בניה", זענען גענוג די געציילטע ווערטער אויף צו צעטרייסלען די געציילטע צעטרייסלטע יידן. און ווען דער איינציק לעבן געבליבענער רב, הרב ישראל גוסטמאַן, שרייט אויס מיט פאַטאָס: "קול דמי אחיך צועקים אליך מן האדמה" – נקמה, נעמען נקמה פון אונדזערע שונאים, ביילן זיך די פויסטן פאַרשטשירעסט מיט די ציין און שווייגסט, און פרעגסט זיך זעלבסט מאין יבוא עזרי?

און אַז קלמן פאַרבער, פירט אויס מיט ברען אַז אין איובס חברימס "וידומו" איז דאָ בלויז אַ השתתפות בצער, אַ ענין פון הרגשה, אָבער אויף בויען דעם כלל ישראל, דעם המשך הדורות, דאַרף מען מעשים. אַז די אויפגאַבע פון די לעבןגעבליבענע דאַרף זיין אָפּזוכן און אָפּראַטעווען יידישע קינדער פון גוישע הענט כדי ווייטער בויען דעם כלל ישראל. די ווערטער האָבן ווילנער יידן דערהערט און געטראַכט וועגן מעשים.

און אַז יעקב קאַגאַנאָוויטש האָט געשילדערט די ביטע פון

מאַמעס ביי תליינים פריער געהרג'ט ווערן כדי ניט ביי זיין ביים סוף פון קינדער'ס אומקום, האָבן אַלע געזען און געפילט אַלע גרויליקייטן פון אַלע אַקציעס וואָס זענען דאָ פאָרגעקומען ביזן לעצטן טאָג.

און ווען שמערקע קאטשערגינסקי האָט פאָרגעלייענט דעם געפונענעם בריוו פון דער ווילנער פרוי – איר צוואה וואָס זי האָט געשריבן, פירנדיק איר אין פאָנאַר, האָט דער עולם געוויינט אויפן קול.

און מיט א. לייזעראָוויטשעס הזכרה איז געקומען צום אויסדרוק די פאַראייניקונג פון די לעבעדיקע מיט די קדושים פון אַלע דורות, אָנהויבנדיק פון חורבן הבית און מצדה, פון טאָרקוועמאַדעס אינקוויזיציעס, דורך גזירות ת"ח ות"ט, ביז אוישוויץ־מיידאַנעק־טרעבלינקע־פאָנאַר.

אָט בלויז געציילטע וואָכן ווי עס זענען פאַרשניטן געוואָרן די לעצטע ווילנער לאַגער־יידן פון ה. ק. פ. און קייליס, פון קריגס־לאַזאַרעט און געסטאַפּאָ אַרבעטער. זייער אָפּשיין איז נאָך נישט פאַרטושט געוואָרן. זיי שוועבן נאָך אין די הויכקייטן און שיינען אויס אין אָפּגלאַנץ פון די אויבערשטע ספערן (ספירות העליונות). און ווען דער אַלגעמיינער כלל־קדיש איז געזאָגט געוואָרן אין איינעם, האָסטו געפילט אַז פליגלען פלאַטערן פון אַנדערע וועלטן, ווי נשמות פאַראייניקן זיך און מאָנען ביים כסא הכבוד נקם ושילם – נקמה און באַצאָלונג.



# געדענק און פארגעס ניט!

אונדזער אומפארגעסלעכע הייליקע קהילה אין ווילייקע איז מער נישטאָ.
בלויז דריי "יאָרצייט-טעג" פון טרויער איז אונדז געבליבן צום אנדענק:

א. שבעה עשר בתמוז, תש"א (12.7.1941) — די ערשטע שחיטה אין וואלד מאלוני ווו עס זענען דערמאָרדעט געוואָרן איבער הונדערט פופציק מענער.

ב. ה'-ו' מנחם אב תש"א (29–30.8.1941) — די צוויי טאָגיקע אַקציע – צום מאיאק – ווו עס זענען דערמאָרדעט געוואָרן איבער צוויי הונדערט פופציק נפשות אין די 3 גרויסע ברידער קברים – מענער, פרויען און קינדער פון ווילייקע און געגנט.

ג. פורים תש"ב (3.3.1942) — די דריטע און לעצטע אַקציע, איז דורכגעפירט געוואָרן אין הויף פון דער טורמע, עס זענען דערמאָרדעט און פאַרברענט געוואָרן, די לעצטע ייִדן פון ווילייקע און פּראָווינץ.

ווילייקער קאָמיטעט אין ישראל האָט אָנגענומען דעם אַלגעמיינעם אנדיינקונגס-טאָג (יום הזכרון) אויף מאָרגן נאָך שושן-פורים, אין דעם טאָג זענען מיר זיך מתייחד מיט אונדזערע קדושים.

מיר ווענדן זיך צו דיר בן-עיר אין לאנד און אויסלאנד:
לייען דעם "יזכור בוך" אין די דריי "יזכור טעג" אין יאָר. פאַרטראַכט זיך, לערן פון אים, און זיי מקיים דעם לעצטן ווונש פון דיינע קרובים, נאָענטע הייליקע נשמות וואָס שרייען ארויס פון די ברידער-קברים – נקמה!

געדענק און פארגעס ניט!

געדענק וואָס דער באַרבאַרישער מאָדערנער עמלק האָט אונדז געטאָן. דערצייל דיינע קינדער און קינדס קינדער; וויאַזוי האָבן אומגעבראַכט – די עמלקים – דייטשן נאַצישע בעסטיעס, מיט זייערע נאָכשלעפּער, דיינע ברידער און שוועסטער.

צינד אָן אַ ליכטל, פאַר דיין פאַמיליע און פריינט, צום דערהויבונג פון זייערע הייליקע נשמות, לאָז פאַלן אַ טרער, בעת דיין התייחדות מיט דיינע נאָענטסטע און טייערסטע.

זיי וויסן אַז ניט איינזאַם ביסטו מיט דיין טרויער און צער, דו געהערסט צו אַ פאָלק; וואָס געדענקט טויזנטער יאָרן, און ווייס, ווי זיך מתייחד זיין מיט אירע מיליאָנען קדושים.

דיין טרער איז אַ צוגאָב, אין ים פון טרערן און בלוט, אין פּיין און איינזאַמקייט, פון דיין ליידנדן ייִדישן פאָלק.

בייג איין דיין קאָפּ מיט אַ תפילה אויף דיינע ליפּן.

יתגדל ויתקדש שמיה רבא...

## זינג!

א.

"זינג! נעם דיין האַרף אין האַנט, הויל, אויסגעהוילט און גרינג,
אויף זיינע סטרונעס דין וואַרף דיינע פינגער שווער,
ווי הערצער, ווי צעווייטאַקטע, דאָס ליד דאָס לעצטע זינג,
זינג פון די לעצטע ייִדן אויף אייראָפּאַ"ס ערד."

ח.

– ווי קען איך זינגען – אַז ס'איז די וועלט מיר וויסט?
ווי קען איך שפּילן מיט פאַרבראָכענע מיט הענט?
וווּ זענען מיינע טויטע? איך זוך די טויטע מיינע, גאָט, אין יעדן מיסט,
אין יעדן בערגל אַש: – אָ, זאָגט מיר וווּ איר זענט?

ט.

שרייט אויס פון יעדן זאַמד, פון אונטער יעדן שטיין,
פון אַלע שטויבן שרייט, פון אַלע פלאַמען, פון יעדן רויך –
ס'איז אייער בלוט און זאַפט, עס איז דער מאַרך פון אייער ביין,
ס'איז אייער לייב און לעבן! שרייט אַרויס, שרייט הויך!

יג.

קומט אַלע פון טרעבלינקי, פון סאָוויבאָר, פון אַשווענטשים,
פון בעלזשיץ קומט, קומט פון פּאָנאַרי און פון נאָך, פון נאָך, פון נאָך!
מיט אויגן אויפגעריסן, פאַרגליווערט אַ געשריי, אַ געוואַלד און אָן אַ שטים,
פון זומפּן קומט, פון בלאָטעס איינגעזונקען טיף, פון פוילן מאָך –

יד.

קומט געטריקנטע, צעמאָלענע, צעריבענע, קומט, שטעלט זיך אויס,
אין אַ קאַראַהאָד, אַראָד אַ גרויסן אַרום מיר, איין גרויסע רייף –
זיידעס, באָבעס, טאַטעס, מאַמעס מיט די קינדערלעך אין שויס –
קומט, ביינער ייִדישע פון פּראַשקעס, פון שטיקלעך זייף.

טו.

ווייזט זיך מיר, באַווייזט זיך אַלע מיר, קומט אַלע, קומט,
איך וויל אייך אַלע זען, איך וויל אייך אָנקוקן, איך וויל
אויף מיין פאָלק, מיין אויסגעהרג'עטן, אַ קוק טאָן שטום, פאַרשטומט –
און איך וועל זינגען... יאָ... אַהער די האַרף – איך שפּיל!

יצחק קצנלסון

פון "דאָס ליד פונם אויסגעהרג'עטן ייִדישן פאָלק"

# וילייקה ובנותיה

**לפי מקורות קדומים (אנציקלופדיות רוסיות) השתייכו למחוז וילייקה 15 קהילות יהודיות, אשר רק בארבע מהן היו מספר תושביהן קטן מעיר המחוז. בסביבה גרו יהודים גם בכפרים יותר גדולים ובחצרות של פריצים כאריסים.**

## ר צ׳ ק ה

עיירה קטנה במרחק של 15 ק״מ מוילייקה בכיוון קורניץ – דולהינוב. משתייכת לקהילת וילייקה. בשנת 1847 גרו בה 161 משפחות ברובן נוצריות, בשנים האחרונות לפני מלחמת העולם השניה היה בה כמנין משפחות יהודיות, היה להן בית מדרש משלהן, וחדר בשביל הבנים והבנות. הנוער השתייך למפלגות הציוניות ויחידים הגיעו לארץ.

האוכלוסיה היהודית עסקה במסחר ומלאכה וגם בפקידות בבית חרושת ללבנים.

אחד מבני העיירה מר לוין היה קצין בכיר בצבא הסובייטי, יש אומרים שהיה בין משחררי וילנה בזמן מלחמת העולם השניה.

בן עיירה שני חיים ציחוק למד בגמנסיה בוילייקה, ברח אל הפרטיזנים, הצטיין בגבורתו ובאומץ לבו, נפל ביער בפעולה נגד הרוצחים הגרמנים. אחרי מותו הוענק לו ע״י הממשלה הסובייטית תואר ״גבור ברית המועצות״ (ראה דף 151).

בשנת 1942 נחרבה רצ׳קה ביחד עם כל קהילות ישראל בגולת פולין.

## סוסנקה

15 ק״מ מוילייקה שוכנת עיירה סוסנקה בה התגוררו כ־600 נפשות, ביניהן עדה יהודית של 15 משפחות. האוכלוסיה במקום התפרנסה מעבודת אדמה ותוצרתה, ובימות החורף מהובלת עצים (וואסקע).

העדה היהודית היתה מורכבת מכמה סוחרי עצים גדולים ביניהם מר יואל סוסנסקי, שני חנוונים, בעלי מלאכה וסוחרים זעירים – רוכלים בכפרים. במקום היה חדר בשביל הבנים והבנות שלמדו ביחד, הנוער יצא להכשרות, ואף לארץ הגיע. מנין קבוע היה להם בדירה פרטית עם ספר תורה משלהם. לימים הנוראים היו מזמינים בעל תפילה מהחוץ. עם חורבן יהדות פולין נחרבה גם קהילת סוסנקה.

בית בסוסנקה



## כאלאפי

כפר גדול, 2 ק"מ מוילייקה מכיוון רח' כאלאפי, בכפר היה טחנת קמח שמשפחת דימנטשטיין החזיקה בחכירה.

המשפחות היהודיות שגרו בכפר היו קשורות עם וילייקה, ילדיהן למדו בבתי הספר בוילייקה, הנוער השתייך להסתדרויות הציוניות בעיר, הפרטיזנית ברטה דימנטשטיין בת כאלאפי היתה אחת הבנות האמיצות אצל הפרטיזנים (ראה דף 152).

באקציה השלישית נספו אחרוני יהודי כאלאפי.

## נייקה

בדרך שבין קורניץ לקריביץ כ־22 ק"מ מוילייקה שוכנת קולוניה ותיקה בת מאתיים שנה, נייקה, השייכת לקהילת וילייקה, בישוב זה גרו כ־15 משפחות יהודיות, בסמוך לקולוניה היה כפר ניוזקי עם כמאתיים משפחות נוצריות.

כל תושבי המקום לרבות היהודים היו עובדי אדמה, לכל אחד היה כמה הקטרים אדמה, אשר ממנה הוציאו התושבים את מחייתם. בישוב היה גם בית חרושת ללבנים וסיד שהשתייך לר' מנדל שולמן שהיה מייצר בשביל כל הסביבה. היה בית מדרש, לימים הנוראים היו באים הישובניקים מהסביבה – הכפרים ואחוזות הפריצים – להתפלל במנין. לפני מלחמת העולם הראשונה היו המשפחות לוינסון ודובין באים מבאלאשי להתפלל במנין.

הבנים והבנות למדו בחדר אצל מלמד ובשנים האחרונות אצל מורה.

הנוער השתייך למפלגות הציוניות. אחד מבניה וָולה מנייקה יהודי מבוגר מזוקן היה פרטיזן נועז אשר שמו הלך לפניו, וקידש את שם ישראל בין הפרטיזנים הרוסים.

קהילת נייקה נספתה עם חורבן יהדות פולין.

## בושובה

ישוב קטן יהודי על יד ויאזין, התגוררו בו כמה משפחות יהו־דיות, ביניהן משפחת אקסלרוד סוחרי עצים, אחד מבניה היה המוסיקאי המפורסם אקסלרוד שהיה גם מופיע בהצגות אחרי המלחמה בוילייקה. הוא סיים את הקונסרבטוריון בסנט – פטרבורג.

כל הישוב היה קשור לוילייקה, הסוחרים היחידים במקום השתייכו להתאחדות הסוחרים שבוילייקה. הנוער היה מעורב עם הנוער הוילייקאי.

עם חורבן יהדות פולין נחרב גם ישוב יהודי זה.

**נרשם מפי חברים על־ידי ק. פ.**

## וויאזין

העיירה וויאזין השוכנת על נהר ריבצינקה, המשתפך אל הנהר ווִיליָה, נמצאת כ־8 קילומטר מהעיירה אילְיָה ו־20 קילומטר מעיר המחוז וילייקה. אדמת וויאזין היתה רכושו הפרטי של בעל האחוזה "הפריץ" גיצֶביטש שהחכיר חלקות אדמה ליהודים לבנות בתים בתנאים נוחים.

### הישוב היהודי

לא נמצאו במקורות מאימתי התחיל הישוב היהודי בעיירה. מר יעקב ריער יליד וויאזין הגר בארצות־הברית הצליח למצוא באחד הספרים רשימה זו: הרב ר' שמעון ב"ר יצחק מוויאזין שהיה אב בית־דין בוילנה, עלה לארץ ישראל והשתקע בירוש־לים בשנת 1666. בשנת 1691 נאשם יהודי בשם ר' מנחם בן־אריה מוויאזין שגר בסביבת וילנא ברצח ילד נוצרי (עלילת דם) ונדון למות. לזכרו חברו רבני וילנה תפילה מיוחדת. מהנ"ל יש להסיק שהישוב היהודי בוויאזין התקיים כבר לפני 350 שנה ואולי יותר.

בספר הזכרונות של הגאון המפורסם ר' יצחק אלחנן ספקטור הרב מקובנה, מסופר שהרב מוויאזין היה מבין אלה שפנו אליו בבקשת עזרה.

בספירה הכללית ברוסיה בשנת 1897 נפקדו בעיירה: 604 נוצרים 234 יהודים. שם היו מקבלים גם תעודות זהוי ואישורים שונים.

### הקהילה

התקיימה קהילה שהתעסקה בעניני הקהל כמו: הזמנת רב, שוחט, חזן, וכן טפול בבית מרחץ. בגבית מס הבשר "קורובקה" שהיה המקור העיקרי להכנסה לקהילה. לידות ופטירות נרשמו ב"אופראווה" – שלטון הקהילה באיליה שאליה השתייכו היהו־דים. מראשי הקהילה שדאגו לצרכי הקהל במסירות, היה ר' חיים משה קפלן ור' בן־ציון שטיין שהיו גם גבאי בית המדרש ושליחי צבור (ש"ץ) בו.

### בתי מדרש

בעיירה היה בית מדרש של מתפללי נוסח אשכנז "מתנגדים" ו"שטיבל" – בית תפילה של חסידי ליובאוויטש – חב"ד. בשנת 1906 נשרף בית המדרש יחד עם מחצית בתי העיירה. מתפללי נוסח אשכנז עברו להתפלל עם חסידי ליובאוויטש, אחרי השריפה הגרו כ־10 משפחות לעיירות הסמוכות ומשפחות אחדות לאמריקה.

### חינוך ותרבות

ילדי העיירה למדו ב"חדר" שנמצא בבית הכנסת, בתקופה



תלמידי ה״חדר״ בוויאזין

האחרונה היו המלמדים בני העיירה: ר׳ חיים הלל ור׳ בן־ציון. ב״חדר״ למדו ילדים וילדות יחד. לעתים היו מזמינים מורה ל״זמן״ קיץ, או חורף ללמד עברית, דקדוק, חשבון והלשון הרוסית. חלק מהנערים שסיימו את הלימודים ב״חדר״ יצאו ללמוד בישיבות וילנה, מיר, ברנוביץ.

העתונים ״היינט״, ״מאָמענט״ מוורשה היו מתקבלים על־ידי מספר חותמים, חוג הקוראים היה הרבה יותר רחב.

ספרים לקריאה היו שואלים מהספריה היהודית באיליה.

### בריאות

עד מלחמת העולם הראשונה לא היה בעיירה רופא ורוקח, בחולים היה מטפל הירשל קופילוביץ ה״רופא״. במקרים קשים פנו לרופא באיליה. בית המרחץ וה״מקוה״ היו גורמים חשובים בשמירת הבריאות וההיגיינה.

### מקורות הפרנסה

הישוב היהודי הוציא פרנסתו בחלקו ממסחר העצים הודות לנהר שבעיירה שדרכו העבירו סוחרי העצים רפסודות לגרמניה, והעסיקו הרבה פועלים שהיו קונים אצל חנוני העיירה. היו גם בעלי מלאכה שונים וסוחרים זעירים שהיו מהלכים לכפרים הסמוכים לשם מסחר. רוב התושבים החזיקו פרה וגן ירקות על יד הבית שהקלו על פרנסתם.

### ר׳ יוסף מזל

גורם חשוב בהתפתחות העיירה היה השתקעותו של ר׳ יוסלה וויאזינער, כפי שנקרא בפי הבריות בראשית המאה ה־19. הוא היה סוחר גדול ומפורסם שעמד בקשרי מסחר עצים עם חו״ל. היו לו משרדים בערים הגדולות ברוסיה וחלק מהתושבים התפרנסו מעסקיו.

במלחמת נפוליון ברוסיה היה אחד הספקים לצבא הרוסי. ר׳

נוער ציוני בוויאזין, ביניהם איסר ריער – משמאל; נחום קפלן – באמצע



יוסף מזל היה איש מלומד ומשכיל. בעל ספרייה פרטית עשירה, מלבד ספרי דת ותלמוד, היו בה גם ספרי מדע, פילוסופיה, מתמטיקה ואסטרונומיה. המשכיל המלומד והמפורסם הגאון ר' מנשה איליאר, שבצעירותו ביקר אצל הגאון מוילנה, היה בא לוויאזין לעיין בספרי המדע ובפילוסופיה שבספריית מזל.

אחרי פטירתו של מזל הועברה הספרייה ע"י יורשיו, לפטר־בורג ומוסקבה.

## מלחמת העולם הראשונה–1914

עם התקדמות הגרמנים לשטחי רוסיה בשנת 1915 הגיעה חזית המלחמה כמעט על יד העיירה. הישוב היהודי סבל מאד ביחוד מהקוזקים שהיו מכים ושודדים. חלק מהתושבים עזבו את העיירה ועברו למינסק. הנשארים התפרנסו בקושי.

## הכיבוש הפולני

עם הכיבוש הפולני, בא לעזרת העיירה שהיתה עניה ומדולדלת. ה"ג'וינט" מאמריקה. באמצעות מר יעקב ריער בן־העיירה, שבא בתור קפטן אמריקאי מטעם ה"ג'וינט" ועזר למשפחות אחדות להגר לארצות הברית.

בימי השלטון הפולני לא שבעו נחת היהודים ביחוד עקב הנגישות של הפולנים ובשל החרם המסחרי שהוכרז על היהודים בפולין.

## בימי השלטון הסובייטי

עם כניסת הסובייטים בשנת 1939 החלו השלטונות לחלק חלקות אדמה, מאדמת בעל האחוזה גיצֶביטש לתושבים. גם היהודים קבלו אדמה שעיבדו והתפרנסו ממנה.

## הכיבוש הגרמני

הגרמנים נכנסו לעיירה מצד וילייקה. עוד לפני כניסת הגרמנים, התפרעו הגויים המקומיים והכפריים, הכו ובזזו מהיהודים ומבתיהם מכל הבא לידם. היהודים עזבו בתיהם, נמלטו והסתתרו בשדות וביער. רק לפנות ערב היו חוזרים לבתיהם השדודים. משפחות אחדות נמלטו לוילייקה – ביניהן משפחת ריער, וגם לאיליה. בלילה הראשון עם כניסת הגרמנים נורו על ידם על יד הנהר, הסנדלר אפרים גוטליבוביץ והחייט פייבל בן משה אהרן קונטורוביץ. ימים קשים ומרים באו על התושבים היהודים. הם נדרשו לספק לגרמנים חפצים שונים, בגדים, נעליים, שעונים, כסף וזהב. המשטרה שהיתה מורכבת מבילורוסים ופולנים, התאכזרו ליהודים, לקחו את היהודים לעבודות כפיה גסות ומפרכות, הכו, רצחו והתעללו בהם.

כך נרצחו ר' חיים משה קפלן וחתנו משה שלמה לוין בביתם ע"י השוטרים הבילורוסים ונקברו ע"י המשפחה בחצר ביתם.

## השחיטה

ביוני 1942 הוקפה העיירה ע"י הגרמנים, אספו את היהודים הנשארים כ־60 נפשות, הובילו אותן לכוון וילייקה. בדרך ניסה חלק מהם להמלט, אולם לא הצליח ונורה. השאר נאספו והובאו בחזרה לעיירה. נכלאו ברפת של ר' חיים הלל ווישניאק ושם נורו. למחרת היום נקברו בחצר ע"י הגויים.

הניה ברמן, בעלה ושני ילדיהם נפצעו ושכבו תחת גופות הנרצחים ונשארו בחיים, אחרי שהרוצחים יצאו מהרפת והיו בטוחים שכולם הומתו, התאוששו ונחלצו מערמת הנרצחים עלו והסתתרו בשחת שבעלית הרפת. גוי מקומי שבא לרשת את בגדיהם של ההרוגים, גילה אותם ומסר את הנשארים בחיים לידי הרוצחים. הם נורו מיד במקום.

ביום השחיטה, התחבאו 10 נפשות בבור שנכרה תחת הריצפה אצל משה שלמה לוין ביניהם שלמה איטקינד ומשפחתו, בת הרב מוויאזין, לייבה פרידמן ובנו, בת אפרים גוטליבוביץ ובניה, בעלה של בתיה הוברמן עם ילד בן שלש. למחרת נכנס גוי לדירה לשם ביזת החפצים הנותרים, וכאשר שמע קול ילד בוכה הלך ומסר למשטרה, הוציאום ממקום הסתר שלהם הפשיטום בגדיהם, העמידום על ברכיהם ערומים והכו עד שהגיעו אנשי הגסטאפו מוילייקה ורצחום במקום. קברו אותם בחצר הבית. ינקום ה' דמם.

יוסף זאבי

## שארית הפליטה

שארית הפליטה מוויאזין שנשארו בחיים הם:

חיה לוין בת ר' חיים משה קפלן, בנה ובתה – חיים בארץ ישראל.

פרומה קפלן כלתה בנה ובתה – חיים בארץ ישראל.

מֶרקֶה בת הירשל הנפח.

הבן והבת של הרב ר' יוסף קלצקין – חיים ברוסיה

בן־ציון ברמן – חי בשוודיה.

אלקה הבת של בתיה גוטליבוביץ – חיה ברוסיה.

דינה אלפרוביץ ובנה – חיים בארצות הברית.

הרב ר' רפאל שטיין – חי בארצות הברית.

הרב ר' שמואל שטיין – חי בקנדה.





אל מלא רחמים דיין אלמנות ואבי יתומים אל נא תחשה להתאפק
לדם ישראל שנשפך כמים תן מנוחה נכונה על כנפי השכינה
במעלות קדושים וטהורים כזוהר הרקיע מזהירים את נשמותיהם
של אחינו ואחיותנו בני ווילייקה והסביבה היקרים שנהרגו ושנשחטו
שנשרפו ושנטבעו שנחנקו ושנקברו חיים כלם קדושים וטהורים
ביניהם גדולי תורה גאונים וצדיקים שמסרו את נפשם על
קידוש השם בגן עדן תהא מנוחתם לכן בעל הרחמים יצרור
בצרור החיים את נשמותם ה הוא נחלתם ויזכור לנו עקדתם
ותעמוד לנו זכותם ארץ אל תכסי דמם ואל יהי מקום לזעקתם
בזכותם נדחי ישראל ישובו לאחוזתם והקדושים לזכרון
תמיד נגד ה צדקתם יבואו שלום וינוחו על משכבותם
ונאמר אמן

ימי זכרון (יארצייט) לקהילת ווילייקה המחוזית

י"ז בתמוז תש"א

ה ו מנחם אב תש"א

יד אדר - פורים תש"ב

מִי יִתֵּן רֹאשִׁי מַיִם
וְעֵינִי מְקוֹר דִּמְעָה,
וְאֶבְכֶּה יוֹמָם וָלַיְלָה
אֵת חַלְלֵי בַת עַמִּי.

ירמיהו ח, כג



הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו

אברמוביץ ישראל-אליהו, אשתו מינה, בניהם: ראובן (נפל במלחמה), אברהם-יצחק, ברל, ובתם רחל.
אברמוביץ לייב
איוויאנסקי בוריס, אשתו סוניה בת ר׳ לייב באלשינסקי, בנם משה
איידלמן ישעיהו (נספה בכלא ברוסיה)
אלפרוביץ ברוך, אבא של חינה רטנר
אלפרוביץ זונדל, אשתו מנוחה, בנותיהם: צפורה, קלרה ועוד ילדים
אלפרוביץ יוסף, אשתו רחל, בנותיהם דוסיה ונחמה
אלפרוביץ משה, אשתו גיטל, בנם נחום, בתם נחמה
אלפרוביץ קופל, בניו: אהרון, ברוך
אלפרוביץ צבי, בן ר׳ קופל, אשתו פליה, בתם חיליה
אלפרוביץ רודה, חמותו של ר׳ אליהו-יוסף טייץ
אלפרוביץ שלום, אשתו שרה, בתם חוה, בעלה ובנם
אלפרוביץ ברטה, אחיותיה: ציפה ורבקה
אסטרמן אהרון, בנותיו: דובה ובעלה וחינה ובעלה
אסטרמן מאיר, אשתו דבושה, בנם מלך, בנותיהם: פייגל ולאה
אפשטין בנימין, אשתו מלכה, בתה סוניה מרגולין
אפשטין ברוך מרדכי, אשתו רחל
אפשטין יצחק, בן ר׳ ברוך-מרדכי, אשתו צילה וילדיהם
אפשטין אלכסנדר, בן ר׳ לייב, אשתו יהודית, בנם אריה ועוד בן
אפשטין אהרון, בן ר׳ לייב, אשתו צרטיל, בנם מרדכי-אריה
אפשטין בוניה, ובתה צילה (נספו במחנה דכאו)
אקמן שמואל, אשתו לאה

בונימוביץ מרל, אלמנת ר׳ שמואל
בורשטין נחמה, בת ר׳ שמואל לוין, בעלה אריה ובתם אלינקע (נספו בוילנה)
בזפרוזבני יצחק-מאיר, אשתו אשקה, בתם מלכה ובעלה חיים
בזפרוזבני לייב (נפל במלחמה)
ביקלס רחל, בת ר׳ ש״ח דובין, בעלה יעקב (נספו בורשה)
בכרך דוד, אשתו תרצה בת ר׳ ישראל קופילוביץ, בנם ישראל, בתם מרים
בלינדר צבי
בליצשטין ד״ר

בלכר אברהם-משה, אשתו רחל-חנה, בנם אלטר (נפטר ברוסיה) בתם שרה
בקמן לאה, בתה עטקה
ברמן גיטל, בניה: משה (נפל במלחמה), אהרון, מרדכי, שמואל
ברנובסקי וולף, אשתו חוה-ביינה, אמא שרה-עטע, בנם משה, בנותיהם: רשקה, צפורה ועוד ילדים
ברקוביץ אייזיק, אשתו דריזה, בנם: יוסף-לייב בתם פסיה
ברקוביץ אברהם, בן ר׳ אייזיק ואשתו
ברשאי, אשתו ובנם
גוטמן בנימין, אשתו שרה-רייזל
גוטמן ליפמן, אשתו חיה, בנותיהם: בתיה ומרים
גוטקין קלמן, בתו רוניה
גוטקין שמואל, בן ר׳ קלמן ואשתו אסתר
גולדברג יצחק, אשתו דבורה, בניהם: משה, אברהם ועוד ילדים
גולדנברג דורה, ממשפ׳ ר׳ ישראל-בער, בעלה ובתם בתיה (נספו בקובנה)
גולוב אהרון, אשתו רחל-לאה, בנם שמעון, בנותיהם: חסיה, עטל, ציפה
גולוב מאשה, בנה יוסף-חיים
גולוב מיכאל (נפטר ברוסיה), אשתו דישה, בניהם: מרדכי, יהושע, בנותיהם: רבקה, רחל ושרה
גולוב יעקב, בן ר׳ מיכאל, אשתו ובניהם
גולוב נחמן, בן ר׳ מיכאל, אשתו וילדיהם
גולוב מיכאל, אשתו חיה-גיטה בת ר׳ שלמה-חיים נורמן, בנם דוד ובתם חנה
גולומב ברוך, אשתו בתיה בת ר׳ ישעיהו אידלמן, בתם יהודית (נספו בוילנה)
גולקוביץ אריה, אשתו בלה בניהם: מיכאל ואלעזר בתם לאה
גורביץ ברוך, אשתו שרה ממשפ׳ קוגל ובנותיהם
גורביץ יצחק-מנדל, אשתו אסתר, בתם סוניה
גורביץ ישראל-בער, אשתו שרה-פיגה, בנותיהם: גולדה, אסתר, רייזל, בנם לייבע
גורביץ נחום, בן ר׳ ישראל-בער, אשתו רבקה, בניהם: אברהם, יוסף
גורביץ לאה
גורביץ משה (מוילנה), אשתו ובנותיהם
גורביץ פייווע, אשתו פייגל, בת ר׳ יעקב קופילוביץ, בנם יעקב, בתם רחל

